# ספר רדזין

## יזכור־בוך

כינס וערך

**יצחק זיגלמן**

המערכת: י. אבי־ערה, ב. בורשטין, מ. גוטסדינר, ל. וינדרבוים,
י. לוסט, א. לזר, א. דבילק (טורונטו), מ. ליכטנשטיין (ניו־יורק)

# ראדזינער יזכור־בוך

געזאַמלט און רעדאַגירט דורך **יצחק זיגלמאַן**

הוצא על־ידי ועד יוצאי רדזין (פודלסקי) בישראל
אַרויסגעגעבן דורכן ראדזינער לאנדסלייט־קאָמיטעט אין ישראל
— תל־אביב 1957 —

יצחק זיגלמן

# יד לעיירה

עוד בטרם פסקו רעמי התותחים של מלחמת העולם השנייה; עוד מתינו מוטלים היו לפנינו בערמות טרבלינקי ואושוויינצ'ים — קמו הרצון והתביעה הפנימית לרשום ולזכור את מאורעות הזוועה שעברו עלינו, והם הגדולים ביותר בדברי ימי המארטירולוגיה שלנו כבדברי ימי האנושות כולה.

וכבר בימים ההם קמה ההחלטה ואחזה בכל מעמקי ישותנו — להציב יד לעיירה; להציב יד ליהודינו, לקרובינו ולשארי בשרנו; להוציא־לפועל את צוואותיהם.

והצוואות מוחשות ביותר היו: הנה הגיעתנו צוואת־אם, שנאמרה לבני־הבית, בעלות המוות בחלונים: „התפזרו והצילו נפשותיכם, אולי יוכל אחד מכם להגיע לחוף מבטחים ולספר על ה„בלתי אפשרי" — למען יירשם הדבר לדראון עולם" — והפליט הגיע...

והנה צוואה מידיד נעורים, אשר נחשפה עם ארגזי הזיכרונות של ארכיון רינגלבלום — ומופנית היא לכלל ולפרט...

ולכל אשר פנינו — הרגשנו באותם זוגות העיניים, אשר ברגעיהם האחרונים של כיליונם, אם באפלולית תא־הגז ואם מתחת רגבי האדמה של קברות אנשים חיים, ביקשו והתחננו: הציבו לנו יד...

וניגשתי למלאכה. היתה זאת עבודת כינוס ולקיטה, ניפוי ועריכה. גביית עדות מפי ניצולים והעלאת דבריהם של אחרים על גבי הכתב, כשהיה צורך בכך... גם מציאת תמונות ותיאומן למסופר — לא מן הדברים המיותרים היו.

אך חשיבות מיוחדת נודעת לספר על היותו פרי יצירה קולקטיבית. כי כרבות השתתפותם של רושמי הרשימות כן הרבו למצוא ביטוים כל רעיון וכל ייחוד אישי; כן גדל היקף הפרטים והמאורעות שהוארו. והמשתתפים — מהם מנוסים במשיכת עט סופרים ומהם, אשר קצרה ידם אף להעלות את סיפוריהם על הכתב. אך דווקא אלה האחרונים, רובם מעורבים היו בעצמם ובגופם במאורעות התופת — ורשימותיהם נרשמו בתמצית דמם. אכן, נרשמה על־ידיהם עדות מזעזעת של מראות חנק וסקילה; נשמעו מהן, מרשימותיהם, הדים ברורים עד לזוועה של פירפורי המוות, שלהם עצמם או של קרוביהם.

ונועד, על כן, ספר זה להיות מצבה שבכתב לעיר מוצאנו המפוארת, בה נחרתו מעשי הפלצות, שעולל לנו העמלקי החדש; בה ניתנו תאריכי מיתות וחנק

וציון קבר ואפר; בה נחשפו הייסורים ופירפורי המוות, אשר עברו על אחינו בימיהם ובשעותיהם האחרונים. זאת ועוד: בשבילנו יהיה הספר גם בחינת עשיית החסד האחרון עם יהודי עיירתנו.

---

אך לא על החורבן והכיליון בלבד יסופר בספר זה, כי אם גם על חיים מפכים בעבר הרחוק והקרוב. אכן, נועד ספר זה לשמש מונוגרפיה על רדזין. יסופר בו על דורות שהיו בה בימים עברו ועד התקופה האחרונה; על יהודים יראי־שמים ומחפשי תיקון; על חסידים וחסידות ועל מחלוקות לשם שמים; על תנועות מהפכניות, בהן נסחפו בזרם אדיר מיטב בחורינו, שאך תמול חבשו את ספסלי בית המדרש; על תסיסת גאולה, שאחזה בהמוני בני הנעורים, שקצה נפשם בחיי הניוון הגלותיים; על נדידות למדינות הים ועל חיים חדשים במולדת.

---

ולא נותקה השלשלת... שרידי העם מתלקטים מחדש — והעצמות היבשות קמות לתחייה. מתגבשים מרכזים חדשים ובראשם המרכז הטבעי הגדול, בו מצאה את חוף־מבטחיה מרבית שארית הפליטה — ישראל. ולא ייפלא, על כן, כי בה הוקם לעיירה גם היד־והשם.

חיפה 1957



קבר אחים לקדושים מרדזין בגיטו מזריץ'
ברודער־קבר פון ראַדזינער קדושים אין מעזריטשער געטאָ

מאיר סעגאַל (ניו־יאָרק)

## היילִיק צו גאָט

טרויעריק־שיין צעברענט די שקיעה־דיקע זון
אויף די אָוונטיקע ביימער.
פייגל באַוועגן זיך שווער נאָענט צו דער ערד
און טונקלען צווישן מנחה־מעריב.

זעלנער דורך דער שטאָט איילן דורך
מיט ווערגענער און צוגעבונדענע אַקסן, —
פון קאַכיקע קעסלען ציט דעמפיקע פּאַרע
פון געקעכצן און פאַרברענטע קאַרטעס.
אויף ווערגענער ציטערן מעסערס,
פּיקעס בלאַנקען שאַרף, טרויעריק אין דער שקיעה־דיקער זון.

יידן געבויגענע גייען צו מנחה, גייען צו מעריב.
פון ווערגענער שפּרינגען זעלנער. —
בייטשן שווישטשען, מעסערס בלוטיקן אין הענט,
מעסערס מיט זון שניידן בערד, צעבלוטיקן בלאַסע געזיכטער.
יידן ביי שטאָטישע הייזער פאַלן טונקל
צווישן מנחה־מעריב — היילִיק צו גאָט...

מענדל ליכטנשטיין (ניו־יאָרק)

## ראַדזין

אויף דער אייראָפּעאישער לאַנדקאַרטע געפינט זיך א לאַנד „פּוילן", און דאָרטן געפינען זיך שטעט און שטעטלעך א וועלט — אונטער יעדן נאָמען א פּינטעלע, אויך מיט אזא פּינטעלע איז אונזער ראַדזין באַצייכנט.

איבער די פלאַכקייטן פון פּאָדלאַשע, צווישן וועלדער און אומענדלעכע אויסגעשפּרייטע פעלדער שלענגלט זיך א טייכל, און אומבאַדייטנדיקס. זומער בלייבט דאָפון קיין שריד־ופליט נישט, אָבער אויף איין אָרט גרויסט עס זיך און

עס זעט זיך אָן — דאָרט ווו עס פאַרקירעוועט זיך צום ראַנד פון שטעטל ראַדזין. נישט אומזיסט האָט דער „ערשטער ראַדזינער”, מיט וויפל הונדערטער יאָרן צוריק, געפונען דאָרט דאָס פּאַסיקסטע אָרט זיך צו באַזעצן.

אויסערלעך איז דאָס שטעטל געווען ווי אַלע שטעטלעך. עס האָט נישט מער אויסגעזען ווי אַ שפּינען־געוועב־פלעק אין אַ ווינקל פון ערגעץ אַ וואַנט. אָבער דערפאַר מיט אינערלעכע באַזונדערקייט און ספּעציפישעס אייגנאַרטיקייט האָט זיך ראַדזין געלאָזט פילן, אַז זי איז יחוסדיק, אַריסטאָקראַטיש און זייער שעצבאַר. איז דערפאַר אפשר האָט ראַדזין שטענדיק זוכה געווען צו זיין אַ צענטער (אַ פּאָוויאַט) ?

ווי אַלט איז ראַדזין ווייסן מיר נישט. מיר געדענקען זקנים גרוי־אַלטע, וועלכע זענען אין שטעטל געבוירן געוואָרן — און די זקנים געדענקען פון זייער קינדהייט אויך אַזעלכע... און אַזוי גייט עס. דער פּאַלאַץ אין שטעטל דערציילט אַליין אויך געבוג וועגן איר גרויע אַלטקייט; אַ פּאַלאַץ אין ראָקאָקאָ סטיל, געבויט זיכער אין 17־טן יאָרהונדערט. ס׳ווערט דערציילט, אַז ווען דער אַרכי־טעקט האָט זיין בויען פאַרענדיקט, האָט מען אים גלייך די אויגן אויסגעשטאָכן, אַז ער זאָל מער אַזאַ שיינעם שלאָס נישט מאַכן. ראַדזין שטאָלצירט און רימט זיך דערמיט; נאָר אַזאַ שיין שטעטל מיט אַזוי פיל ראָמאַנטיק קאָן זיך פאַרגינען אַזאַ לעגענדע אויסצוטראַכטן...

מיר ייִדן האָבן אויך אַ ביסל אייגענע ראָמאַנטיק געהאַט. די שול איז געשטאַנען ביים ראַנד פון דער שטאָט, אַז לעבעדיקע זאָלן זיך נישט דערשרעקן, ווען די נשמות וואַנדערן ביינאַכט פון די פעלדער אין שול אַריין; דאָס בית־המדרש, דער בית העם, ווו מען האָט געלערנט, דעבאַטירט און געחלומט, דאָרט ווו יעדער האָט שטילערהייט צום ערשטן באַקומען דעם דראַנג צום וויסן און צו ווערן וועלט־מענטשן; דעם רבינס הויף מיט זיין פאַרנעם און יום־טובדיקייט — אַן אמתע ייִדישע מלוכה אין מיניאַטור. און ערשט די אַלע באַזונדערע טיפּן, וועלכע זענען אָפּגעשטאָרבן און פאַרטיליקט געוואָרן!...

ראַדזין, אונזער טייער שטעטעלע, דיך קאָן מען קיינמאָל נישט פאַרגעסן. און ווען מיר דערמאָנען זיך אין דיר, שטאָלצירן מיר, אַז מיר זענען געווען ראַדזינער.

אבא דאַנילאָק (טאָראָנטאָ)

# מ״ין שטעטל

ווי פונעם נעפּלדיקן, גרויען פרימאָרגן
פּיקט זיך די זון אויס אין גין־גאָלד צעשטראַלט
אין מיין זכרון, ווו יאָרנד פאַרבאָרגן,
טויכסטו אויף אין דיין פּיל־פאַרביקן געשטאַלט.

איבער שמאָלע, געשלענגלטע גאַסן
הייזלעך געבויגן פון אַלטקייט און גרוי ;
טוליען זיך אונטער געדריקטע משא׳ן
פון מאָך־געדעקטן שינדל און שטרוי.

דיינע דריי מאַרקן מיט טומאה׳ס צעלייגטע
— עדות פון הערשאַפט צעטיילטע און שטרייט —
פון רוס און פּאָל און יידישן מסחר צעצווייגטע
הונדערטער יאָרן געלעבט זייט ביי זייט.

כ׳זע דיך אין גאָלדענעם זומער־באַגינען ;
אויבן געוועלבט דער הימל אין בלאַס־בלוי.
נאַכטיקע חלומות, איבערוועלטיק געשפינען,
ליגן צעוואָרפן אין פּערלדיקן טוי.

גופים צעדרויבטע, פארזויערטע פנימ׳ער —
ס׳וועקט דער טאָג צום נייעם זאָרג און לעבן
ווער צום ברונעם נאָך וואַסער שפּאַנט מיטן עמער,
ווער צום שול מיטן טלית גאָט׳ס שבח צו געבן.

מיט תבואה, פויערישן פּראָדוקט געלאָדן
פורן און פערד די מאַרקן זיי רינגען ;
פאַר׳מוח׳טע שטערנס, פאַרמעליקטע יידן
דעם מקח זיי שטעלן, קנייטשן זיך, דינגען.

ווייבער צעדריבלטע, קלייד און פאַרטוך צעשמאָלצן,
פון דאגות דאָס פּנים צעריינצלט און הויט
קלייטן צעפּראַלן פון הערינג און זאַלצן
און צוקער — דאָס פויערישע טעגלעכע ברויט.

האָראָפּאַשניקעס, בעלי־מלאכות,
ייִד און גוי פון דורות שיכן, באַקליידן,
נאָדל און האַמער — זייערע מערכות
און זיי פאַרזינגען זייער צער און פריידן.

אָרעם, געמאַטערט לעבן, ווי דער גורל באַשלאָסן
האָט פאַר מאַן און פרוי און קינד און קייט;
ס׳שרעקט דער מאָרגן, פרנסה — אַ שווערער ביסן —
זאָרג פאַר חיונה, מלבוש און ברויט.

—*—

זומער אָוונט, ווי כביכול מיטן פּענזל באַרירטן,
נדיבותדיק הויפן פון צויבער צעוואָרפן, צעשאָטן
אין חלל, אין ימ׳ען פון ליכט פּריזם־קאָלירטן
טובל׳ט דער טאָג זיך, פאַרזינקט אין שאָטן.

אין גהינום׳שן פייער אויפן הימל־ראַנד
טוקט די זון זיך צונטער־רויט, טוקט, פאַרגייט.
אויף דער טומאה צלם־שפּיץ גליט אין בראַנד
אין פלאַם: שרעקט מיט אַנגסט, מיט מיטלאַלטער צייט...

גלין־גלאָן, גלין־גלאָן, דער גלאָק זיך צעברומט:
פינצטערע שאָטנס, זע, שפּרייטן זיך אין רוים
און ביז דער לעצטער גלאָק־קלאַנג פאַרשטומט
הימל און ערד — אַ שוואַרצער תהום!

פון בית־עולם, האַרט ביים טייכל, גייסטער שרעקן
פון אָפענע קברים; פראָשן קוואַקען, גרילצן גרילן
— דריטלענדע כחות צום לעבן זיך וועקן
פון גויאישער גאַס — הייזעריק הינטיש בילן.

משפחות אין שטיבלעך פון ד׳-על-ד׳ צעלייגט
אין לופט געדעמפטע פון שווייס פון געשטאַנק;
אין בעט טאַטע-מאַמע מיטן עופעלע וואָס זייגט
די איבעריקע אויף שטרוי, אויפן שלאָפבאַנק.

שפינען חלומות פון וועלטן פאַרהוילן,
פון צויבער און גאָלד, פון פרינץ און פרינצעסין;
אויס מיטן דלות, קליידער לרוב, שיך מיט זוילן,
מינץ אין די הויפנס און זאַט צו דערעסן...

—.—

בתי-מדרש, חסידים-שטיבלעך דיך רינגען
— עדות פון יידישן אויסדויער און סוד —
דאָרט זייער צער און וויי פון דורות יידן אויסזינגען
אין תורה און תפילה צום כסא הכבוד.

וויגעלע פון תכלית, פון חסידים געשעצט,
טאַטעס געגרויסט זיך, געהיטן געטריי;
חכמה און תורה און יחוס געזעצטע
זייער אָרט פאַרנומען האָבן מיט כבוד, אָבשיי.



הרבי מרדכי יוסף אלעזר
הרבי מרדזין, בנו של גרשון-חנוך,
בעל התכלת

ל. וינדרבוים (תל־אביב)

# הקהילה היהודית ברדזין

עד שנת 1928, עשר שנים לאחר תקומתה המדינית של פולין, לא הייתה הקהילה היהודית ברדזין בחינת נציגות יהודית חוקית. אנשי „בעלי דעה" שונים, אשר לרוב היו ממונים לכך על ידי השלטונות, היו מטפלים בענייני הציבור ללא כל בקורת הכלל. הבחירות הדמוקרטיות הראשונות לקהילה היהודית בעיר התקיימו בשנת 1928, על סמך התחיקה הפולנית החדשה. הבחירות היו חופשיות ויחסיות, כלכל מוסד ממלכתי נבחר, ועוררו גל של הרגשות שמחה ותקווה, בייחוד בחוגים הלאומיים בעיר; חוגים אלו ראו בבחירות גרעין של אוטונומיה לאומית ושל חיים לאומיים מחודשים. בראש ועדת הבחירות עמד אז שאול בלומנפלד ז"ל, איש המזרחי.

רוב המפלגות והאגודות בעיר הגישו את רשימותיהן: הציונים הכלליים, החרדים, ה„בונד" ופועלי ציון, בעלי־מלאכה וכו'. נבחרו אז ישראל וינדרבוים ויהושע פינקלשטיין, ישעיהו זילברברג וחיים־יצחק גלרמן, וולוול טננבוים, יואל בוטמן וכן דוד ליכטנשטיין. הועד החדש ניגש לפעולה במרץ מתוך תקווה, כי אפשר יהיה להרחיב את המסגרת בה נתונה היתה הקהילה עד כה; כי אפשר יהיה לטפל בחינוך ותרבות ובעניינים לאומיים וסוציאליים אחרים — אך הממשלה התערבה מיד ולא נתנה לחרוג מן המסגרת הדתית. היא מחקה כל סכום בתקציב, אשר לא היה מיועד למטרה הנ"ל...

עמדה זו של הממשלה גרמה אכזבה מרה לחוגים הלאומיים, „קיצצה את הכנפיים" — ומקומה של ההתלהבות תפשה האדישות הגמורה מצד הציבור לכל פעולותיה של הקהלה. ושוב השתלטו עליה בעלי הדעה־ההמאה מצד אחד ואנשי „הסאנציה" היהודיים (חיקוי בלתי מוצלח ובלתי מובן למפלגה הממשלתית הסנאציונית, כביכול, שקמה בציבוריות הפולנית בשנים ההן) מצד שני. שוב התרוקנה הקהילה היהודית מכל שאיפות לאומיות וסוציאליות ונשארה כאז מוסד להספקת הצרכים הדתיים המינימאליים.

—.—

סעיפי ההכנסה העיקריים של הקהילה היו: הכנסות השחיטה וכן הכנסות ה„אטאט" — מס מיוחד, שהוטל על ידי ועד הקהילה על התושבים היהודיים באישור השילטונות. אכן, החלק הארי של התקציב כוסה על ידי הכנסות השחיטה דווקא.

ההוצאות העיקריות היו: החזקת הרב (הרב חיים פרין ז"ל), השוחטים המנקר ועוד כמה מקבלי משכורת; הוצאות החזקת בתי־הכנסת ובית העלמין;

וכן היו ההוצאות האדמיניסטראטיביות ונוסף עליהם — מדי פעם — גם הוצאות סוציאליות בלתי רגילות.

מס הקהילה נגבה על ידי ה„מגיסטראט" (העירייה), הואיל וועד הקהילה לא היה רשאי לגבות בעצמו את המס. על כן היו לעתים צרות צרורות. יש וחשקה נפשם של גובי העירייה האנטישמיים לגבות את המס בערב שבת דווקא ולעקל פמוטי־שבת... וקמו התרגזויות... ונאלצו חברי ועד הקהילה לפדות את הפמוטים והחזירם לבעליהם, כדי לא לחלל את קדושת השבת...

יצחק קאַצענעלסאָן

# דאס ליד וועגן ראדזינער

עס רייסן זיך דייטשן אין „שטיבל" אַריין —
מיט ווילדע געשרייען: „דער רבי זאָל גיין!
דער הייליקער רבי... זאָגט יידן אונז אויס —
מיר ווילן אים שיסן, דעם הייליקן בלויז...
איין ייד אָנשטאָט אַלע! ווו איז ער? זאָגט ווו?
אייך לאָזן מיר לעבן, אייך לאָזט מען צורו..."
„ניטאָ אין ראַדזין אים, דעם געטלעכן מאַן..."
„ער איז צווישן אייך דאָ, ביי אייך דאָ פאַראַן!

ער איז פון ראַדזין אין וולאָדאַווע אַוועק"...
די יידן — זיי הויבן די פלייצעס אין שרעק:
„ניטאָ אים דעם רבין ביי אונז, ליבע לייט,
דער רבי איז טויט שוין, שוין טויט פון אַ צייט.
ר'איז אַלט שוין געוועזן, ניטאָ אים שוין מער..."
„מיר ווילן דעם יונגן! דעם יונגן אַהער!
דעם רבין דעם יונגן, איר ברענגט אים און גלייך
און שטעלט איר ניט צו אים — דערשיסן מיר אייך!"

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס קומען ידיעות: לובלין ווערט פאַרלענדט!
דער רבי הויבט אויף און פאַרברעכט זיינע הענט.
לובלין, די אַלט־יידישע, הייליקע שטאָט —
לובלין — זי גייט אונטער... אַ, ראַטעווע, גאָט!

עס קומען ידיעות — עס גליווערט דאָס בלוט —
וואָס טוט מען? ער ווייסט ניט אַליין וואָס מען טוט...
דער רבי, ער שטייט שטאַר אין ווינקל און הערט —
וואָס פון לובלין פון דער יידישער ווערט,
וואָס פון די יידן פון אירע מען מאַכט —
דער רבי, דער רבי: ער שטייט אויף דער וואַך...
עס שמייכלט דער רבי, ער שמייכלט נאָך אַלץ,
דער שמייכל איז ביטער, די טרער איז ווי זאַלץ,
זי קאַפּעט און קאַפּעט — ער ווייסט ניט פון דעם,
זי גנבעט פון אים זיך אַרויס אויף די ברעם,
פון ברעם אויפן באַק, פון באַק אין זיין באָרד —
ער שטייט אַ פאַרגליווערטער, שטייט אויף זיין אָרט
און פלוצלונג — דער רבי שרייט אויס אין געוויין:
רבונו של עולם, איך שטיי ניט אליין!
מיר שטייען דאָך צוויי אויף דער וואַך דאָ... אויך דו
קוקסט צו לובלין זיך פון ווייטנס נאָר צו...
אויך דו מיסט באַהאַלטן ווי איך דאָ... קוקסט אָן —
און קענסט פונקט ווי איך פאַר דיין פאָלק גאָרניט טאָן!...
איך וואַך ניט אַליין דאָ צווישן די ווענט —
דו אויך... און דער רבי פאַרברעכט זיינע הענט.



זעקת הדורות
געוויין פון דורות

צייר
געצייכנט מאנועל ליכטנשטיין

דער רבי צעווײנט זיך... אָ, ווײן ניט, פֿאַרשטעל!
פֿאַרשטעל דיר דאָס פּנים, ניט זען זאָל'ס די וועלט...
די וועלט, אַך די וועלט! די וועלט נעבעך — אַך
זי קען, חס ושלום, פֿאַרשעמט ווערן נאָך
אַ מעשה זיך אָנטאָן, חלילה וחס —
פֿון אָפּטאָן דעם גרויל און פֿון צוזען דעם שפּאַס...
ס'געוויסן קאָן אָנהײבן פּלאָגן איר —איי!
ס'געוויסן, דער וועלטס — נאָר עס האַלט ניט דערבײ...
דײַטשן זײ מאַכן'ס די וועלט קוקט זיך צו —
אָ, ווער פֿון זײ בײדן איז ערגער? זאָג, דו!
נײן, הײב אים דעם קאָפּ ניט דעם שווערן, נײן, נײן!
און זאָל זי ניט הערן, די וועלט, דײַן געוויין!
ניט שפּיגלען אַ שמוציקע זיך אין דײַן טרער,
ז'האָט ליב נביאים, די זינד ליבט זי מער.
עס ווײַסלט איר אויג זיך, דער נפֿש איז שוואַרץ,
זי זינדיקט און קלאַפּט זיך בעת־מעשה אין האַרץ,
און גראָב איז איר טראַכטן און אײדל איר שפּראַך,
אין האַרץ זיבן גרוילן, אין האַנט דער תנ"ך...
אָ, הײב ניט דעם קאָפּ אויף, אָ, הײב אים ניט, נײן!
און זאָל זי ניט זען דיך, די וועלט, ווי דו וויינסט.
די וועלט, אַך, די וועלט... ווער טראַכט פֿון דער וועלט,
ניטאָ, ניט קײן סימן פֿון איר אין געצעלט,
דעם רבי'ס געצעלט לאָזט דערווײַל זי צורו,
ניטאָ דאָרטן קײנער, נאָר גאָט ברוך הוא,
דער רבי, דער רבי — ער האָט זיך צעווײנט,
צעווײנט זיך פֿאַר גאָט און עס איז אים אַלץ אײנס
צי זעט זי די וועלט אים, צי זעט זי אים ניט —
ער לײקנט די וועלט אָפּ, דער נסתר דער ייִד,
ער לײקנט אין איר ווי זי לײקנט זײַן גאָט
פֿאַר וועלכן ער ווײנט יעצט, פֿאַר וועלכן ער האָט
פֿאַרוואָרפֿן דעם שטאַרן, צעווײטאָקטן קאָפּ —
ער הײבט אים פֿאַרצווײפֿלט און לאָזט אים אַראָפּ
ער קען ניט, דער רבי, ניט צוזען גאָטס — פּײַן,
ער קען אים ניט קוקן אין פּנים אַרײַן,

אין פּנים פאַרוואָלקנט, זיין האַרץ פאַרקלעמט —
דער אויבערשטער, נעבעך, ער האָט זיך פאַרשעמט
דער רבי ווײַנט שטילער, מען הערט קוים זיין שטים —
ער האָט, דער ראַדזינער, רחמנות אויף אים
ער ווייַנט — און גאָט שטיקט זיך, הייס, הייס מיט זיין טרער —
און ס׳לאָזט דער ראַדזינער דעם קאָפּ אַראָפּ שווער.



הרבי שלמה׳לע, הרבי האחרון של השושלת הרדזינאית — שני משמאל
דער לעצטער ראַדזינער רבי — דער צווייטער פון לינקס

בנציון (יונה) בורשטין (רמת־גן)

# מיין שטעטעלע ראדזין

## 1. גאסן און געביידעס

פון דעם ברייטן וועג, וועלכער פירט פון ווארשע קיין בריסק צווייגט זיך אויס א זייטיקער שאסיי, וועלכער פירט אריין אין דעם שטעטעלע ראדזין, אדער ראדין, אויף רוסיש. דאס שטעטעלע איז א קליינס. בסך הכל ניין הונדערט יידישע משפחות און א פאר הונדערט פוילישע משפחות, וועלכע האבן געוווינט אין די פעריפעריע פון דער שטאט און ארומגענומען די יידישע גאסן אזוי ווי מיט אן אייזערנער רייף. דאס שטעטעלע האט נישט פארמאגט קיין אייגענע באן־סטאציע, נאר זיבן קילאמעטער ווייט פון דער שטאט געפינט זיך א באן־סטאציע מיטן נאמען „בעדלנא", לויט דעם נאמען פון דארף, וווּ זי געפינט זיך. לויט דער ווערסיע, וואס עלטערע יידן האבן איבערגעגעבן, האבן די רוסישע באן־אינזשיניערן פארלאנגט פון דער שטאטישער באפעלקערונג „כאבאר" פארן צופירן די סטאציע נאענט צו דער שטאט און אזוי ווי די יידן האבן זיך דערויף נישט געקאנט דערלויבן, האבן זיי צו להכעיס פאררוקט די סטאציע ווייט פון שטאט.

ראדזין איז געווען קליין נישט בלויז וועגן די צאל פון באפעלקערונג, נאר אויך דאס אויסערלעכע אויסזען אירס איז געווען ווי אלע קליינע פוילישע שטעטלעך שמאלע און קליינע גאסן — א גרויסער טייל נישט ברוקירטע ; דער גרעסטער טייל פון קליינע איינשטאקיקע האלצענע הייזלעך מיט שינדל באדעקטע דעכער. די איינציקע גאס ראויה לשמה איז געווען די אסטראוויעצקא, וועלכע האט שוין פארמאגט אין איר גרעסטן טייל געמויערטע הייזער, און האט אויך געדינט אלס שפאציר־ארט, ספעציעל פאר די יינגע פארליבטע פארלעך.

די שול איז געווען זייער אן אלטע — לויט די פאלקס־ווערסיע פון צווי ביז דריי הונדערט יאר — און איז געווען געבויט מיט אן אלטערטימלעכן סטיל. א גרויסער פאליש פון פארנט ביים איינגאנג. אין דעם פאליש זענען נאך פארבליבן צייכנס פון די קייטן, וועלכע האבן געדינט אלס „קוניע" (קוני) צו וועלכע מען האט צוגעבונדן די, וועלכע האבן זיך פארזינדיקט און באקומען מלקות. ביי א הארבערע שטראף פלעגט אויך יעדער אדורכגייער צום דאווענען, אדער צוריק, דארפן אים שפייען אין פנים אריין. די גאנץ גרויסע „פארברעכער" פלעגט מען ביים שלאגן די מלקות ארויפלייגן אויך אויפן טהרה־ברעט, ווי וועלנדיק דערמיט באווייזן, אז דאס ארט פון דעם מענטש וואלט שוין באדארפן זיין אט אויף דעם ארט. נאך א ציל האט געהאט דאס ארויפלייגן אויף דעם ברעט, כדי דער זינדיקער זאל זיך דערמאנען אין דעם טויט און דאדורך חוזר בתשובה זיין...

א גרויס היסטאריש־מוזעאלישן ווערט האָט געהאַט דער אָרון הקודש, וועלכער איז געווען איינער פון די עלטסטע און שענסטע אין פוילן. ער האָט באדעקט די גאנצע הויך פון דער מזרח־וואנט און איז געווען באפוצט מיט ווונדערלעך שיינע אויסשניצונגען פון פרוכטן און פויגל, פון קינסטלערישן ווערט. שפעטער, ווען עס זענען געקומען „אינטעליגענטע״ דאַזאַרעס און ראשי הקהל, האָבן זיי אראָפּגעבראָכן א מאָלער אויפצופרישן דעם אָרון הקודש, וועלכער האָט דאָס געמאכט „בשלימות״ און דורך דעם האָט טאקע דער אָרון הקודש אָנגעווירן זיין אלטערטימלעך־היסטאָרישן ווערט...

נאָך א ריי פון געביידעס פון גרויסער היסטאָרישער באדייטונג האָבן זיך געפונען אין דער שטאָט, נאָר זיי האָבן זיך שוין נישט אָנגעהערט צו דעם יידישן טייל פון דער שטאָט און כאָטש מען האָט זיי — צוליב זייער גרויסן פארנעם און הויכע טורעמס — געקאָנט זען אין דער גאנצער שטאָט, זענען זיי דאָך געווען פארהילט אין א לעגענדאַרישן נעפּל און שלייער. דאָס איז דער שלאָס פון ראדזינער פריץ שלובאָווסקי. דער שלאָס, און אויך זיין אייגנטימער, זענען געווען ארומגעהילט אין א לעגענדאַרן מאנטל. דער אייגנטימער איז געווען קינדערלאָז און האָט אויך נישט געהאַט קיין שום שליאַכטשיץ־טיטל פון גראף אָדער כראַביע, נאָר מען האָט אים איינפאַך גערופן: פּאַן שלובאָווסקי. געווען איז ער זייער רייך, איינער פון די רייכסטע גוט־באַזיצער אין קאָנגרעס פוילן. ער האָט פארמאָגט פיל פעלדער, וועלדער און סטאַוועס און אויך אייניקע דערפער מיט פּאַראָבקעס (ארבעטער־שקלאפן). צו דעם אלעמען איז ער געווען באַרימט אלס קאַרגער און א לאָמער דערצו. נאַטירלעך, אזוי ווי אלע פריצים, איז ער געווען ארומגערינגלט מיט „זיינע״ יידן, וועלכע האָבן ביי אים אָפּגעקויפט זיינע וועלדער, תבואות און בהמות און דאדורך געווען זיינע שטענדיקע איינגייער און ביי אים נישט שלעכט פארדינט. אָבער, ווי די יידן פלעגן איבערגעבן, זענען די פארדינסטן ביי אים געווען תמיד דורך אונטערוועגן... ווייל צוליב זיין קאַרגשאַפט, האָט ער אויפן גלייכן וועג אויף קיינספאל נישט געקאָנט געבן צו פארדינען.

די שטענדיקע איינגייער פון שלובאָווסקין פלעגן איבערגעבן פיל סודותדיקע ידיעות וועגן אים און זיין אָפּשטאַם, ווי אויך פון זיין פּאַלאַץ. זיי פלעגן שטענדיק דערציילן וועגן זיין אָפּגעשלאָסענעם כאַראַקטער, שטענדיק פארטיפט און פארשלאָסן און אויך אז אין זיין פּאַלאַץ געפינט זיך אן אָפּגעשלאָסענער זאַל, אין וועלכן קיינער קומט דאָרט נישט אריין; זיי זענען אָפּגעשלאָסן אויך פאַר זיינע נאָענטע פריינט — די פריצים. כלערליי השערות און לעגענדעס זענען איבער דעם ארומ־געגאַנגען. צווישן אנדערע האָט מען דערציילט, אז דאָס זענען ערטער, וווּ עס האַלטן זיך אויף שדים און טויטע נשמות. די צוויי מערקווירדיקע הייזער — די שול און להבדיל שלובאָווסקיס פּאַלאַץ — געדענק איך, פלעגן מיר אין מיינע

קינדער־יאָרן אָנגעוואָרפן דעם זעלבן פחד: אין דער שול, פלעגט מען זאָגן, טאָר מען נישט אדורכגיין ביינאכט, ווייל די טויטע פאַרזאַמלען זיך יעדן אָוונט, כדי צו דאַווענען מיט מנין און דער אדורכגייער קאָן אַמאָל אויפגערופן ווערן דורך זיי צו אַן עליה און דער מענטש מוז שוין אין דער זעלבער וואָך שטאַרבן... דאָס זעלבע געפיל האָב איך אויך געהאַט אדורכגייענדיק דורך שלובאָווסקיס פּאַלאַץ, ווי איך האָב שטענדיק געזען אין די הויכע טורעם־פענצטערלעך, וועלכע האָבן געגלאַנצט ביי דער אונטערגייענדיקער זון, שדים און נישט־גוטע. דער אונטערשיד איז נאָר געווען, דאָס אין דער שול האָבן זיך אויפגעהאַלטן יידישע פאַרבלאָנדזשעטע נשמות, וועלכע האָבן געזוכט זייער תיקון און אין דעם שלאָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן



הטירה
הרדזינאית
אפופת
המסתורין

דער סודות־
פולער ראדזינער
שלאָס

גויאישע גייסטער...

## 2. דער מהות פון ראדזין

ווען איך ווענד אָן מיין בליק אויף צוריק און זוך דאָס ספּעציפישעס און אייגנאַרטיקעס פון מיין ראדזין, גייט מיר אַדורך ווי דורך א קאַליידאָסקאָפּ דאָס גאַנצע ראַדזינער וועלטל מיט איר ליכט און שאָטן. איך זע פאַר זיך דאָס גאַנצע היימישע געמויזעכץ, וואָס מיר זענען געוווינט געווען צו טרעפן אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך; די גאַנצע כלי קודש פון גבאים, שמשים, חזנים און סתם שיינע יידן; געטיילטע שיכטן פון חסידים, מתנגדים און „דייטשן"; יידן אין זיידענע, אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, ווי אויך דאָס האַרעפּאַשנע עמך־פאָלק מיט די ציִגענע כאַלאַטן מיט הויכע שטיוואַליעס אויסגעשמירטע מיט טראָן לכבוד שבת; א טיפזיניקע אינטעליגענטע בית־המדרש יוגנט, וועלכע האָט זיך אויסגעלעבט אין די ד' אמות של הלכה און געפונען זייער געניוס אין דעם טיפן ים־התלמוד ביי די הוויות פון אביי ורבא, ווי אויך די „גאַלדענע" יוגנט, וועלכע האָט אָפּגעלאַכט פון די „באַנק־קוועטשערס" און געזוכט זייערע תענוגים ביי מער פּראַקטישע עמאַציעס; א הויך־שטייענדע קולטורעלע יוגנט, וועלכע האָט פאַרבונדן איר פּערזענלעכן גורל מיטן גורל פון פאָלק און דעריבער זיך אריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן יוגנטלעכן אייפער אין קאַמף פאַר די נאַציאָנאַל־ציוניסטישע אידיי. און אויך א יוגנט, וואָס דער קאַמף פאַר איר פאָלק אליין איז פאַר איר צו ענג געווען און דעריבער זיך אריינגעוואָרפן אין קאַמף פאַר דער גאַנצער וועלט דערלייזונג און זיך גרופּירט אין סאָציאַליסטישן „בונד", אָדער געמאַכט א פּאַרווע געריכטס פון צונויפמישן דעם ציוניזם מיטן סאָציאַליזם און געשאַפן די פּועלי־ציוניסטישע באַוועגונג; וועלטלעכע קולטור־טוער, וועלכע האָבן געשאַפן לייַ־ביבליאָטעקן און אָוונט־קורסן און אויך רעליגיעזע עסקנים, וועלכע האָבן געגרינדעט תלמוד־תורה'ס מיט ישיבות און באַקעמפט די וועלטלעכע קולטור־באַוועגונג מיטן תירוץ, אז „חדש אָסור מן התורה"; שעפער און גרינדער פון לייַ און שפּאַר־קאַסעס, סוחרים און האַנטווערקער־פאַריינען און גבאים מיט גאַבאַי'טעס, וועלכע פלעגן ארומגייען מיטן טיכל זאַמלען געלט פאַר אַן אָרעמע כלה אָדער גאָר פּרייטיק א ביסעלע יויך פאַר די קראַנקע קימפּעטאָרינס. אַלץ, דוכט זיך, ווי אין אַנדערע שטעטלעך, אָבער דאָך אַנדערש, ספּעציעל ראַדזינע־ריש! עפּעס האָבן די אַלע פּאַרטייען און קלייזלעך נישט געהאַט אין זיך דאָס עקסטרעמע שאַרפקייט, וואָס שניידט און איז געווענדעט קעגן קעגנער; עס האָט פשוט געפעלט דאָס נישט־שפּעריגע, פאַרקריפּלטע סעקטאַנטיזם, וועלכעס שפּראָצט מיט גיפט און סם און שאַפט א תהום צווישן די צדדים. דערפאַר פלעגט זיין צווישן די קעגנער א מענטשלעכע און אפילו ביי פיל פאַלן גאָר א פריינטלעכע באַציאונג. זאָל דאָס האָבן געווען, ווייל די ראַדזינער זענען געווען מער אויבער־

פלעכלעכער אָדער פשרות׳דיקער געשטימט? — ניין! יעדער איז פאר זיין אמונה, אידיי אָדער איבערצייגונג גרייט געווען צו גיין אין פייער אריין און איז נישט אָפּגעטרעטן פון זיין „אני מאמין" אפילו „כקוצו של יוד": א טייל פון זיי זענען, זאָגאר, שפּעטער געוואָרן אידעאָלאָגן פון זייער „תורה" אָבער דאָס „ראדזינערישקייט" אין זיי האָט נישט צוגעלאָזט צו זיין עקשנות׳דיק פארשטייפט און פארבלענדעט, דאָס זיי זאָלן נישט קאָנען זען אויך דאָס פּאָזיטיווע ביים קעגנערישן צד. דער געזונטער לעבנס־אינסטינקט האָט זיי אונטערגעזאָגט, אז אויך אן אנדערש דענקנדער מענטש קאָן זיין א גוטער און אָרנטלעכער און דערצו אויך א פּערזענלעכער פריינט. נאָר אין ראדזין איז מעגלעך געווען דאָס הארמאָנישע צוזאמענלעבן פון כלערליי שיכטן, שטאנדן און מענטשן מיט פארשידענע וועלט־אָנשויאונגען. איבערהויפּט האָט ראדזין נישט געוווסט פון דעם פארשארפטן קאמף צווישן חסידים און מתנגדים, אָדער צווישן חסידים פון פאַרשידענע „שטיבלעך". מיר איז אויך נישט באקאנט קיין איין פאקט, דאָס פון שטיבל אָדער פון בית־המדרש זאָל ארויסגעוואָרפן ווערן א בחור צוליב זיין ענדערן די הלבשה אויף „דייטש". אויך דאָס אריינדרינגען פון די נייע יידישע רענעסאנס אידיי איז נישט געווען פארבונדן מיט קיין קאמף, אזוי ווי עס איז געווען דער פאל אין אנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך. נאָר אין ראדזין איז דאָס מעגלעך געווען, דאָס אזעלכע אָפּגעהיטענע פרומע יידן ווי דער טאטע זצ״ל — ר׳ איטשע מאיר ר׳ אייזשעס, ר׳ שמחה באשעס, ר׳ שמחה טילעס און אנדערע, וועלכע זענען געווען זייער שטרענג קעגן זיך און זייערע קינדער — האָט מען דאָך נישט געהערט דאָס זיי זאָלן וועמען איז באליידיקן צוליב פרומקייט, נאָר להיפך: יעדן איינציקן אויפגענומען מיט א הארציקן שמייכל און שטענדיק געהאט פאר זיי א גוט וואָרט. ראדזין האָט אויך נישט געוווסט פון קיין רבנים מחלוקת, דאָס, וואָס עס איז געווען כמעט א נאטירלעכע דערשיינונג אין רוב יידישע שטעט און שטעטלעך. נאָר אין ראדזין האָט געקאָנט געשען אזא וואונדערלעכער פאל, אז א רב, א מתנגד און ליטוואק מבטן ומלידה, א תלמיד מובהק פון דער וואָלאָזשינער ישיבה (געלערנט צוזאמען מיט ביאליקן) ר׳ חיים פיין זצ״ל, זאָל זיך קאָנען אויסלעבן די גאנצע זיינע יאָרן אין אָט דעם שטעטל, וואָס די מערהייט איז געווען חסידים און נישט געוואָלט איבערגיין אין אנדערע גרעסערע שטעט, וועלכע האָבן אים פיל מאָל איינגעלאדן צו רבנות. אויך אין פריוואטן לעבן האָט מען קיינמאָל נישט געהערט וועגן מסירות און שריפות, דאָס וואָס איז געווען אן אלטעגלעכע דערשיינונג אין אנדערע שטעט. יאָ, אמת! — אויך ראדזין האָט געהאט אין זיין צייט שטארקע מחלוקותן — דאָס איז געווען אין דער צייט פון ראדזינער רבין, רבי גרשון הענאך זצ״ל, דער אנטדעקער פון תכלת און מחבר פון סדרי טהרות, אָבער אויך דעמאָלט איז דאָס נישט געווען אויפן געביט פון אידעאָלאָגישע אונטערשיידן — פאר אָדער קעגן תכלת. ניין, דער ראדזינער ייד

איז בטבע נישט קיין קנאי, די קעגנער פון תכלת האָבן רואיק טאָלערירט זיינע אָנהענגער און אזוי אויך פאַרקערט. די סיבה איז געלעגן אין דעם מחלוקת אליין: דער אימפולסיווער און קעמפערישער כאראקטער פון גרויסן גאון רבי גרשון העניך זצ״ל, וועלכער האָט פארטשעפעט מיט דער גאנצער וועלט און געהאט קעגן זיך כמעט די גאנצע רבישע און תלמודישע וועלט, איז נישט געווען צוגעפאסט פאַר דער ראדזינער רואיקער, סטאַיש־קאַלטער באפעלקערונג און צוליב דעם טאקע איז געווען דער אויפשטאנד קעגן רבין און זיינע אָנהענגער. זיין זון רבי מרדכי יוסף זצ״ל, דער נאָכפאָלגער פון ראדזינער „הויף״ האָט זיך טאקע „ראדזינעריש״ אסימילירט און איז געווען אין פערזענלעכן לעבן א שטארקער רודף שלום (דאקעגן אין פּאָליטישן לעבן זייער שטארק קעמפעריש. זע קאפיטל: „מיין געשפרעך מיטן ראדזינער רבין״) און דאדורך געווינען די סימפאטיע און פארערונג פון דער שטאָטישער באפעלקערונג...

כדי צו פארפולקאָמען מיין כאראקטעריסטיק איבער ראדזין, איז כדאי צו ברענגען א טרעפלעך וואָרט, וואָס דער אויבנדערמאָנטער רבי, ר׳ גרשון העניך האָט געזאָגט וועגן איר. ווי באוווסט געפינט זיך די שטאָט אין מיטל־וועג צווישן מעזריטש און קאָצק, האָט דערויף דער רבי געזאָגט: אז ראדזין איז אן אומלעגאַל קינד פון דעם זיווג — מעזיאַלאנס קאָצק־מעזריטש. אמת! — ראדזין האָט געירשנט דאָס שארפקייט און טיפקייט פון קאָצקער מוח, דעם דראנג נאָך נייעס, דער ווילן צו זיין אויף יעדן געביט די פּיאָנערין און חלוץ, און פון מעזריטש האָט זי געירשנט די אויסערלעכע קאָרעקטע באציאונג, קולטורעלע האלטונג און ישוב הדעת.

## 3. די אנטשטייאונג פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג

פון אונטער דעם גראָבן שיכט, וועלכער איז אָנגעוואקסן אויף מיין זכרון, טיילווייז צוליב דער נאַטור — „צייט״ — און צום גרעסטן טייל צוליב די טראגישע, אין די יידישע היסטאָריע נישט באוווסטע איבערלעבענישן, פאראורזאכט דורך די נאַצישע שלאַנג, וועלכע האָבן מיינע קורץ־איבערגעלעבטע פאַר יאָר טויזנט־פאכיק פארגרעסערט, באמי איך מיך ארויסצוציען די, מיר אזוי נאָענטע און טייערע געשטאַלטן פון מיינע קינדער־יאָרן, אָבער נישט אין דער פולער מאָס געלונגט עס מיר. טייל קומען ארויס אזוי מטושטש, צעפאלענע שטיקער, דאָס עס איז מיר שווער זיי צוזאמענצוקלעבן און מאכן דערפון א גאנץ בילד. טייל באווייזן זיך נאָר סילועטן, אזוי ווי דורך א מאַט גלאָז געזעענע, אָבער א גרויסער טייל שטייען פאַר מיר אזוי, ווי לעבעדיק און פולבלוטיק און עס דוכט זיך מיר, דאָס צווישן אונז קומט פאָר דער המשך פון דעם, אין זיינער צייט איבערגעריסענעם אין דערמיט, וויכוח אָדער געשפרעך און זיי גיבן מיר איבער די יסורים און פיין פון זייערע לעצטע מארטירעאַלאָגישע איבערלעבענישן...

די ערשטע זכרונות מיינע פירן מיך אין א קליין ענג שטיבעלע ערגעץ אונטער דעם בית־המדרש געסל ווו עס זיצן עטלעכע צענדליק קינדערלעך, טייל ביי דעם טיש און א טייל אויף דער פאדלאגע. דער רבי איטשעלע קאנעס זיצט ביים טיש. אין איין האנט האלט ער דעם טייטל, מיט וועלכן ער ווייזט די קינדערלעך דעם אלף־בית און אין דער צווייטער האנט האלט ער דעם גארטל, וועלכער איז צוגעבונדן צו דעם קינדער־וויגעלע, וואס הענגט אין דערמיט שטוב צוגעבונדן אויף א שנור צום סופיט און וויגט איין דאס קינד. און אזוי טוישן זיך די ווערטער און די ניגונים: „בו זאג שוין דו שגץ קמץ ב בא״ — זאגט ער מיט א בייז קול און אין א מינוט שפעטער זינגנדיק — „שא, שא, שטיל שלאף שוין איין!״. די רביצין, א קליין אויסגעדארט ווייבל איז כמעט שטענדיק געלעגן אין בעט — אדער זי איז געווען פארן קימפעט אדער נאך אים. ביי דעם רבין מיינעם האבן זיך די קינדער „נישט געהאלטן״ און יעדעס יאר איז ביי אים געבוירן געווארן א קינד און — געשטארבן. ער האט אפילו געהאט זיין לייבס־ארצט אין דער פערזאן פון גרשון פעלדשער, א ייד מיט א פראפעסאריש־רביש פנים, א לאנגע זילבערווייסע בארד, אויסגעקעמט און געפוצט און יעדע האר האט זיך געהאט איר ארט — איין האר האט נישט געטארט בארירן די צווייטע... מיט א הויכן ווייסן שטערן, באדעקט מיט א פירקאנטיק זיידן קאפעלע, א פאר טיפע, בלאע אויגן — אט דער „דאקטאר״ איז געווען א טטאבילער גאסט ביי מיין רבין. ער האט עס געהאט זיינע ספעציפישע רעצעפטן, וועלכע ער האט פארשריבן די קראנקע קינדער. א טייל פון די רעצעפטן זענען מיר פארבליבן אין זכרון, נעמלעך: געפרעגלטע זשאבעס, וועלכע האבן אונז קינדער נישט איינמאל געברענגט שיעור צו חלשות צוליב דעם שטינקענדן ריח, וועלכער זיי האבן ארויסגעגעבן ביים פרעגלען זיי. צי דאס האט באדארפן זיין צום אינערלעכן געברויך, דאס הייסט — צוגעבן דעם קינד צום עסן, אדער בלויז אויסערלעך — צום שמירן? — געדענק איך שוין נישט. דערפאר, דאס צווייטע „מיטל״ געדענק איך גענוי ווי אזוי דאס איז באנוצט געווארן און איך באשרייב דאס גענוי, כדי צו פאראייביקן פאר דער וויסנשאפט. נעמלעך: מ׳האט גענומען דעם ווידל פון א הערינג און צוגעלייגט צום פיענטעלע פון קינדס פיסעלע און דאס גוט ארומגעבאנדאזשירט און אזוי לאנג דאס געהאלטן אויף דעם ארט ביז דאס פיענטעלע איז אנגעצויגן געווארן פון הערינג. געענדיקט האט זיך דאס, אזוי ווי איך האב שוין אויבן באשריבן — יעדעס יאר א ניי קבר׳ל אויפן ראדזינער בית־החיים...

— • —

ווי שוין דערמאנט, האט זיך דער חדר געפונען נישט ווייט פון בית־המדרש און אזוי ווי די השגחה פון רבין איז געווען געטיילט אין צווייען, א העלפט — און אפשר מער — פאר זיין קינד און די צווייטע העלפט פאר א פאר צענדליק קינדערלעך, איז ממילא אויסגעקומען פאר יעדן קינד נאר א פאר צענדליק מינוט טעגלעך.

האָבן טאָקע מיר קינדער זייער גוט דאָס אויסגענוצט און מיר זענען געווען אָפטע געסט אין בית־המדרש. דאָרט האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף צוויי זיך באַקעמפנדע צדדים „רוסן" און „יאַפּאַנער" — דאָס איז געווען אין דער צייט פון יאַפּאַניש־רוסישן קריג. די העברעאישע צייטונג „הצפירה", וועלכע האָט אויך גלייכצייטיק געדינט אַלס מאַפּע פון קריגס־פראָנט האָט געוואַנדערט פון האַנט־צו־האַנט און יעדער צד האָט באַוויזן מיט אותות ומופתים, אַז „זיין" צד איז דער זיגער. אין דער שפּיץ פון דעם רוסישן צד איז געשטאַנען יאָסקע יהושע דוד'ס, אַ ייד אַ זקן און אַ גרויסער תלמיד־חכם, מחבר פון ספרים, פון וועלכע צוויי זענען מיר געבליבן אין זכרון: „שובע שמחות" און „פּסול־תכלת" — פּאָלעמיק קעגן ספר „פּתיל־תכלת" פון ראַ־דזינער רבין; און דערצו אַ גרויסער קנאי. זיין צוגעבונדנקייט צו רוסלאַנד איז גע־ווען אַזוי גרויס, אַז עס איז נישט איינמאָל שיעור געקומען צו פּעטש, ווען עס האָט ווער געוואַגט צו זאָגן, אַז יאַפּאַן וועט זיין דער זיגער. די אָנהענגער פון דעם צווייטן צד, פון יאַפּאַנישן, געדענק איך שוין נישט, אָבער דאָס זענען שוין געווען פון יינגערן דור, וועלכע זענען געווען אדורכגענומען מיט שנאה צום צאַרישן רוסלאַנד און ממילא געווען פאַרבינדעטע פון יאַפּאַן, לויט דעם כלל — די שונאים פון מיין שונא, זענען מיינע פריינד.

ווען די געשעענישן אויפן יאַפּאַניש־רוסישן פראָנט, ווו די רוסן האָבן געליטן שווערע מפּלות, האָבן געווירקט אין די בית־המדרש־ווענט אויף די פאַרשטאַרקונג פון „יאַפּאַנישן" צד בעת די וויכוחים — האָבן זיי אין גאַס אַרויסגערופן אַ גאַנץ נייע, נאָך אין דעם שטעטל אומבאַקאַנטע, רעאַקציע. מען האָט אָנגעהויבן זיך צו שושקען, לכתחילה גאָר בסודותדיק און וואָס אַמאָל אַלץ מער דרייסטער און אָפע־נער, וועגן די אָרגאַניזירונג פון אַ יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי מיט אַ באַיוווקע אין דער שפּיץ. פּלוצים האָבן זיך גענומען באַווייזן אין סאַמען בית־המדרש אָדער אויפן הויף, נייע סודותפולע אומבאַקאַנטע פּנימער, וועלכע פלעגן מיט חוצפּה דאָרט אַריינקומען (אַן אידעאַל אָרט פאַר קאָנספּיראַציע) און בעל־הבית'עווען מעשה אַלטע איינגייער; געקוקט מיט אַ ביטול אויף די „באַנק־קוועטשער", וועלכע מאַכן זיך דאָרט נאַריש מיט אַן אַלטן „תנו רבנן", אין דער צייט ווען זיי האָבן שוין די נייע תורה פון קאַרל מאַרקס ביי זיך אין טאַש, וואָס ברענגט די פרייהייט פאַר אַלע אונטערדריקטע און צווישן זיי אויך פאַר אָט די באַנק־קוועטשער.

מיט זייער אַריינקומען אין בית־המדרש אַריין האָט זיך געשאַפן אַ געדריקטע שטימונג ביי די בית־המדרש־בחורים, עפּעס אַ געפיל פון פחד פאַר דעם נייעם האָט זיי אַרומגענומען און אַזוי ווי פון זיך אַליין האָבן זיי אָנגעהויבן זיך צוצורוקן ענגער איינער צום צווייטן, כדי צו שאַפן אַ גרעסערן מרחק צווישן זיך און די נייע „לאַקאַטאָרן", הגם למען האמת מוז געזאָגט ווערן, אַז אויך אַ געוויסער טייל פון די בית־המדרש־בחורים האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט דער נייער תורה. פון זיי איז מיר

איינער געבליבן אין זכרון — גדליה יודל שמש׳ס זון, צוליב וועלכן יודל שמש אליין, א גרויסער בן־תורה און א ירא שמים, האָט געהאַט אויסצושטיין געהאַקטע צרות ספּעציעל פון בערעלע משה גאָדלס, וועלכער פלעגט אים שטענדיק „ארייב־זאָגן״.

די סיבה פון דער פאַרפּרעמדקייט צווישן די צוויי קאַטעגאָריעס איז נישט געווען די באַציאונג צו דער „נייער תורה״ אליין — ניין! די בחורים, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געפונען, ווי: יעקב משה און יהושע קופּיעץ, לוי יודל שמש׳ס, זישע גאָדל׳ס, הערשל אברהם משה קצב׳ס, חיים יואל לוי, חיים קיסעלעס, בערל לוריע און אנדערע, זענען גראָד געשטאַנען אויף א הויכן קולטורעלן ניוואָ און די אלע „נייע״ תורות איז זיי גאָרנישט פרעמד געווען. להיפך — זיי האָבן אין די אלע מאַרק־סיסטישע תורות מיט די בעבלישע און קאַוטסקישע פירושים ארייננעלייגט זייער תלמודישן שאַרפזין, נאָר וואָס איז זיי יאָ פרעמד געווען — די פרעמדע גוישע וועגן פון די „נייע״. נישט בלויז זיי האָבן זיך נישט געקאָנט באַגיין מיט געווער און לאַנגע שאַרפע מעסערס, וועלכע די „נייע״ האָבן דאָס באַנוצט, נאָר זיי האָבן אויך נישט געקאָנט זען ווי אנדערע טראָגן דאָס און נישט איינמאָל דאָס באַנוצט נישט בוויטי־קערהייט אפילו קעגן אייגענע חברים.

דאָס דרייסטקייט פון די „נייע״ האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג־צו־טאָג און גאַנץ אָפט פלעגן זיי פלוצים ארייַנפאַלן אין בית־המדרש אריין באוואָפנטערהייט צווישן מנחה און מעריב, ווען עס פלעגן זיין פיל מתפללים, און באַזעצן אלע איין־ און אויס־גענג, כדי קיינער פון די אָנוועזנדע זאָל נישט קאָנען פאַרלאָזן דאָס אָרט און האָבן געמוזט ציטערדיקערהייט אויסהערן די שעה־לאַנגע אַגיטאַציע־רעדעס קעגן דעם רוסישן צאַר און די ראַדזינער „בורזשואַזיע״. די אָפּטע „באַזוכן״ אין בית־המדרש האָבן געווירקט, און דער עולם האָט אָנגעהויבן אויסצומיידן צו קומען אין בית־המדרש אריין צוליב מורא פאַר אַן איבערפאַל פון די רוסישע פּאָליציי און קאָזאַקן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַראינטערעסירן מיט דער סאָציאַליסטישער טעטיקייט.

אזוי ווי די שטורמדיקע כוואַליע האָט זיך די רעוואָלוציע אָנגעהויבן צו פאַר־שפּרייטן און ארומגענומען אלץ מער א גרעסערע צאָל און נייע שיכטן פון דער באַ־פעלקערונג. כמעט די גאַנצע אַרבעטער־יוגנט איז ארייַנגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, אין ווערמענס שפּיץ עס זענען געשטאַנען די שטודירנ־דע יוגנט, וועלכע זענען ספּעציעל צוריקגעקומען פון זייערע שטודיום־ערטער. דער בית־המדרש און דער הויף זיינער זענען שוין צו ענג געוואָרן און די כוואַליע האָט זיך ארויסגעלאָזט אין גאַס אריין, ווו איינמאָל אין דער וואָך פלעגן פאָרקומען פאַר־זאַמלונגען אויף דער „בערזע״. די „בערזעס״ זענען געווען אויף די קאַזשע און קאָטלאַרסקע גאַסן. די ייִנגלעך און מיידלעך האָבן שפּאַצירט און פון צייט־צו־צייט

געמאכט אויסרופן „דאַלאַי ניקאָלאַי!"... גאַנץ אָפט פלעגן זיך נאָך אַזעלכע אויס־געשרייען זיך באַווייזן א צענדליק רייטער־קאָזאַקן, וועלכע זענען געקומען גאַלאָפּ אויף זייערע קליינע און פלינקע פערדלעך און מיט נאַהייקעס און בלאַנקענדיקע שווערדן האָבן זיי די דעמאָנסטרירענדע צעיאָגט. במשך פון א פּאָר מינוט האָט זיך די „בערזע" אָפּגעליידיקט און די טירן און פענצטער זענען פאַרהאַמערט געוואָרן און מ'איז אָפּגעקומען מיט א פּאָר רואינירטע מענטשן און א ביסל צעהאַקטע שויבן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס האָט נישט אָפּגעהאַלטן דערפון, אַז די צווייטע וואָך זאָל מען זיך נאָכאַמאָל פאַרזאַמלען און ווייטער מאַכן די זעלבע אויסרופן.

אין יאָר 1907 אָדער 1908, אין א הייסן זומערדיקן טאָג, ווען אין טשעמערניק (בערך 12 קילאָמעטער פון ראַדזין) איז פאָרגעקומען אַן „אָדפּוסט", אין וועלכן עס האָבן זיך פאַרזאַמלט פיל טויזנטער פויערים און פּאַראָבקעס, איז א גרופּע פון ראַ־דזינער סאָציאַליסטישע יוגנט, מיט לייבל באַרוועס זון אין דער שפּיץ, אָפּגעפאָרן אַהין צו פירן אַן אַגיטאַציע פאַר אַן אויפשטאַנד פון די פויערים און פּאַראָבקעס קעגן די פּריצים. די אַגיטאַציע האָט טאַקע גלייך געגעבן פּרוכטן — אַהיימפאָרנדיק צוריק פון טשעמערניק האָבן זיי אָפּגעוואַרט אין וואַלד טאַקע די זעלבע פּאַראָבקעס, וועמען זיי האָבן געוואָלט ברענגען פרייהייט און גליק, און זייענדיק אונטערגעהעצט דורך זייערע פּריצים, האָבן זיי צוויי פון די אַגיטאַטאָרן, צווישן זיי לייבל באַרוועס זון, דערהרגעט אויף טויט. עס האָט אויך געקאָסט א קליינער פּאָגראָם אין טשעמער־ניק און א באָיקאָט־העצע קעגן יידן...

## 4. די ציוניסטישע באַוועגונג

די אונטערדריקונגס־אַקציע, וועלכע עס האָבן אָנגעהויבן די צאַרישע סאַטראַפּן מיט די שוואַרצע סאָיוזניקעס אין דער שפּיץ, און וועלכע די רוסישע רעוואָלוציע איז אָפּגעגאַנגען אין טייכן בלוט, האָט אויך געהאַט איר ווירקונג אויף דער ראַדזינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די אַרבעט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַזא גרויסן אימפּעט איז כמעט אָפּגעשטעלט געוואָרן. די קליינע צאָל רעוואָלוציע־טרייע מיט־גלידער האָט זיך פאַרוקט אין אונטערגרונד, צוריק צום שושקען זיך אין בית־המדרש. דאַקעגן, האָבן זיך באַוויזן נייע פּנימער פון א גאַנץ אַנדערן שניט און עלטער. אויפן אָרט פון אַגיטאַטאָרן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן מטיפים. סוחריש־גבירישע מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהאַט דעם מוט עפנטלעך אַרויסצוטרעטן, נאָר געטאָן דאָס אין אַן ענגן קרייז אין גבירישע שטובן — ביי עקיבא רובינשטיין אָדער ביי מיין פעטער יהושע ליכטענשטיין — זענען איינגעלאַדן געוואָרן צו רעדן פאַר דער אינטעליגענץ פון שטאָט. איינער פון די דאָזיקע רעדנער איז געווען דער באַוווּס־טער באַנקיר פון מעזריטש ש. ב. מינץ (דער זיידע פון היינטיקן פּוילישן פינאַנץ־מיניסטער הילאַרי מינץ), וועלכער פלעגט ביי א גלעזל טיי אויפפאָדערן די אינטע־

ליגענץ זיך צו שטעלן אין דער שפיץ פון א גרויסע ציוניסטישע טעטיקייט; אז ניט בלויז מיט אויסקויפן פאר זיך שקלים אָדער אקציעס פון דער אנגלאָ־פּאלעסטינע באנק זענען זיי יוצא זייער ציוניסטישן און יידישן חוב, נאָר מען דארף אראָפּנידערן צום פאָלק און אָנהויבן א גרויסע נאציאָנאַל־ציוניסטישע אויפקלערונגס־ארבעט.

נישט נאָר די פּערזאָנען פון די נייע רעדנער זענען געווען אנדערש ווי יענע בונדישע רעדנערס, נאָר אויך דער טאָן און אינהאלט פון זייערע רעדעס איז געווען אן אנדערער. ווען די רעדעס פון יענע זענען געווען פול מיט גיפט און גאל, נישט אזוי ווייט קעגן דעם צאר און זיינע משרתים, ווי קעגן די היימישע ראדזינער „בורזשויען" (סוחרים פון ברויט און הערינג), וועלכע זענען פאָרגעשטעלט געוואָרן אלס בלוט־זויגער און פּאראזיטן פון דעם פּראָלעטאריאט און האַראָפּאשניק, און דאדורך געשאפן א שפּאלטונג און שנאה אויף דער יידישער גאס און דאָס וואָרט „כלל ישראל" איז געווען דאָס גרעסטע שאנד־וואָרט פאר זיי, זענען די נייע רעדנערס דווקא געקומען אין נאָמען פון דעם כלל־ישראל און האָבן אָנגעוויזן אויף דער גוישער שנאה, וואָס מאכט נישט קיין אונטערשיד צווישן רייכן און אָרעמען ייד און צווישן דעם בורזשוי און פּראָלעטאריער און טאָקע גערופן צו אהבת ישראל.

היינט, נאָך א פּערספּעקטיוו פון א פּאָר צענדליק יאָר, בלייבט מיר נישט קלאָר די זאַך, פאַרוואָס האָבן די רעדנער, וועלכע זענען דאָך געשטאנען מיט ביידע פיס אויפן יידיש־נאציאָנאַלן, זאָגאר רעליגיעזן, באָדן, נישט באנוצט זיך אין זייער ארגומענטאציע פארן ציוניזם אויך מיט דער פּאָזיטיווער זייט פון דער נאציאָנאַלער היים, ווי: אייגענע יידישע קולטור, טראדיציע און העברעאישע שפּראַך, וואָס דאָס איז דאָך נישט מעגלעך אין גלות, נאָר האָבן זיך באנוצט אויסשליסלעך מיט דער שלעכטער זייט פון גלות — שלילת הגלות?..

— • —

ווען די ציוניסטישע אגיטאציע האָט — צוליב איר, אין יענער צייט, אוטאָפּיסטישן כאראקטער — נישט געקאָנט האָבן, און אויך נישט געהאַט, די געהעריקע השפעה אויף דעם קאלטן און ניכטערן בעל־הבית'ישן קלאַס, וועלכער איז געווען פארנומען ראשו ורובו אין דער אלטעגלעכער זאָרג פון לחם לאכול ובגד ללבוש (נאָר א קליינער טייל פון זיי איז „אָנגעשטעקט" געוואָרן פון די ציוניסטישע „פּאַנטאזיאָרן", פון וועלכע עס איז מיר געבליבן אין זכרון: יהושע ליכטענשטיין, שמעון קליינבוים, עקיבא רובינשטיין, שאול הענעך ראָזענוואלד, אברהמ'לע וואָלף, יאנקעלע קאנטאָר, אברהם גרינבערג, יהודה בליאכאָוויטש, חנא'לע איידעלמאַן, אלי טענענבוים, נחוניה אקערמאַן, אלתר בליאכאָוויץ שמעון קופּיעץ, מענדל אייזנבינדער און אנדערע), האָט זי געהאַט א דעצידירנדן איינפלוס אויף דער אָרגאניזירונג פון דער יידישער גאַס, קודם כל פון דער עקאָנאָמישן זייט, וועלכע האָט אויך מיטגעבראַכט מיט זיך די נאציאָנאַל־קולטורעלע ארבעט. א דאנק דעם נאציאָנאַלן באוווסטזיין,

מיט וועלכן עס האָבן זיך אַנגעשטעקט די ציוניסטישע פאַנטאַזיאָרן פון איין זייט און די פאַרשטאַרקטע באַיקאָט־העצע, ספּעציעל נאָך די מעשה יאַגעללאַ, פון דער צווייטער זייט, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע זעלבסט־שוץ־אַקציע, וועלכע האָט זיך קודם כל אויסגעדריקט אין די שאַפונג און אָרגאַניזירונג פון דער לייַ־ און שפּאַר־קאַסע, אין וועמענס שפּיץ עס זענען געשטאַנען די אויבנדערמאָנטע ציוניסטן. ספּעציעל האָבן געהאַט היסטאָרישע פאַרדינסטן ביי דער אַקציע די ה"ה: יהושע ליכטענשטיין, שמעון קליינבוים, שאול הענעך ראָזענוואַלד און יאַנקעלע קאַנטאָר (דער לעצטער איז טאַקע געווען איר לאַנגיעריקער לייטער). אויסער דעם, וואָס די קאַסע האָט געהאַט אומשעצבאַרע פאַרדינסטן ביי די עקאָנאָמישע דערהאַלטונג פון די יידישע קליינהענדלער און האַנטווערקער, וועלכע וואָלטן זיכער דערגאַנגען צום גרונט, צוליב דער קאָלאָסאַלער פאַרשטאַרקונג פון דער באַיקאָט־העצע און די ניי־געגרינדעטע „ספּולדזיעלניעס", וועלכע האָבן אונטער דער לאָזונג פון „סוואָי דאָ סוועגאָ" אויפגעקעריסן דעם פויער פון די יידישע געשעפטן און האַנטווערקער, און נאָר א דאַנק דער הילף פון דער „קאַסע" איז זיי געלונגען זיך צו דערהאַלטן אויף די פיס — נאָר אויך אין גייסטיקן זין איז זי געוואָרן דער צענטער פון יידישן ראַדזין; זי איז געוואָרן דער חוט־השדרה פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, נאָך מער — זי איז געוואָרן דער יום־טוב אין דעם פאַרחושכטן אַלטעגלעכן לעבן פון דעם קליי־נעם און אָרעמען שטעטל. יעדער ייד גייענדיק אין זיין „קאַסע" אריין האָט זיך אויסגעפּוצט און אויסגעטאָן די וואָכעדיקע מלבושים און אַרויפגעשלעפּט אויף זיך דעם יום־טוב. דאָרט האָט ער זיך עפּעס געשפּירט זיכערער און שטאַרקער, נישט איינזאַם — נאָר א טייל פון דעם נייעם יידנטום. זאָל דאָס האָבן געווען צוליב דאָס נייע ליכט, וועלכעס האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטפּלעקן — כאָטש נאָך אין די וויקע־לעך — וואָס זיין נאָמען איז נאַציאָנאַלע עמאַנציפּאַציע?!..

— • —

צוזאַמען מיט דער השפעה, וואָס די ציוניסטישע באַוועגונג האָט געהאַט אויפן עלטערן דור אין זין פון אָרגאַניזירן דאָס געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע לעבן, האָט זי אויף אונז יוגנט געהאַט אויפן נאַציאָנאַל־קולטורעלן געביט. עס האָט זיך געעפנט די ערשטע לייַ־ביבליאָטעק פון יידישע ליטעראַטור. די ערשטע פּיאָנערן־אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דורך יהושע ליכטענשטיין מיט דער מיטהילף פון גיטל רובינשטיין און אסתר ליכטענשטיין. פון וואַנען זיי האָבן גענומען די ערשטע ביכער, איז מיר היינט שווער פעסטצושטעלן; וואָרשיינלעך פון עקיבא רובינשטיינס ביבליאָטעק, וועלכע איז באַשטאַנען פון פּילטויזנטער בענדער און דער גרעסטער טייל — העברעאישע. אזוי ווי די „קאַסע" איז געווען דער טרעף־פּונקט פאַר דעם עלטערן דור, אזוי איז געוואָרן די ביבליאָטעק דער טרעף־פּונקט פאַר דעם ייִנגערן דור. אינטערעסאַנט, טראָץ די אונטערשידן פון איבערצייגונג און קלאַס, האָט זיך

דאָרט די יוגנט גאַנץ גוט אונטערגעהאַלטן געמיינזאַם און זיי האָבן אין דעם גאַר־ נישט געזען קיין „שעטנז״.

## 5. בית־מדרש־בחורים

אַן אויסנאַם איז נאָך געווען פאַר אונז בית־מדרש־בחורים, פאַר וועלכע עס איז געווען אַ געפאַר נישט בלויז דאָס אַריינגיין אין דער ביבליאָטעק, נאָר אויך דאָס געסל, ווו די ביבליאָטעק האָט זיך געפונען. אָבער נישט קוקנדיק דערויף, האָבן זיך די ביכער פון דער ביבליאָטעק „פאַרוואַלגערט״ צו אונז דורך אומוועגן און אונטער־ וועגן... נישט איינמאָל זענען ביי אונז אין בית־המדרש פאָרגעקומען וויכוחים און מחלוקתן וועגן דעם „אמתן״ זין פון פּרק׳ס אַ מעשה׳לע און וועגן אַ מאמר אין „על פרשת דרכים״ פון אחד העם. די בית־המדרש־יוגנט איז דעמאָלט באַשטאַנען פון: אבא און יוסף דאַניליאַק, יאַנקל בלאַכאַוויטש, קלמן און חנא רויזענבוים, יהושע טויבמאַן, הענעך בערמאַן, לייזער ברוך הערשס, יקותיאל קאַלינקאַ, ישראל קאַצע־ נעלענבויגן, הענעך און יצחק משה גליקסבערג, הערשל קאַפּעלמאַן, עוזיאל ווייס־ מאַן, יונה זיגעלמאַן, יחזקאל הויפּטמאַן, משה אַפּעלאַויג, מאָטל פאַלשפאַן און פיל אַנדערע.

אויסער די „אמתע״ בית־המדרש־בחורים האָבן מיר אויך געהאַט סטאַבילע געסט, וועלכע האָבן, אין דער אמת געזאָגט, קיינמאָל נישט געעפנט די גמרא, נאָר זיי זענען געווען שטענדיקע איינגייער דאָרט, נישט ווייניקער ווי די „אמתע״. צווישן זיי האָט זיך אויסגעצייכנט: יחזקאל׳ע גרינבלאַט, דער אָנפירער פון „בונד״, וועל־ כער האָט זיך פיל בעסער געשפּירט אַ גאַנצן טאָג צווישן די בית־המדרש־בחורים ווי אין לאָקאַל פון זיין פּאַרטיי, ווו ער פלעגט פאַרברענגען די אָוונטן און אויך אברהמ׳לע זילבערבערג. דאָס איז געווען אַן עלטערער בחור, וועלכער פלעגט זיין דער אמתער „פּאָליטיקער״, געקאָנט נאָכדערציילן דאָס נייעס פון דער צייטונג וואָרט־ביי־וואָרט, נישט פאַרפעלנדיק קיין אות און עס איז ווירקלעך געווען אַ פאַר־ געניגן זיך מיט אים אונטערצוהאַלטן אין אַ פּאָליטישן געשפּרעך.

— • —

ווען דער גאַנצער כלל ישראל בכלל טראָגט אַן אחריות פאַר די מעשים פון יעדן יחיד, בבחינת „כל ישראל ערבין זה לזה״, איז דאָך מכל שכן געזאָגט געוואָרן אויף אונז, בית־המדרש־יוגנט. עס איז געגנוג געווען ווען מען האָט איין בחור גע־ כאַפּט ביי אַזאַ „גרויסער עבירה״ ווי גיין ביינאַכט שפּאַצירן מיט אַ מיידל, אַז מיר אַלע זאָלן ליידן צוליב דעם צרות צרורות. און עס האָט נישט קיין סך געפעלט, אַז דער נאָמען בית־המדרש־בחור זאָל בלייבן דער סינאָנים פון אַ בזיון־וואָרט. אַזאַ געשיכטע איז מיר טאַקע געבליבן אין זכרון: איינמאָל אין אַ פרימאָרגן, ווען כ׳בין געקומען אין בית־המדרש־אַריין האָב איך געזען, אַז דאָס גאַנצע בית־המדרש „גייט

אויף רעדלעך״. די מתפללים זענען געשטילט אין צענדליקער קופּקעלעך און פון דאָרט הערט זיך שטאַרקע געשרייען און אויפרעגונג. ווען איך האָב זיך דערנע־טערט צו אזא רעדל האָב איך געהערט וועגן דעם שטאַרקן חטא, ביי וועלכן מ׳האָט געכאַפּט ביינאַכט א בית־המדרש־בחור שפּאַצירנדיק הינטער דער שטאָט מיט א מיידל. דאַן האָט זיך אָנגערופן יואל אייזיק דער פורמאַן: „געלויבט דעם אויבערשטן, וואָס ביי מיר אין דער גאַנצער משפחה איז נישטאָ קיין איין שמעדריש־בחור!..״

צווישן דער גאַלעריע פון בית־המדרש־בחורים איז אויך כדאי צו דערמאָנען א פּאָר פון עלטערן דור, וועלכע האָבן געהאַט א געוויסן איינפלוס אויף אונז: יעקב משה און יהושע קופּיעץ און לוי יודל שמש׳ס. נישט קוקנדיק אויף זייער עלטער זענען זיי געווען שטענדיקע „בחורים״ אין בית־המדרש. די אלע האָבן זיך אויסגע־צייכנט מיט א גרויסער בקיאות אין לערנען. אין זייער וועלט־אָנשויאונג זענען זיי געווען גרויסע ציניקער און אָפּגעלאַכט פון אלעס און אלעמען און צווישן דעם — פון זיך אליין. זיי האָבן ביי אונז יוגנט געשאַפן דעם קריטישן בליק צו פיל אָנגענו־מענע אמתן און קאָנווענאַנסן.

נאָך צוויי בחורים האָבן אויף אונז געמאַכט א גרויסן איינדרוק, אָבער שוין אין אן אנדער ריכטונג — אין דער ריכטונג פון דראַנג נאָך בילדונג און צו גיין אין דער גרויסער וועלט אריין. דאָס זענען געווען: בערל לייב אַפּעלאָוויג, וועלכער איז אלס אויטאָדידאַקט אָנגעקומען אין וואָרעלבערגס שולע און איז געקומען קיין ראַדזין אין דעם אוניפאָרם פון דער שולע — ער איז געווען אלס מוסטער, ווי ווייט מ׳קאָן קומען מיט אייגענע כוחות. אויך שלמה צוקער, וועלכער איז געקומען אין שטעטל אריין מיט א לעגיטימאַציע פון ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַריין אין טאַש און מיט א פּאַק שירים און נאָוועלן אין דער טעקע. נאָך זייער קומען אין שטעטל אריין איז טאַקע געוואָרן אן „עפּידעמיע״ פון יונגע ליטעראַטן און פּאָעטן מיט יוסף דאַנילאַק אין דער שפּיץ.

## 6. די ערשטע וועלט־קריג

גרויע, שווערע וואָלקנס האָבן זיך פאַרצויגן אויף די קלאָרע און בלויע ראַדזי־נער הימלען פון די סוף־זומערדיקע טעג אין יאָר 1914. אין די צייטונגען האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אלאַרמירנדע ידיעות, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט א נאָענטע וועלט־קאַטאַסטראָפע. אויף די אזוי אויך פאַרחושכטע פּנימער פון די קליינשטעטל־דיקע ראַדזינער יידן, האָבן זיך פאַרצויגן נייע קנייטשן און א ציטערדיקער בליק אין זייערע אויגן. פּלוצים האָבן זיך אָנגעהויבן צו הערן יאָמערלעכע געשרייען פון די הייזער; דאָס האָט זיך געטראָגן פון די הייזער, וועמענס מענער אָדער קינדער האָבן באַקומען אויפפאָדערונגען צוצושטעלן זיך צום מיליטער אלס זאַפּאַסנע אָדער רויטע בילעטן. עס איז נאָך ביי מיר פאַרבליבן איינגעקריצט אין זכרון דער טראַגי־

שער אלול־אָוונט, ווען אלע מיליטער־פּליכטיקע האָבן זיך פאַרזאַמלט אין בית־המדרש־אריין צו זאָגן תהילים בצבור. דאָס בית־המדרש, ווי אויך די עזרת־נשים, זענען געווען איבערפולט. אַרטשע דער גלער — אליין א זאַפּאַסנער — איז געווען דער שליח צבור. די געוויינען פון די מענער האָבן צעבראָכן די הערצער פון די פרויען און יעדע מינוט האָט מען ארויסגעפירט א ניי־פאַרחלשטע פרוי. די ספּאַזמאַטישע קולות און יללות פון די פרויען און דאָס שטילע געוויין פון די מענער האָבן געשאַפן א געמייזאַמען קלאָג־קאָנצערט, וועלכער האָט פון מיר אוועקגענומען לאַנגע חדשים דעם שלאָף פון די אויגן.

טראַגישע טעג האָבן זיך דעמאָלט אָנגעהויבן פאַר דעם גאַנצן ראַדזינער יידישן שטעטל. די ערשטע צייכנס פון דער קריג איז געווען דאָס באַווייזן זיך פון פּליטים. אין א קאַלטן הערבסט־טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן, טייל מיט פורן און א טייל צופוס (די באַן האָט נישט געפירט קיין ציוויל־באַפעלקערונג), אָפּגעריסענע, נאַקעטע, פאַרחושכדיקע יידן. דאָס זענען געווען מענער, פרויען און קינדער, וועלכע זענען אויסגעזידלט געוואָרן פון פראָנט־געביט, אלס געפאַר פאַר שפּיאָנאַזש לטובת דעם שונא — דעם פריינט פון יידן — דער דייטש. דאָס זענען געווען יידן פון פאַקשעווניצע. נאַטירלעך האָט דאָס שטעטל צוליב די נייע געסט „אויפגעלעבט”. עס האָבן זיך געשאַפן קאָמיטעטן צו באַזאָרגן די היימלאָזע. דעם גרעסטן טייל האָט מען איינקוואַרטירט אין בית־המדרש אין אלע דריי שטאָקן, דאָס הייסט: אין דעם הקדש־שטיבל, וואָס איז געווען הינטערן בית־המדרש, אין בית־המדרש, ווי אויך אין דער ווייבער־שול, וואָס איז געווען איבערן בית־המדרש, אין דעם פּאָליש פון דער שול, ווי אויך אין רבינ'ס בית־המדרש און אויך אין אלע חסידים־שטיבלעך. א ספּעציעל חיות איז געווען פאַר אונז יוגנט. קודם כל האָט זיך געשאַפן א פעלד פון ארבעט פאַר אונז (פאַר ראַדזינער יוגנט איז דאָס געווען א נייעס) און באַזונדער איז דאָך געווען א צופלוס פון יוגנט און אויך טאַקע פון מין היפה. אָט די פּילאַנטראָפּיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, ווי אויך דער צופלוס פון יוגנט האָט געשאַפן די בויטיקייט און די מעגלעכקייט פון יוגנטלעכע קולטור־טעטיקייט און צוזאַמענטרעפן אין פּריוואַטע הייזער.

נישט לאַנג האָט אָנגעהאַלטן די אידיליע. דער פראָנט האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן און פון פראָנט־געביט האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען איוב'ס בשורות: דאָ האָט מען אין משך פון א פּאָר שעה ארויסגעשיקט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, אזוי ווי זיי שטייען און גייען; דאָ האָבן די קאָזאַקן זיך געלאָזט ווילגיין אויפן חשבון פון יידישע פרויען און יידישן פאַרמעגן; דאָ האָט מען א רבין, וועלכער האָט געדאַוונט אויפן באַלקאָן דערקלערט אלס שפּיאָן, וועלכער האָט אזוי ארום געגעבן צייכנס דעם שונא און איז טאַקע דורך א פעלד־געריכט גלייך פאַרמשפּט געוואָרן צום הענגען; דאָ האָט מען די יידישע מנהיגים פון שטעטל פאַרשלעפּט אלס זאַק־

לאדניקעס (ערובניקעס). דאָס שטעטל ראַדזין האָט אָנגעהויבן צו זינקען אין נויט און פינצטערניש. קיינער האָט זיך נישט אַרויסגערירט פון אָרט און מיט האַרצקלאַפּעניש אָפּגעוואַרט דעם אומבאַוווּסטן מאָרגן.

## 7. אין יאָר 1915

אין אַ טריבן הערבסט־פרימאָרגן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן איינצלנע גרופּן פון רייטער־מיליטער. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך גלייך אָנגעהויבן צו באַהאַלטן אין די שטובן, די געשעפטן פאַרמאַכט און פאַרהעמערט די לאָדנס. פון צייט־צו־צייט האָבן זיך דערהערט געוואַלדן פון די שטובן, אין וועלכע דאָס מיליטער האָט אָפּגעשטאַט „וויזיטן". אַרום מיטאָג־צייט איז אָנגעקומען אַ גרעסערע גרופּע פּיעכאָטע (פוס־גייער־מיליטער) מיט אַ שטאָט־קאָמענדאַנט אין דער שפּיץ, וועלכע האָבן באַדאַרפט סטאַציאָנירן אַ לענגערע צייט אין דער שטאָט. האָבנדיק די לערע און פּראַקטיק פון אַנדערע שטעט, האָבן די ראַדזינער עסקנים גלייך צונויפגערופן אַ זיצונג פון אַ גרעסערע צאָל בירגער צום רב אין שטוב און אויפן אָרט האָבן זיי באַשטייערט די גאַנצע פאַרמעגלעכע באַפעלקערונג און געשאַפן אַ „מתנה" פאַר דעם קאָמענדאַנט, כדי ער זאָל נעמען די יידן פון שטאָט אונטער זיין שוץ. דער פּראַקטישער צוגאַנג צו דער זאַך, האָט ווירקלעך אָפּגעראַטעוועט דאָס שטעטל פון פּאָגראָמען און רויבאָנפאַלן אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב (אַזוי ווי עס איז געווען אין אַלטעגלעכע דערשיינונג אין די שכנותדיקע שטעטלעך), כאָטש קליינע אַרויסטרעטונגען זענען אויך דאָרט פאָרגעקומען. אָבער דאָס זענען נאָר געווען עפּיזאָדישע פאָרפאַלן, נישט אין גרויסן מאַסשטאַב און אויך נאָר „טרוקענע" — אָן בלוט־פאַרגיסונג. למען היסטאָרישן אמת מוז געזאָגט ווערן, אַז דאָס „טרוקענע" אָפּשניידן פון ראַדזינער שטעטל, קאָן מען נישט בלויז שטעלן אויפן חשבון פון געגעבענעם „באַקשיש". נישט ווייניקער האָט באַשטייערט דערצו דאָס שטאָלצע און דרייסטע האַלטונג פון ראַדזינער „עמך" מיט די קאַפּטשאַקעס אין דער שפּיץ, וועלכע, ביים באַווייזן זיך פון אַ פּאָגראָמשטשיק, האָבן זיך נישט באַהאַלטן, נאָר גלייך געלאָפן זיך אַנטקעגנשטעלן. איך געדענק אַ פאַל, ווען די ראַדזינער קאַפּטשאַקעס האָבן אַנטוואָפנט אַ קאָזאַק, אַרויסגעצויגן פון אים די שווערד און אָפּגעפירט אים צום קאָמענדאַנט.

— • —

לויטן כלל, אַז „אַ שוואַרץ מזל איז נאָר אויף פיר וואָכן", האָט זיך דאָס לעבן אין שטעטל פיל־ווייניק נאָרמאַליזירט. מ'האָט זיך שנעל אָפּגעוויינט פון דער באַן־קאָמוניקאַציע; די איינציקע פאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט, איז געווען די „ליניע" יאַנטעלע קיין מעזריטש און יואל אייזיק קיין לוקאָוו. מ'האָט זיך אויך צוגעפּאַסט צו דער פּאָליציי־שטונדע, וועלכע האָט דערלויבט די באַוועגונג אין גאַס

נאָר ביז 7 אַוונט. דאָס האָט אפילו געשטערט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, וועלכע פלעגט געווייינלעך פאָרקומען נאָר אין די אָוונטן, אָבער די יוגנט פלעגט זיך אַן עצה געבן און האָט זיך אדורכגעשמוגלט דורך די לאַבירינטן פון די קליינע, זייטיקע געסלעך, ווו עס האָבן נישט דערגרייכט די אויגן פון די מיליטערישע פּאַטרולן. דאָס „נאָרמאַלע" לעבן האָט אזוי אָנגעהאַלטן אַ פּאָר חדשים ביז זומער 1915, ווען אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באווייזן מאַסן מיליטער פון פאַרשי־דענע פאַרמאַציעס און עס איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל צו באפרייען דעם שלאָס פאַרן רוסישן גענעראַל־שטאַב. דאָס איז געווען נאָכן גרויסן דורכברוך, וואָס די צענטראַל־מלוכות האָבן געמאַכט ביי דעם רוסישן פשעמישלער פראָנט. מיטן באַ־ווייזן זיך פון שטאַב איז אויך אוועקגענומען געוואָרן די רעכט ביי דעם „באַשיצער" פון ראדזין — דעם קאָמענדאַנט. די יידישע באַפעלקערונג איז אריינגעפאַלן אין אַ גרויסע בהלה, וויסנדיק די פיינדלעכע באַציאונג פון שעף פון גענעראַל־שטאַב — ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, דעם צאַרס פעטער, צו דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס שטעטל האָט זיך אויפסנייי איינגעהילט אין שוואַרצן טרויער: די לאָדנס פאַרקלאַפּט אַ גאַנצן טאָג, די מענטשן האָבן זיך באַהאַלטן אין די שטובן, נאָר איינצלנע אדורכ־גייער זענען אדורכגעלאָפן די גאַסן, ארומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן, צי מען זעט נישט קיין זעלנער. אין שטאָט האָט אָנגעהויבן צו קורסירן קלאַנגען, אַז מיר שטייען ערב אַ גירוש. אויך די יוגנט האָט מורא געהאַט זיך צוזאַמענצוקומען, ווייל יעדע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג האָט געקאָנט אויסגעטייטשט ווערן דורך די רוסן אַלס שפּיאָנאַזש און זיך ענדיקן מיט טויט. פון די קליינע שטעטלעך נעבן ראדזין זענען אָנגעקומען איינצלנע אַנטלאָפענע — ספּעציעל די רייכערע און אָנגעזעענע, וועלכע זענען געווען אין געפאַר, אַז זיי זאָלן גענומען ווערן אַלס זאַקלאַדניקעס. אַ לענגערע צייט איז ביי אונז אין שטוב געווען באַהאַלטן ר' שמואל חיים לאַנדאַ זצ"ל (דער גרינדער און אידעאָלאָג פון דער פּועלי מזרחי־באַוועגונג), וועלכער איז געקומען צולויפן פון טשעמערניק. דער צושטאַנד האָט אזוי אָנגעהאַלטן צוויי וואָכן בערך, ביז אין אַ פרימאָרגן האָט מען באַמערקט, ווי די גאַנצע רוסישע אַרמיי האָט בליץ־שנעל אָפּגעצויגן. דאָס איז טאַקע געווען אונזער גליק, וואָס זיי האָבן שוין נישט געהאַט קיין צייט אָפּצורעכענען זיך מיט דעם אינערלעכן „שונא" — דעם ייד. די יידי־שע באַפעלקערונג האָט אַ ביסל פרייער אָפּגעאָטעמט, אָבער די פאַקטישע געפאַר איז דעמאָלט געווען פיל גרעסער — מיר האָבן זיך דעמאָלט געפונען אויף אַ הפקר־פלאַץ, אָן שום השגחה און דעמאָלט האָבן געקאָנט די איינצלנע זעלנער, וועלכע זענען נאָר פאַרבליבן מיטן צוועק, כדי אויסצופירן רויבן און מאָרדן, אויסקוילענען די גאַנצע שטאָט. גלייך איז געשאַפן געוואָרן אַ געהיימע שוץ פון די אַלע, וועלכע האָבן זיך געקאָנט באַגיין מיט געווער און געהאַלטן וואַך אין דער גאַנצער שטאָט. דאָס געווער האָט מען איינגעקויפט ביי די אָפּטרעטנדיקע רוסישע זעלנער.

## 8. די עסטרייכיש-דייטשע אָקופּאַציע

— „איך זאָל אזוי זוכה זיין צו הערן דעם שופר של משיח, ווי איך האָב אליין געזען אן עסטרייכישן פּאטרול!" — איז אריינגעקומען צו לויפן אן אָנזאָגער פון גאס, וועלכער האָט זיך ארויסגעגנבעט פון זיין באהעלטעניש כדי צו כאפּן א בליק, וואָס הערט זיך. במשך פון א פּאָר מינוט איז די גאנצע יידישע באפעלקערונג ארויס אין גאס אריין. אויף יעדנס פּנים איז געווען אויסגעגאָסן א פייערלעכקייט. טייל חברה־לייט איז נאָך געלונגען צו כאפּן א פארשפּעטיקטן קאָזאק אויפן שול־פּלאַץ און אים מקיים פּסק זיין. ארום אכט אזייגער אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן צו באַ־וויזן די רעגולערע עסטרייכישע ארמיי. די גאנצע שטאָט, יונג און אלט, האָט זיך ארויסגעלאָזט אין גאס אריין און זיך אויסגעשטעלט אויף ביידע זייטן טראָטואר פון דער אָסטראָוויעצקער גאס, דורך וועלכע דאָס מיליטער איז אָנגעקומען, און מיט יובל באגריסט דאָס טריאומפירנדע מיליטער און באוואָרפן זיי מיט בלומען. א ספּעציעלע שמחה און שטאָלץ האָט ביי אונז ארויסגערופן, ווען עס האָט זיך צו אונז דערנענטערט א יידישער אָפיציר און מיט א ריינע יידישע שפּראך אונז באַ־גריסט, זאָגנדיק: „יידן! — איר זענט געהאָלפן געוואָרן, ווייל אונזער קעניג פראנץ יאָזעף ירום הודו איז א יידישער פריינט". די דאַזיקע ווערטער געזאָגט דורך א יידישן אָפיציר, וועלכן מיר האָבן ביז איצט אין דער רוסישער ארמיי נישט געזען, האָט ביי אונז ארויסגערופן טרערן פון פרייד.

— • —

דאָס שטעטל איז שנעל צוריקגעגאנגען צו א פאַרהעלטניסמעסיק נאָרמאלן לעבנס־שטייגער, אבוואל, אז צוליב די נאָענטקייט פון קריגס־פראָנט זענען פאַר־בליבן ספּעציעלע קריגס־פאַרשריפטן. אויך די באַן־באוועגונג איז נישט טעטיק געווען. אין די יידישע וווינונגען האָבן זיך איינגעקוואַרטירט פיל יידישע אָפיצירן, וואָס האָט געשטאַרקט די זיכערקייט קעגן פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס. אויך אין האנדל און מלאכה איז געוואָרן א געוויסע רווחה און געמיינזאם דערמיט האָט זיך אויך געשטאַרקט דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן.

דער „גן עדן" האָט אָבער נישט לאַנג אָנגעהאלטן און אין א קורצע צייט האָבן די עסטרייכער אָפּגעטרעטן פון ראדזין און זייער אָרט האָבן באַדאַרפן איבערנעמען די דייטשן. דאָס האָט ווייטער געשאַפן א בין־המצרים־שטימונג און עס האָט געגעבן א מעגלעכקייט די כוליגאַנעס און סתם שונאי־ישראל זיך נוקם צו זיין אין דער יידישער באפעלקערונג פאַר די גוטע „יום־טוב"־טעג בעת דער עסטרייכישער אָקו־פּאַציע.

עס האָט זיך גלייך געשאַפן א בירגער־קאָמיטעט פון פּאָליאַקן און יידן, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען ד"ר שיטקאָווסקי (איינער פון די ווייניקע חסידי

אומות העולם) און נאָך א פּאָר געציילטע איידעלע פּוילישע בירגער און מ׳האָט אָרגאַניזירט א בירגער־מיליץ, אין וועלכן עס האָבן זיך פאַרשריבן כמעט די גאַנצע יידישע יוגנט. מ׳האָט אויך רעאָרגאַניזירט דעם מאַגיסטראַט (די רוסן האָבן בעת דער עוואַקואַציע מיטגענומען דעם גאַנצן אַרכיוו) און געמאַכט א נייע ציילונג פון דער באַפעלקערונג. איינער פון די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן איז געווען יאַנוש טור־קעלטאַוב, וועלכער איז טאַקע געווען איר לאַנגיעריקער — ביז דער זעלבשטענדי־קייט פון פּוילן — הויפּט־סעקרעטאַר.

ווען די דייטשן האָבן באַזעצט די שטאָט, האָבן זיי שוין אָנגעטראָפן א האַלב־נאָרמאַלע שטאָט־פאַרוואַלטונג. זיי האָבן גלייך אַריינגעזעצט זייערס א מיליטער־מאַן אַלס שטאָט־פּרעזידענט. און שוין דעמאָלט — 20 יאָר פאַר היטלערן — האָבן מיר געשפּירט די ברוטאַלע לאַפּע פון דייטשן זשאַלדאַק...

קודם כל — אָביעקטיווע סיבות: צוליב דער געאָגראַפישער לאַגע האָט ראַדזין זיך אָנגעהערט צום קריגס־פראָנט און זיך גערופן „עטאַפּן־געביט״ און דאָס האָט פאַראורזאַכט ספּעציעלע באַגרענעצונגס־פאַרשריפטן, ווי: פּאָליציי־אישע נאַכט־שעה׳ן — אין אָנהויב איז די באַוועגונג אין גאַס געווען דערלויבט נאָר ביז 6 אָוונט; דער אַריינפאָר און אַרויספאָר פון ראַדזין איז געווען דערלויבט נאָר דורך ספּעציעלע פּאַסירשיינען, וועלכע זענען געגעבן געוואָרן דורכן קרייז־קאָמענדאַנט. דאָס אַרויס־באַקומען אַזא שיין איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן און דער פּע־טענט האָט געמוזט אָנגעבן זייער ווּכטיקע סיבות צום אַרויספאָר און ווען מ׳האָט שוין באַקומען, איז דאָס געווען נאָר אויף א קורצע צייט, העכסטנס אויף 10 טעג. די באַוועגונגס־מעגלעכקייט אין ראַדזינער קרייז איז געווען פּאָלגנדע: דער טייך בוג איז געווען די גרענעץ צווישן דייטשן און עסטרייכישן אָקופּאַציע־געביט און ממילא איז יענער זייט בוג געווען פּולקאָם געשלאָסן פאַרן ראַדזינער בירגער. דאָס דאָרף סטאַטשעק, וועלכעס געפינט זיך אויפן האַלב־וועג צווישן ראַדזין און לוקאָוו איז געווען די גרענעץ צווישן ציוויל־געביט און עטאַפּן־געביט. דער פּאַסאַזשיר־אַדורכפאָר (נאָר ביז לוקאָוו) איז געווען האַלב־לעגאַל, אָבער די זאַכן זענען גע־וואָרן שטרענג קאָנטראָלירט און קיין שום ווערט־זאַך, און ספּעציעל לעבנס־מיטל, איז נישט אַדורכגעלאָזט געוואָרן. נאַטירלעך האָט די דאָזיקע לאַגע שווער געווירקט סיי אויף דעם עקאָנאָמישן לעבן, ווי אויך אויף דער שטימונג פון יעדן איינעם. עס האָט זיך געשאַפן א ספּעציעלער טיפּ פון סוחרים־שמוגלערס, וועלכע האָבן נישט געבערענגט קיין כבוד דעם יידישן סוחר און אויך נישט געהויבן דעם ניווא פון מאָראַל...

אָבער א חוץ די אויבנדערמאָנטע, אַזוי גערופענע, אָביעקטיווע סיבות, האָבן מיר יידן געהאַט צו זינגען און זאָגן צוליב ריין יידישע צרות. שווער איז געטראָפן געוואָרן די יידישע באַפעלקערונג דורך די צוואַנגס־אַרבעט. יעדע פּאָר טעג פלעגט

זיך ארויסלאָזן א גרעסערע גרופּע דייטשע זעלנער אויף א געיעג צו כאַפּן די יידישע יוגנט אויף ארבעט הינטערן פראָנט. זיי פלעגן אָפּשליסן די גאסן און מאכן שטוב־רעוויזיעס און ארויסגענומען אלע יונגע ארבעטס־פעאיקע מענער און זיי פארשיקט. א געוויסער טייל פון די פארשיקטע זענען אינגאנצן פארפאלן געוואָרן. אלס מורא פאר אומגעריכטע איבערפאלן, פלעגט זיך די יוגנט באהאלטן אויף גאנצע וואָכן אויף בוידעמער און קעלערס. א טייל פון זיי פלעגט איבערהויפּט אוועק פון דער שטאָט. אויסער דעם האָט זיך גאנץ אָפט געזוכט די דייטשע בעסטיע אויסצולאָדענען מיט קלעפּ אויף יידישע קערפּערס, יונגע און אלטע, מענער און פרויען. ספּעציעל איז מיר געבליבן אין זכרון דאָס שרעקלעכע בילד פון א געוויסן זעלנער מיטן נאָמען „האלץ", א הויך, פעסט־געבויטער קערל מיט סאדיסטישע בייגונגען. ווען ער פלעגט זיך באווייזן אין גאס, זענען אלע מענטשן אנטלאָפן אין די לעכער אריין און נישט איין שטעקן זיינער איז צעבראָכן געוואָרן אויף יידישע פּלייצעס. זעלבסטפאר־שטענדלעך, ביי די הערשנדע באדינגונגען האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן וואָס־עס־איז פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכע ארבעט סיי אויפן ציוניסטישן געביט, סיי אויפן סאָציאליסטישן געביט. די יוגנט האָט זיך אויסגעלעבט ביי צוזאמענטרעפן פון ענגערע גרופּן. אזוי פלעגן מיר זיך טרעפן ביי די וואלפס, אָדער ביי יהושע ליכטענ־שטיין און גאנץ אָפט אויך אין לאָקאל פון דער קאסע, וועלכע איז געוואָרן, מיט דער צייט, דער צענטראל־פּונקט פון דער יוגנט.

נישט קוקנדיק אויף די שטרענגע דייטשע צענזור, וועלכע פלעגט נישט אין דער פּרעסע אדורכלאָזן קיין ידיעות פון יענער זייט פראָנט, פלעגן זיך דאָך אדורכ־רייסן איינצלנע וויכטיקע ידיעות. אזוי איז צו אונז אויך דערגאנגען די ידיעה וועגן דעם יידישן לעגיאָן, וועלכן זשאַבאָטינסקי האָט געשאפן און וועלכער קעמפט ביי דער זייט פון ענגלישן מילישער און וואָס זיין אויפגאבע איז געווען אָפּצונעמען ארץ־ישראל פון די טערקן.

## 9. באַלפור־דעקלאַראַציע און ציוניסטישע טעטיקייט

אזוי ווי א לייכטנדער מעטעאָר אין א שטארק־פינצטערע נאכט, האָט פאר אונז אויפגעלויכטן די גרויסע בשורה פון דער באלפור־דעקלאראציע, וועלכע איז צו אונז דערגאנגען אין נאָוועמבער 1917, אין וועלכע די ענגלישע רעגירונג אָנערקענט פּאלעסטינע אלס יידישע נאציאָנאלע היים. בליץ־שנעל האָט זיך די פריילעכע בשורה פארשפּרייט איבערן גאנצן שטעטל. די יידן האָבן זיך אָפּגעגעבן מזל־טוב און גע־קושט זיך איינער מיטן צווייטן און אין די בתי־מדרשים האָט מען געזאָגט הלל ביים דאווענען.

די ידיעה האָט געהאט א דעצידירנדע השפעה אויף דער יידישער באפעלקע־רונג, וועלכע איז געוואָרן, אין איר גרעסטער מערהייט, ציוניסטיש געשטימט. אָבער

צו קיין פראקטישער ציוניסטישער ארבעט האט דאס אויך נישט געברענגט און דאס צוליב צוויי סיבות: ערשטנס איז דאס אין דער צייט פון דער דייטשער אקופאציע געווען פארבונדן מיט א סכנה פון מלוכה־פאראט און צווייטנס איז פשוט נישט געווען קיין ארבעט־פעלד פאר פראקטישע ארבעט — פון עמיגראציע איז דאך איבערהויפט קיין רייד נישט געווען און אפילו זאמלען געלט פאר די קרנות האט מען אויך נישט געקאנט, ווייל עס איז נישט געווען וועמען דאס געלט איבערצוגעבן. אזוי איז די ליבע פאר ציון אין דעם מאמענט געווען נאר א ריין פלאטאנישע... אבער דווקא דער פעריאד פון ריין אידעאליסטישן ציוניזם, וועלכער האט נישט געברענגט צו קיין שום חילוקי־דעות, וועלכע עס ברענגען מיט זיך געוויינלעך אידייען ביי זייער פארווירקלעכונג — איז געווען די גאלדענע עפאכע ביים זייען די קערנער פון ציוניסטישן אידעאל אויף דער יידישער גאס, ארום וועלכן עס האט זיך גרופירט די גאנצע ראדזינער יידישע אינטעליגענץ.

געמיינזאם מיט די מפלות פון דער דייטשער ארמיי אויפן קריגס־פראנט און מיט די נצחונות פון דער רוסישער רעוואלוציע, צוליב וועלכער דער צאר האט געמוסט אבדיקירן — האט זיך ביי אונז אין שטעטל די שטימונג געענדערט. די דייטשע „העלדן", ווי די האלצ׳ס און אנדערע, האבן זיך פארשטעקט אין די לעכער אריין און די יידישע יוגנט האט זיך פריי באוועגט אין די גאסן. אין איינעם פון די שענסטע לאקאלן איז געגרינדעט געווארן א יוגנט־פאריין מיטן נאמען „באפרייאונג". דער פאריין האט ארומגענומען כמעט די גאנצע יידישע יוגנט, אומאפהענגיק פון שטאנד און פאליטישע איבערצייגונג. אויך מיר, געוועזענע בית־המדרש־בחורים, האבן זיך אקטיוו באטייליקט אין דער קולטור־ארבעט פון דעם פאריין. די אויפגאבע זיינע איז געווען פארשפרייטונג פון בילדונג און קולטור צווישן זיינע מיטגלידער אן שום פאליטישע באפארבונג. א פאר מאל אין דער וואך זענען פארגעקומען פארלעזונגען און רעפעראטן, ווי אויך געזעלשאפטלעכע פארוויילונגען. די רעפעראטן און וויכוחים האבן צוגעצויגן גרויסע מאסן צוהערער און אנטיילנעמער, אין וועלכע זיי פלעגן ארויסווייזן שטארקע פאראינטערעסירונג. אבער אין גאנג פון אט די וויכוחים האבן זיך אנגעהויבן אויסצוקריסטאליזירן צוויי קעגנגעזעצטע מיינונגען און וועלט־השקפות. די גרעסטע טייל, צווישן זיי כמעט די גאנצע בית־המדרש־יוגנט, האט זיך צופרידנגעשטעלט מיט דער ארבעט פאר דער באפרייאונג פון יידישן פאלק אליין... און די צווייטע טייל, האט — אונטערן איינדרוק פון דער רוסישער רעוואלוציע — זיך פארמאסטן אויף דער באפרייאונג פון דער גאנצער מענטשהייט. די דיסקוסיעס האבן, מיט דער צייט, אנגענומען אלץ שארפערע פארמען און וואס ווייטער געשאפן א גרעסערן מרחק צווישן די צוויי צדדים, און די פאלגן דערפון זענען געווען דאס שאפן א זעלבשטענדיקע ציוניסטישע ארגאניזאציע מיטן נאמען „צעירי־ציון".



הגימנסיה העירונית
די שטאטישע גימנאזיע

## 10. פוילן ווערט זעלבשטענדיק

נאָוועמבער 1918. די גאנצע פוילישע באפעלקערונג יובלט פון שמחה — פוילן איז געווארן זעלבשטענדיק. אלע זענען ארויס אין גאס אריין ; די שטאָט איז איינגע־טונקען געווארן אין א ים פון רויט־ווייסע פענער. אלע פענצטער און באלקאָנען זענען באצירט געווארן מיט טעפיכער און בילדער פון פילסודסקין. און די יידן ? — איך ווייס נישט ווי אזוי עס האָט זיך אָפּגערופן די פוילישע שמחה אויף די יידן פון אנדערע שטעט, אָבער ביי אונז — מוז געזאָגט ווערן למעת האמת — האָבן זיך די יידן וואָס ווייניק געפרייט. כאָטש אָביעקטיוו גענומען האָבן זיך דאָך די יידן יאָ באדארפן צו פרייען נאָך די גרויסע צרות, וואָס מיר האָבן דעמאָלט געליטן פון היטלערס ימ״ש פאָרגייערס. קאָנענדיק אָבער די מענטאַליטעט און די גרויסע „אהבה״ פון די פּאָליאַקן צו אונז יידן, האָבן מיר זיך נישט געקאָנט ריכטן אויף קיין גרויסע גליקן פון זייער באפרייאונג. דערפאר האָט אונז דער נס פון דער פוילישער באפריי־אונג געוועקט ביי אונז דעם ווילן צו אן אייגן לאנד און אויך געוויזן דעם וועג, וועלכער פירט דערצו.

מיטן גאנצן יוגנטלעכן ברען האָבן מיר זיך אריינגעוואָרפן אין דער אויפקלע־רונג און פּראָפּאַגאַנדע פאר דער ציוניסטישער זאך. א פּאָר מאָל וועכנטלעך זענען פאָרגעקומען רעפעראטן אין לאָקאַל פון „צעירי־ציון״, וועלכע זענען צאָלרייך באַ־זוכט געווארן דורך דער יוגנט. אויך מענטשן פון עלטערן דור פלעגן זיין צווישן די

אַפּשׂע באזוכער פון דעם לאָקאל און שפּעטער זענען טאַקע אַ טייל פון זיי אויסגע־ווילט געוואָרן אין ועד אריין, ווי יהודה בלאַכאַוויטש, שמעון קופּיעץ און שאול העגעך ראָזענוואַלד. גלייכצייטיק מיט די פאַרשטאַרקטע ציוניסטישע באַוועגונג, האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ גרויסע באַוועגונג פאַר דער העברעאישער שפּראַך. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אָוונט־קורסן אין לאָקאל פון „צעירי־ציון״ און נאָך ענלעכע טעטי־קייטן. אַ נאָרמאַלע פאָלקס־שולע, פון וועלכע עס איז אויסגעוואַקסן כמעט דער גאַנצער יונגער דור אין אַ שטאָלצע ציוניסטישע יוגנט, פאַרוואָרצלט אין דער העברעאישער שפּראַך און קולטור און פון וועלכע אַ גרויסע טייל געפינט זיך היינט אין ישראל, איז שוין געגרינדעט געוואָרן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. נישט איינמאָל קלער איך: ווער קאָן וויסן די וועגן פון דער השגחה: ווען נישט די פּאָר ציוניסטישע „פאַנאַטיקער״, וועלכע האָבן געשאַפן דעם ציוניסטישן קערן אין ראַדזין און דורכדעם געשאַפן דעם דראַנג צו עליה, צי וואָלטן נישט ח״ו אַ סך פון די, וועלכע געפינען זיך היינט אין לאַנד נישט געגאַנגען אין אַנדערע וועגן און דורכדעם געפונען זייער גורל צוזאַמען מיט אַלע היטלעריסטישע קרבנות?..

אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע שולע איז געשטאַנען יעקב בלאַכאַוויטש, וועל־כער האָט זיך אײַנגאַנצן איר געווידמעט און געווען איר דירעקטאָר. די ערשטע מיט־העלפער זיינע זענען געווען: יהודית ליכטענשטיין (היינט, זאַקאַליק), יהושע פריד־מאַן און, אַ צוגעוואַנדערטער קיין ראַדזין, לעאָן ראַכלעס.

אַ גרויסן ביישטייער האָט אויך ראַדזין געגעבן ביי די וואַלן פון ערשטן געזעצ־געבערישן סיים. אין ראַדזין איז געגרינדעט געוואָרן אַ ציוניסטישע וואַל־קרייז ביוראָ, וועלכע האָט אָנגעפירט אַ לעבהאַפטע אַגיטאַציע פאַרן ציוניסטישן (פאַר־אייניקט פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אויך מיטן מזרחי) קאַנדידאַט, אַדוואָקאַט אַ. האַרטגלאַס, אין גאַנצן קרייז. אַ טייל פון אונז איז אַרויסגעטרעטן מיט אַגיטאַציע־רעדעס אויך אין אַנדערע, ביילִיגנדע שטעטלעך. אונזער אַרבעט איז ווירקלעך געקרוינט געוואָרן מיט אַ נצחון און די ציוניסטישע ליסטע האָט באַקומען די גרעס־טע צאָל שטימען; אַדוואָקאַט האַרטגלאַס איז טאַקע געוויילט געוואָרן פון אונזער קרייז.

—•—

אין איינקלאַנג מיט דער הערצליאַנישער לאָזונג פון „כבוש הקהלות״ איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן דורכן ועד פון צעירי־ציון, די אויפגאַבע פון אָרגאַניזירן די קהילה אין ראַדזין אויף דעמאָקראַטישע יסודות.

ס׳איז דאַן געווען, ווי געזאָגט, אין אָנפאַנג פון דער פּוילישער מלוכה־זעלב־שטענדיקייט, ווען עס האָט נאָך געהערשט אַ פולשטענדיקע דעאָרגאַניזאַציע אין פּוילישן מלוכה־לעבן בכלל און אין די מוניציפּאַליטעטן בפרט. אויך דאָס יידישע קהילה־וועזן איז געווען פולשטענדיק הפקר און כאַאָטיש. פון קיין שטייערן — אָדער




בית הספר היהודי ברדזין　　　　יידישע שולע אין ראדזין

**עס שטייען אין דער ערשטער ריי:** 1) יצחק זיגלמאן, רעדאקטאָר פון דעם דאָזיקן „ראדזינער יזכור־בוך"; 2) הערשל לעווי, הילפס־לערער, איצט אין בראזיל; 3) משה סנה (קליינבוים) באוווסטער ארבעטער־פירער אין ישראל; 4) ישראל ליכטנשטיין, לערער און שרייבער, אומגעקומען אין ווארשעווער געטאָ; צוזאמען מיט רינגלבלומען באהאלטן דעם געטאָ־ארכיוו אין ווארשע. **אין דער זיצנדער ריי:** 5) יהושע פרידמן; 6) גוטא; 7) אנדזשע טורקעלטויב; 8) יעקב בלאכאָוויטש (אלע פיר — פון די ערשטער לערער אין דער שולע).

**עטאט, אזוי ווי מ'האָט דעמאָלט גערופן — איז קיין רייד נישט געווען. דער איינציקער מקור פון הכנסה איז געווען די שחיטה, וועלכע האָט זיך געפונען אין די הענט פון די שוחטים אלס זייער אייגנטום און פון וועלכן זיי פלעגן „געבן" דעם רב א געוויסן פראָצענט.**

**מיר האָבן דאן גלייך געשאפן אן אָרגאניזיר־קאָמיסיע, וועמענס אויפגאבע עס איז געווען דאָס פארבערייטן וואלן צו דער קהלה־פארוואלטונג און דאָס איבערנעמען די שחיטה אין אונזערע הענט.**

**אבא דאנילאַק** (טאָראָנטאָ, קאַנאַדע)

# די שול און דאָס קהל'שע בית־המדרש

ווייט ביים עק שטאָט, נאָענט צו די גוי'אישע גערטנער, שטייען די צוויי הייליקע ערטער. איינס אקעגן דעם אנדערן שטייען זיי אָפּגעטיילט צווישן זיך מיט א ליידיקן פּלאַץ, וועלכן מ'האָט גערופן שול־הויף. דעם שול־הויף האָט מען גענוצט אין צוויי וויכטיקע געשעענישן אינעם לעבן פון די שטאָטישע איינוווינער: חופּות האָט מען געשטעלט אויפן שול־הויף, אָדער הספדים געהאלטן איבער בר־מינן'ס, רחמנא לצלן.

צוויי הויכע מויערן, דאָך זענען זיי פארשידן אין זייער סטרוקטור און אינעם געבוי. די שול באַשטייט פון איין הויכן שטאָק מיט הויכע, רונדע פענצטער, געטיילט אין פיר־קאַנטיקע טונקעלע שייבלעך און פארענדיקט פון אויבן מיט א דאַך אין גאָטישן סטיל. געבויט מיט הונדערטער יאָרן צוריק, האָט די שול געטראָגן דעם איינציקן חותם פון אלטערטימלעכקייט. געזאָלט האָט זי זיין די העכסטע מויער אין שטאָט, נאָר דער שונא ישראל, דער פּריץ ימח שמו, האָט געהייסן די טומאה, וואָס האָט געקוקט גלייך צו זיין פּאַלאַץ, אויפהויבן נאָך העכער, אזוי, אז דער צלם אין דער הויך זאָל דאָמינירן אין שטאָט.

דער אריינגאַנג צו דער שול האָט געפירט דורך א פינצטערן קאָרידאָר, וועלכן מ'האָט גערופן: דער פּאַליש. טיף, אין א ווייטן עק פונעם פּאַליש איז געשטאַנען דאָס טהרה־ברעט פאר מתים און טיילמאָל אויך די עגלה. מיט אן אינערלעכן ציטער זענען יידן־מתפּללים דורכגעגאַנגען דעם פּאַליש, וועלכער האָט מיט זיינע טויט־מכשירים אָנגעוואָרפן א פּחד אויף זיי. פון דעם פּאַליש צו דער שול האָבן אראָפּ־געפירט פיר טרעפּ. אינעווייניק האָט דער אויסזען פון דער שול מיט איר אלטער־טימלעכקייט ממש פארכאַפּט דאָס אויג. דער סופיט איז געווען ארטיסטיש באַמאָלן מיט אלערליי חיות, פויגל און מזלות. דער אָרון־קודש האָט פארבלענדט מיט די גינ־גאָלדענע, באַליישטע בריות, פיל־קאָלירטע פּרוכטן און הימלישע געשטאַלטן. די הדרת'דיקע, גאָלד־געשטיקטע פּרוכת'ן האָבן געוועקט יראת־הכבוד און פּיעטעט. זעלטן־ווען האָט מען געוואַגט אויסער מיט תפילות צו פארשוועכן די הייליקע שטיל־קייט מיט וואָכעדיקע ווערטער. די ערטער, וועלכע יידן האָבן פארנומען ביים דאַווענען און וועלכע מ'האָט גערופן „שטעט" זענען איבערגעגאַנגען פון דורות בירושה פון עלטערן צו קינדער. א גרויסער טייל יידן אין שטאָט האָבן קיינמאָל אין שול נישט געדאַוונט. דאָך האָט מען אין שטאָט געפילט אז די שול געהערט צו יעדן. פון מערב־זייט האָבן פון דער הויך אראָפּגעקוקט פענצטערלעך, מיט פאַרהענגלעך פאַרהאָנגען פון דער ווייבערשער שול, דורך וועלכע ס'האָבן זיך דורכגעריסן ווייבערישע געוויי־נען און קרעכצן. אונטער די פענצטערלעך, אין דער לינקער זייט, איז געשטאַנען א קליינער אָרון־קודש, אין וועלכן ס'זענען געשטאַנען אלע פּסול'ע ספרי־תורות

אין שטאָט. און מעשיות פון שדים און מתים, וואָס עפּענען אין האלבע נאכט דעם ארון און לייענען אין די ספרים אויפן הויכן קול, האָבן זיך איבערגע׳חזר׳ט פון דור־צו־דור און אָנגעוואָרפן א מרה־שחורה אויף די דורכגייער אין די שפּעטיקע אָוונט־שעה׳ן. די שול איז געווען נאָר צום דאווענען. צוליב דעם וואָס זי איז קיינמאָל נישט באהייצט געוואָרן, פלעגט מען אין די פּראַקטיקע שבתים־טעג נישט דאווענען. אין די פינצטערע ווינטער־נעכט האָבן די שווארצע פענצטער ווי געשראָקן און קיינער וואָלט דעם שול־הויף נישט געוואַגט צו באטרעטן, ווען נישט די בלישטשענדע לאָמפּן פון אקעגנאיבערדיקן קהל׳שן בית־המדרש, וועלכע האָבן באגאָסן מיט ליכט און וואַרעמקייט דעם שול־הויף.

דאָס קהל׳שע בית־המדרש איז געבויט געוואָרן פיל שפּעטער ווי די שול און נישט אנטהאלטן אין זיך קיין שום ספּעציפישעס, וואָס זאָל דערמאָנען אלטערטימ־לעכע פאָרמען. די ווייסע ווענט זענען געווען ארומגעשטעלט מיט ספרים ארום און ארום. בליך־לאָמפּן האָבן באלויכטן די לאנגע טישן. דער הויכער אויוון ביי דער טיר האָט געגליט פון היץ און געוואַרעמט אין די ווינטער־נעכט די פאַרפרוירענע הענט און פנים׳ער פון די צופעליק אריינגעפאלענע טרעגער און קצבים. דער קול־תורה האָט דאָ קיינמאָל נישט אויפגעהערט. געבויגן איבער שווערע, האמעטענע גמרות און ספרים האָבן יונג־און־אלט, אין ווילדע תנועות, זיך צעוואַרעמט, צוקער־דיק מיט טרויעריקע נגינה ווי דורך איר וואָלטן זיי געפונען דעם אויסגוס פונעם באַנגנדיקן יידישן צער פון דורות.

די פאַרנאכטן זענען פאַרנומען געוואָרן פונעם פּראָסטן המון. דאַן אין די בין־השמשות׳ן האָבן זיי פאַרלאָזט דאָס האַוועניש פון עולם־הזה און זיך צוגעכאַפּט מיט הארץ און ברען צו א מנחה־מעריב ווי צו א גייסטיקע אָפּפרישונג. אין טייל ווינטער־דיקע אָוונטן האָט „עמך" איבערגענומען די גאַנצע ממשלה איבערן בית־המדרש. מקדמונים פלעגן מגידים אראָפּלאָזן זיך אין שטאָט אריין. דאָס זענען געווען משר־לחים פון גרויסע ישיבות אין דער ליטע צו קלייבן נדבות פאַר די הייליקע אינסטי־טוציעס. מערסטנטייל זענען דאָס געווען ליטוואַקעס, שאַרפע צינגלעך, וועמענס דרשות, געפעפערטע מיט מוסר און שפּרודלענדיק מיט פקחות און חכמה, זענען געווען די הויפּט־אטראַקציע אין שטאָט. אין יענע ווינטערדיקע פאַרנאכטן האָט „עמך" געוואָרפן שער־און־אייזן, בעלי־עגלות זייערע בייטשן און געלאָזן זיך מיט אימפּעט צום בית־המדרש. די יוסטע בעלי־בתים, שאַרפע מוחות, האָבן געדרייט מיט די נעזער, מבטל געמאַכט די מגידישע תורה און זעלטן ווען בייגעוווינט דעם ספּעקטאַקל. דערפאַר האָבן די קצבים זיך די הענט ברייט פונאַנדערגעפירט, איבער־גענומען די אָרדענונג און נישט דורכגעלאָזן קיינעם, וואָס זאָל נישט אריינוואַרפן זיינע גראָשנס אין די אויסגעשטעלטע קערות אויפן טיש ביים גליענדן אויוון.

דאָס בית־המדרש איז געפּראָפּט מיט מענטשן, דאָס ענגשאַפט איז גרויס, דער



בבית המדרש — שיחה בענייני דיומא...
אין בית המדרש — א שמועס איבער פאָליטיק...
ציור מאת / געצייכנט פון מאַנועל ליכטענשטיין (ניו־יאָרק)

געריוש באַטויבט די אויערן און די לופט א געפּרעסטע און שטיקנדע. מיטאַמאָל א קלאַפּ אין בלעמער; מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם בלייבט יעדער שטיין אויף זיין אָרט און אלע אויגן ווענדן זיך אהין צום ארון־קודש. דער מגיד, פאַרוואָרפן מיט א טלית אויפן קאָפּ, הויבט זיך אויף אלץ העכער און העכער מיט פּאַמעלעכע טריט אויף די פּאָר טרעפּלעך, וואָס פירן ארויף צום ארון־קודש. א ווײַלע בלייבט ער שטיין. מיט פּקחות'דיקע אויגן באַטראַכט ער דעם עולם ארום ווי וועלנדיק אויסגעפינען וואָס טוט זיך אין די מוחות פון די האָראָפּאַשנע יידן און וואָסערע דרשה וועט זיין מער פּאַסנד פאַר זיי. גאַנץ שנעל האָט ער דעם עולם באַנומען. אַנשטאָט מוסר און שטראָף־רייד וועגן פרומקייט און כשרות האָט ער זיך גאָר צעזונגען מיט פאַרטייטשטע מאמרי חז"ל און פאַנטאַסטישע אגדות. דעם גלות מיטן גאַנצן באַלאַסט פון צער און צרות האָט ער מיט זיין קינסטלערישער רעדנער־קראַפט צונישט געמאַכט ווי א פאַרבייגייענדע זאַך, א דורכפליענדער חלום. אַנשטאָט דעם האָט ער גאָר שעה'ן לאַנג געמאָלן אַרטיסטיש דעם עמך־ייד זיין שכר אויף יענער וועלט, מיטן גן־עדן, לויתן, שור הבר און אלע אנדערע פליטערלעך, וואָס דערוואַרטן דעם פּראָסטן פרומען יידן. דער עולם ווי אין א טראַנס, מיט אָפענע מיילער און פאַר'חלומ'טע אויגן, האָט פאַרגעסן אין די דאָזיקע דאגות, אָרעמקייט און א ווײַלע פאַרכאַפּט געוואָרן אין

א ווייזע פון א שענערע און א בעסערע וועלט. אונטערן דרוק פון די מחיה׳דיקע שילדערונגען האָבן יידן פון נחת די הענט געריבן און אין דער ווייבערישער שול אויבן האָבן די ווייבער א טרער נאָך א טרער געלאָזט, באגלייט אָפּט מיט א קרעכץ. כדי נאָכמער אויפצוהייטערן די שטימונג פונעם עולם האָט דער פקחותדיקער מגיד פארענדיקט מיט שארפע גלייכווערטלעך, אָדער מיט נביאות זאָגן אויפן מאָרגנדיקן וועטער.

דער מגיד האָט שוין לאנג פארענדיקט און דער עולם לאָזט זיך אין א געהויבענער שטימונג אהיים, פילנדיק ווי דער יאָך פונעם גלות איז פלוצים גרינגער געוואָרן און כמעט ווי פארשוואונדן... לאנג־לאנג האָבן אָפּגעקלונגען די דאָזיקע באלזאמע דרשות אין די צעוויטיקטע הערצער פון די תמימות׳דיקע יידן. געשטארקט און געמוטיקט זיי אינעם געראנגל פאר פרנסה און א בעסער לעבן אין די שווערע און גרויע טעג.



יעדן אינדערפרי אין דער זעלבער צייט טרעפט מען צווי יידן זיך יאָגן אָן אָטעם איבער די גאסן און געסלעך, וואָס פירן צום קהל׳שן בית־מדרש. פאָרויס שפאנט א פאָלירט־שווארצער שטעקן מיט א זילבערנעם הענטל, ווי ער וואָלט דאָס אויסרופן: דרך־ארץ, דער רב גייט! נאָך אים דער רב אליין. זייביידן באגלייט יודל שמש מיטן רב׳ס טלית אונטערן אָרעם. זיי רוקן זיך אזוי ביי די זייטן פון די הייזער נישט אָנצוטרעפן זיך מיט די בליקן פון פרויען. פרומע יידענעס, דערזעענדיק דעם רב, פאררוקן די שפיצן ארויסגעשטארטע האָר אונטער די הויבן אָדער קופקעס אויף די קעפּ און שעמעוודיקע טראָגן זיך שנעל אָפּ. מענער פארנויגן זיך און ביטן א גוט־מאָרגן.

א ייד, העכער פון מיטעלן וואוקס, א הויכן שטערן מיט קלוגע, דורכדרינגענדע אויגן, פון וועלכע ס׳קוקט ארויס אייביקע אומרה, טיפזיניקע חכמה און לעבנס־באַנעמונג — דאָס איז דער רב, דער ליטוואַק ר׳ חיים פיין. זיין ליטווישע אויסשפּראך איז די איינציקע אין שטאָט און דוקא די משונה׳דיקע אויסשפּראך האָט ארויסגערופן גרויס דרך־ארץ צו אים פון אלע יידן פון שטאָט. אפילו די חסידים אין שטאָט האָבן זיך באצויגן צום ליטוואק מיט גרויס יראת־הכבוד. זיי האָבן אָפּגעשאצט אין אים זיין לומדות, גוטע מדות און וועלטלעך וויסן. ווי ס׳פּאסט פאר א ליטווישן תלמיד־חכם האָט ער געטראָגן זיין רבנישן טראכט מיט ווירדע און טאקט. נאָך אין די יונגע יאָרן האָט ער גע׳שמ׳ט אלס עלוי, שארפער קאָפּ. פון דער ישיבה איז ער גלייך אריינגעפאלן צו דעם בארימטן מורה הוראה אין ווארשע, ר׳ זאוועל, פאר אן איידעם. ווען דאָס מחלוקת האָט נאָך געברענט אין ראדזין האָבן די בעלי־הבתים באשלאָסן, צו להכעיס דעם חסידישן רבין, אוועקזעצן אויף דער רבנות־שטעלע א ליטוואק. ר׳ זאוועלע האָט דאָס כסא־הרבנות באקליידט מיט זיין איידעם. צוויי מאָל אין יאָר,

שבת־תשובה און שבת־הגדול האָט ער געהאלטן זיינע מגידיש־לומדישע דרשות אין קהל׳שן בית־מדרש. ער האָט דעם עולם גענומען מיט זיין גראדן שכל און פקחות־דיקן באנעמען אן ענין.

# שבת אין שטעטל

נאָך פון פרייטיק נאָך צוועלף אַן האָט זיך געלאָזט פילן אין שטאָט דאָס אנקר מען פונעם שבת. אויף די גאסן האָבן זיך צעלאָזן מיט געפילדער די ווייסע חברה׳ניקעס. זיי זענען נאָר וואָס באפרייט געוואָרן פון די חדרים און געלאָזט זיך מיט אימפעט א היים. מיט באנומענע קולות האָבן זיי זיך צעשריען פון פרייד און ווי ווילדע לאָשאקעס זיך צעשפרונגען אין ווילדע תנועות פון צעשפארטער ענערגיע. אויף די גאסן און געסלעך האָבן זיך באוויזן יידן מיט קאַלטאָנעוואַטע בערד און פאות און מיט בעזעמלעך אין די הענט. דאָס האָבן זיי זיך געלאָזט צו דער שוויץ־באָד. די באָד האָט זיך געפונען ווייט, ווייט אונטער דער שטאָט, א שפאַן פון די גוי׳אישע גערטנער. פון דערווייטנס האָט מען גלייך געקענט מערקן דאָס אייך־שטאָקיקע הייזל מיטן גאַרנדיקן קוימען, פון וועלכן ס׳האָט געזעצט א דאמף־שווארצער רויך. פון דערווייטנס האָט א גערוך פון דעמף־געזאלצענע וואסער זיך צעטראָגן אין דער לופט און געררייצט מויל און נאָז. דורך די אָפענע פענצטער, פון וועלכע ס׳האָט געשפארט א געדיכט־גרויע פארע, האָט מען קוים באמערקט די שאָטנס, וואָס באוועגן זיך אינעווייניק. דערפאר האָט מען דייטלעך געהערט קולות צעהיצטע: העי, ווו איז דאָס שעפל ?! דערלאנג מיר דאָס בעזעמל! און צומאָל אויך א צעצויגענעם, אָטעם־נאָכגעלאָזטן „א מחיה!!!״ — דאָס האָבן צעשמיסענע, צונט־רויטע לייבער אויף די העכסטע בענק דעם אמתן תענוג אין אלע אברים דערשפירט.

אין מתיקות האָט דאָס לעבן לכבוד שבת אַן אנדערן זין באקומען. דער צוריק־מארש פון באָד האָט גאָר אַן אנדערן חן באקומען. צעגליטע, מיט פינקלען אין די אויגן און צעווייקטע בערד און פאות, האָבן זיי שווער־אָטעמענדיק לאנגזאם זיך געצויגן אויף צוריק, גרייטע אויפצונעמען די שבת־מלכה. מיט צעשויבערטע האָר און הויבן פאררוקטע אויף אונטן האָבן די ווייטער זיך צוגעאיילט מיט די טשאָלנטער. אין פארפעצטע פארטוכער לאָזן זיי זיך לויפן מיט ליים־פארשמירטע טעפּ צו די בעקערס. פּלוצים האָט זיך צעגרילצט אין דער לופט א טעמפּיק, האלב־הייזעריק קול: יידן אין שול א־ר־יי־ן!! — דאָס האָט משה דער אונטער־שמש, סאָפּענדיק זיך אוועקגעשטעלט אין מיטן גאס, אָפּגעכאפּט דעם אָטעם, מיט גאוה דעם קאָפּ צום הימל אויפגעהויבן און מיט חשיבות פון זיין מיסיע האָט ער גדלות׳דיק זיך צעזונגען און פארענדיקט דעם „אריין״ מיט א קוויטש.

ווי א שטורעם וואַלט זיך דורכן שטעטל דורכגעטראָגן. ס׳איז אנטשטאַנען א

ווילד געיעג פון געדראנג און לויפעניש. ווייבער־קונים, וועמען דאָס געזאַנג האָט
אין די געוועלבער פארכאפט, זענען ווי אָן אָטעם אין אימפעט ארויס; „ווי איז מיר,
ס'איז דאָך שוין שבת!" — האָבן זיי סתם ווי צו זיך אונטערגעשריען און געלאָזט
זיך אין איילעניש א היים. דער קלאנג פון אייזערנע פרענטן און דאָס גרילצן פון
צוגעהאקטע טירן פון די געוועלבער אין שטאָט האָבן אָנגעזאָגט, אז דאָס וואָכעדיקע
הר־הא־לעבן איז פארשוואונדן און די שבת'דיקע רו צעלייגט זיך איבערן שטעטל.
פלוצים האָט זיך פון דער גוי'אישער גאס דערטראָגן א טראסקען פון א וואָגן מיט
אימפעט איבער די ברוקירטע שטיינער, נאָכלויפנדיק דעם פערדל, וואָס איז אין
גאלאָפּ. דאָס האָט א פארשפעטיקטער בעל־עגלה, אַניאַגנדיק אויף שבת, זיך אזוי
צעלאָזט מיט זיין פאָכעדיקע בייטש איבער דעם בידנעם פערדל און געשטערט די
אָנגעקומענע שבת־רו. באלד האָבן זיך די גאסן און געסלעך אָנגעפילט מיט
שבת'דיקע יידן. טאטעס מיט זין און איידעמס האָבן זיך בנעימות'דיק געצויגן צו
די בתי־מדרשים און שטיבלעך מקבל שבת זיין. א גוי, וועלכער האָט צופעליק אריינ־
געוואנדערט אינעם בין־השמשות אין שטעטל האָט זיך דערפילט נישט היימיש, און
איז באלד נישט געוואָרן. יידן האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ און באטראכט אים מיט
רחמנות: דוכט זיך גאָטס בריה און דאָך נישט זוכה געווען צו פילן דעם תענוג פון
שבת. ווייבער, אין קלאָרע, ווייסע הויבן אויף די קעפּ און אין שבת'דיקער הלבשה
האָבן זיך ביסלעכווייז ארויסגערוקט צו די פרוזבעס ביי די הייזלעך ווי זיי וואָלטן
אויך וועלן כאפּן א בליק אויף דער שבת המלכה, וואָס שפּרייט איצט אויס, אינעם
שאָטנדיקן בין־השמשות, אירע פליגלען איבערן שטאָט און באהויכט מיט נשמה־
יתרה'דיקע פרייד די צעבראָכענע וואָכעדיקע געמיטער. ווי נאָר די שאָטנס זענען
טונקעלער און געדיכטער געוואָרן און איינגעהילט דאָס שטעטל אין חשכות האָבן
זיך פון די פענצטער בולט'ער אויסגעשיילט די פינקלענדיקע פלעמלעך פון די שבת־
דיקע ליכט. ווי שטערן האָבן זיי זיך צעשטראלט ביי די זייטן פון די גאסן און צוגע־
געבן די שבת'דיקע, מנוחה'דיקע אטמאָספער, א הויך פון הייליקייט און פייערלעכ־
קייט. אין דער שטילקייט האָבן זיך דערהערט די ערשטע טריט פון די עמך־יידן,
וועלכע האָבן זיך צוגעיאָגט אייליק אהיים צו שטילן זייער הונגער מיט דער שבת'די־
קער סעודה פון בשר ודגים. שפּעטער־צו האָבן זיך פון אלע זייטן געלאָזט גאוה'דיקע
חסידים אין שאָרכענדיקן אטלאס און זייד. די הענט פארשטעקט אין די גארטלען,
האָבן זיי זיך בנעימותדיק גערוקט טריט־ביי־טריט, היטנדיק זיך נישט צו מאכן קיין
פסיעה גסה. שארפע יונגעלייט מיט צעשמייכלטע פנים'ער און תאוה־פונקן אין די
אויגן האָבן געשפּרייזט הלוך־וטפוף־דיק, אונטערטאנצנדיק און אונטערברומענדיק
א ניגון פון א רבי'שן זמר. אויפגעפּראלטע טירן, צערוקטע קלאמקעס, האָבן זיך
אין דער לופט צעגרילצט. יידן האָבן די מזוזות צעקושט און סתם אין דער וועלט
אריין א „גוט שבת" אריינגעוואָרפן, נישט אומקוקנדיק זיך אויף די אייגענע ווייבער,

וועלכע האָבן ווי יידישע צניעות ביים שאָרך פון דער טיר זיך צערויטלט און די אויגן צו דער ערד אראָפגעלאָזן. אין די ד׳ על ד׳ חדרים׳לעך האָבן זיי זיך געלאָזט שפרייזנדיק אויף אהין־און־צוריק, אויסזינגענדיק דעם סקארבאָוון שלום עליכם־ניגון. באלד האָבן זיך אין דער לופט צעהילכט געזאנגען; טעמפע, האלב־הייזעריקע, באגלייט דורך יונגע קוויטשענדיקע קולעכלעך. דער טויזנט־יעריקער, יידישער צער האָט אין די שבת׳דיקע זמירות זיין תיקון געפונען. די טענער זענען זיך אין דביקות פארגאנגען און פלוצים זיך פארוואנדלט אין פרייד־געזאנגען פון גלויבן אין האָפענונג אינעם נצח ישראל. די געזאנגען פון צער און פרייד האָבן זיך באמיט איבערצויאָגן איינע די אנדערע, איינע איבער דער אנדערער ווייט, ווייט ארויס איבער דער שטאָט; צעטראָגן זיך איבער פעלדער און וועלדער און אפשר פון דאָרט אויפגעהויבן זיך און דערלאנגט גלייך צום כסא הכבוד.

ווי נאָר ס׳האָט געטייעט אויף טאָג האָבן די בעלי־עגלות און טרעגער אין טורכענע היטלען, פארפעצטע קאפאָטעס, מיט טליתים אונטער די הענט, זיך געלאָזט צום שניידערישן שולעכל ביים קהל׳שן בית־המדרש. בחפזונדיק אָנגעכאפט די באלאבעטשעטע תפילות, און אוועק אין א געהייטערטער שטימונג צום שענקער מאכן א קידוש לכבוד שבת. מיט פאראכטנדע בליקן קוקן זיי נאָך די יוסטע בעלי־בתים, אויסגערוטע, וואָס טרעטן מלכות׳דיק צום שבתדיקן דאווענען אין די שולן. פרויען אין דער שבתדיקער הלבשה מיט גלאנצנדיקע אויירינג און פערל אויף די העלדזער און גראָבע קרבן־מנחה־סידורים אונטער די אָרעמס, האָבן זיך מיט בושה׳דיקע בליקן גערוקט ביי די זייטן־גאסן, אום זיך נישט אָנשטויסן אויף פרעמדע מענער. שווייגנדיקע מאכן זיי זייער וועג צו דער ווייבערשער שול. תפילות און געזאנגען אונטן, תחינות און געוויינען פון די ווייבער אויבן פלעכטן זיך צונויף, פרעסן די לופט און פון גרויס ענגשאפט שפארן זיך דורך די פענצטער דורך און הויבן זיך אויף צו די הימלען. די עדה יידן, האָבנדיק זיך דורכגעשמועסט אין די אומפארשטענדלעכע תפילות מיטן בורא עולם, האָבן דערפילט ווי א שווערע משא וואָלט זיי פון הארצן אראָפ און מיט פריידיקע, אונטערגעזונגענע גוט־שבת׳ן געלאָזט זיך איילן א היים; דאָרט וואַרט אויף זיי דער אויסגעביטער טשאָלנט מיטן שבת׳דיקן געשמאק און ריח.

נאָכן שבת׳דיקן שלאָף האָט דער הויף ביים שלאָס אויפגעוואכט. דאָס האָבן זיך עמך־יידן מיט זייערע ווייבער געלאָזט דורכשפאצירן שעה׳ן־לאנג אונטער דיביימער. שווייגנדיק האָבן זיי אזוי געשפרייזט, געשיילט קערנדלעך און הנאה געהאט פון גאָטס וועלט און פון דער שבת׳דיקער רו. פארנאכט־צו האָט זיך אויך באוויזן אויפן הויף די יידישע אריסטאָקראטיע. זייערע שמועסן זענען שוין געווען פון א העכערן ניווא. אין דער לופט האָבן אָפט אָפגעקלונגען ווערטער און פראזן, וועלכע די פראָסטע חי־וקים׳ס האָבן זיי נישט באנומען און דערפאר נאָך מיט מער דרך־ארץ אָפגעטראָטן זיי דאָס אָרט.

אויפן שאָסיי וואָס פירט צום טשעמערניקער וועג האָט די ראָמאַנטישע יוגנט איר שפּאַציר געהאַט. יונגע בחורימלעך מיטן תאוה'דיקן גלי אין די אויגן; מיידלעך, בלוט און מילך פּנים'לעך מיטן אָנשטעל פון צניעות — האָבן אין באַזונדערע וועגן געשפּרייזט. צוערשט זיך איבערגעוואָרפן מיט זייטיקע שעלמישע בליקן, דורכגע־וואָרפן זיך, מכלומרשט, ווי צו פאַרדעקן דאָס ברויזנדיקע יוגנט־בלוט, מיט שפּיזל־דיקע שטעך־ווערטלעך. ביסלעכווייז אָבער האָבן זיי זיך דערנענטערט... א האַנט האָט א האַנט באַריִרט, צעגליטע פון איבערגעלאָדענער תאוה האָבן זיי זיך פאַר־שטומטע צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן און דער הערצלעכער טיק־טאַק האָט זייערע ווערטער פאַרביטן. פאַר'שכור'טע פון די בין־השמשות'דיקע דופטן, צווישן ביימער און פעלדער, זענען זיי אין די פאַרנאַכטיקע שאָטנס ווי פאַרשלונגען געוואָרן אין א נישטדאָאיקער וועלט. פּלעמעלעך, וואָס האָבן זיך פּלוצים צעפינקלט אין יידישע הייזער האָבן זיי ווי צום לעבן צוריקגעבראַכט. די פּלעמעלעך האָבן געווונקען און דערמאָנט זיי, אז זייערע מאַמעס האָבן זייער „גאָט פון אברהם" אָפּגעזאָגט, אז די שבת מלכה האָט זיך פון שטאָט שוין אָפּגעטאָן און די וואָכעדיקייט האָט זיך אונטן ארום אין די הייזער אריינגעג'גנב'עט... אויף צעשיידטע וועגן לאָזט זיך די יוגנט צוריק אין שטאָט אריין אין נאָגעניש און בענקעניש נאָכן שבתדיקן טאָג.



רחוב קוזיה ביום השבת שבת אין דער קאַזשער גאַס

יעקב גרינבלאַט (ניו־יאָרק)

# וואס געוועזן...

## (מעשיות פון ראַדזין)

ווי מערסטע „יידישע" שטעטלעך האָט ראדזין נישט געהאט קיין שום פאבריקאציע. די חיונה האָט מען געצויגן פון „האלטן" גערטנער, סעדער; יידן זענען געוועזן שוסטערס, שניידערס, טאנדייטערס, זייגערמאכערס, בלעכארעס, היטל־מאכערס, בעלי־עגלות, קרעמערס און דאָרפס־גייערס. פארשטייט זיך, אז פאר דער יוגנט איז נישט געוועזן וואָס צו טאָן... פלעגן זיי טאקע פאָרן אין די גרעסטע שטעט, ווי ווארשע, לאָדזש א.א.וו. לערנען א פאך, אָדער באקומען אן אנדער באשעפטיקונג; מיידלעך פלעגן גיין „דינען", אָדער ארבעטן ביי ווען, אלס נייטאָרינס.

צוויי מאָל אין יאָר, פסח און סוכות, פלעגן זיי אהיימקומען אויף יום־טוב אויסגעפוצטע — און מען פלעגט זיי אָנקוקן מיט קנאה. נישט יעדער פון אונז האָט געקאָנט האָבן א נייעם מלבוש אויף יום־טוב; בלויז עטלעכע שניידערס ווי יורש, יודל משה מאטעס (קאלענקא) און היטל־מאכערס ווי יאנקל און אפרים, וועלכע האָבן באשעפטיקט ארבעטער און גוט פארדינט, האָבן זיך געקאָנט פארגינען נייע מלבושים.

געארבעט האָט מען שוין פון גאנץ פרי ביז שפעט נאָך־האלבע־נאכט און דאָנערשטיק, אָפט, א גאנצע נאכט. דער אָנהויב איז שוין געוועזן שבת־צו־נאכטס באלד נאָך הבדלה...

צו ווערן אן ארבעטער האָט מען געדארפן זיין דריי יאָר אויף דער לער. דערנאָך האָט מען באקומען עטלעכע גילדן א וואָך... איז טאקע נישט, ווי געזאָגט שוין, קיין וואונדער, וואָס פיל זענען בעסער גלייך געפאָרן קיין ווארשע, וווּ זיי האָבן בעסער און גלייך פארדינט. דאָס שטעטל האָט אָבער דערפאר נישט צובאַקומען קיין באפעלקערונג און ווו זיך צו באשעפטיקן איז ווייטער נישט געוועזן...

די פרנסה האָט מיטגעמאכט א האלז־שניידנדע קאָנקורענץ. נישט איין מאָל פלעגן די קאפטשאקעס (בעלי־עגלות) זיך שלאָגן ביז בלוט פאר א פאסאזשיר... אויך ביי די קרעמער האָט נישט געפעלט קיין מסירות און אנדערע נגישות. אזוי, געדענק איך, האָט איינער לייבוש ברוך אונטערגעצונדן זיינער א שוועגערין, אן אלמנה, וואָס האָט אויך געהאט א שפייז־קראָם נעבן אים און אירער אן אכצן יאָריקער בחור איז טאקע אין דער שרפה פארברענט געוואָרן. דערנאָך איז דער דאָזיקער לייבוש ברוך אוועק קיין אמעריקע (דעטראָיט) און דאָרט געוואָלט אָנגיין פאר א מין „רבי". קיין ראדזינער זענען נאָך דעמאָלט אין דעטראָיט נישט געוועזן

און ער וואָלט אזוי געקאָנט לאנג אנגיין מיט זיין אָפּנארעריי, ווען נישט איטשע־מאיר פון סלאדאוויץ ביי ווארשע. ער האָט עס דעם חברה־מאן דערקאָנט און אויסגעבן אלץ, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן אין ראדזין און אים אראָפּגענומען פון רבנות...

—•—

זויערע אוגערקעס זענען אויך געווען א סחורה אין ראדזין. אזוי פלעגן די גערטנער־האלטער אָפּקויפן די הערינג־פעסער, אויסווייקן זיי און „איינלייגן" אין זיי אוגערקעס. די אוגערקעס פלעגט מען אוועקשיקן קיין ווארשע און אנדערע גרויסע שטעט אין פוילן.

אויך די ראדזינער ציבעלעס האָבן געהאט א נאָמען... ס'זענען געווען אזעלכע, וועלכע האָבן געוווגן יעדע א האלב פונט און נאָך מער. אויך זיי פלעגט מען טראנספּאָרטירן אין דער האלבער וועלט־אריין...

—•—

די קאַפּטשאַקעס אין ראדזין זענען טאקע געווען א שם־דבר. זיי פלעגן פירן פּאסאזשירן, ווי אויך משא פאר די קרעמער, ווי צוקער, הערינג, נאַפט א. א. וו. נאָר דער עיקר איז ביי זיי געווען דאָס פארדינסט פונם רבין, דאָס הייסט, ברענגען חסידים צום רבין אויף יום־טוב — לייכטערע ארבעט און בעסערער פארדינסט... מאכט זיך א מעשה און פלוצים גייט־ארויס א קלאנג, אז דער רבי ציט זיך ארויס קיין מעזריטש! איז געוואָרן א „ויצעקו" אין שטעטל און די קאפּטשאקעס האָבן



הרחוב הוורשאי די ווארשעווער גאס

געשריגן, אז אויב דער רבי וועט פארלאָזן די שטאָט, וועט זיך גיסן בלוט... און דער רבי איז טאַקע פארבליבן.

דעם רבינס הויף איז אין אלגעמיין געווען א צושפּרונג צו דער פּרנסה פאַר א סך ראדזינער. ווען די חסידים פלעגן קומען אויף די ימים־טובים — פלעגן די יעניקע, וואָס האָבן געלעבט ארום דעם רבינס הויף, ווי לייבל טאָקער און אנדערע, פארוואַנדלען זייערע הייזער אין אכסניות. אז ס'האָט געפעלט קישנס, האָט מען דאָס באקומען ביי „ווייטע" אָרעמע; מ'האָט געצאָלט פופצן קאָפּיקעס פאַר א קישן נוץ־געלט. פלעגן טאַקע די אלע שלאָפן יום־טוב אויפן „הארטן" און מאכן דערפאַר א פּאָר גילדן — א צושפּרונג צו דער פּרנסה.

—•—

געווען אויך פישערס, ווי משה זעליג, חיים שמעון און דוידל גראדיוויצער. די מער־פארמעגלעכע בעלי־בתים אין שטעטל פלעגן קויפן די העכט, סענדאַקעס און לעשטשן; אָרעמע האָבן זיך געמוזט באַגנוגענען מיט פּלאָטקעס א שאָק אויף א פונט... האָבן טאַקע די געפילטע פיש געהאַט א טונקעלן קאָליר... אָבער פון דעסטוועגן האָט מען געוווסט, אז ס'איז שבת ביים טיש און געזונגען „בשר ודגים"...

דער טשאָלנט אויף שבת איז שוין געווען א טראדיציע פון קדמונים. דער מלאך פלעגט שוין זאָרגן, אז ער זאָל שטענדיק געראָטן... געשטעלט האָט מען אים ביי יעדן בעקער צוזאמען מיטן שבת־טיי. דער קוגל, אמאָל פון לאָקשן, אמאָל פון רייז — איז אויך געווען א מחיה... כ'געדענק, אז נאָך דער שרפה פרייטיק־צו־נאַכטס אין 1898, ווען ס'האָבן אָפּגעברענט אלע הייזער פון הערשל שכר'ס ביז דעם געזאלצענעם ברונעם, האָבן די נשרפים, שבת נאָכן דאַווענען, נישט געהאַט וואָס צו עסן... האָט מען זיך אָבער דערמאָנט, אז די אויוונס זענען שטיין געבליבן און מען האָט טאַקע ארויסגענומען די טשאָלנטן — און יידן האָבן געהאַט וואָס צו עסן!

—•—

שבת נאָכן שלאָף פלעגט מען גיין אין קליינעם בית־מדרשל הערן יאָסקע שיע־דוידס און רחל'ע די שווארצעס איידעם די פּרשה פון דער וואָך — און געוווסט, אז מ'איז יידן... מיט די „קענערס" פלעגט ר' שמחה טילעס אליין לערנען אין בית־מדרש א בלאַט גמרא. אויך די בעלי־מלאכה'ס פלעגן זיך צוזאמענקומען שבת־ביי־טאָג ביי יודל משה מאָטלס און אונטערהאלטן זיך ביי א פעסל ביר...

—•—

אָנהויב דעם יאָר־הונדערט, ווען ס'איז אויפגעקומען דער „בונד" און אנדערע רעוואָלוציאָנערע פארטייען; ווען ארבעטער האָבן אָנגהויבן פאָדערן אן אכט־שעה'דיקן ארבעטס־טאָג און אנדערע פארבעסערונגען — איז ראדזין אויך נישט אָפּגעשטאַנען. א געוויסער חיים־שמחה — זיין פאָטער איז געווען א טשעשלער אין ראדזין — איז געקומען פון ווארשע און אגיטירט די ארבעטער, מערסטנס

יינגלעך, צו שטרייקן, כדי צו פארבעסערן די ארבעטס־באדינגונגען. האָבן די בעלי־בתים געסטראשעט מיט אויסגעבן די רעוואָלוציאָנערן... האָט טאקע יוקל שניידער געוואָלט אונטערצינדן דאָס הויז פון חיים־שמחה׳ס פאָטער, כדי ער זאָל אומקומען. איי, די פאמיליע? — דאָס האָט אים ווייזט אויס, נישט געאַרט...

אין יאָר 1905, בעת דער רעוואָלוציע אין רוסלאנד, זענען צוויי ראַדזינער בחורים, לייבל בארקערס א זון און משה מאטעסעס אן אייניקל, געפאָרן קיין טשע־מערניק אגיטירן די דאָרטיקע פויערים קעגן צאַר. דער סוף איז געווען, אז די זעלבע פויערים האָבן זיי דערהרגעט אויפן וועג צוריקפאָרנדיק קיין ראַדזין. די מעשה האָט געמאַכט זייער א פיינלעכן איינדרוק אין שטעטל, אזוי אז אפילו פרומע עלטערן האָבן געלאָזט פאָרן זייערע קינדער קיין אויסלאנד, איידער אומקומען אין דער היים, חלילה.

— • —

אויך אין ראַדזין אליין איז שיער אין יענע צייטן געווען א פאָגראָם. געווען איז עס אין דער צייט, ווען מ׳האָט געבויט ביים שטעטל די אייזנבאָן. מאַכט זיך אזוי אין א פרייטיק פארנאַכט, קומט־אָן א באנדע קאַצאַפּעס, פון די, וואָס האָבן געאַרבעט ביי לייגן די רעלסן, גוט אָנגעשיכורט זיך און גענומען אומוואַרפן די שטעלן אין מארק, און סתם אָנגעהויבן „צעוואַרעמען" די הענט און מאַכן א שטיקל פּאָגראָם. זענען ארויס די טאנדייטערס, ווי די פארטיקס און אנדערע, מיט די הענ־גערס מיט די טשוועקעס... און מ׳האָט זיי פון שטאָט פאַריאָגט.

נישט איינמאָל פלעגן סתם פויערים, איבערהויפּט די יונגע צווישן זיי, קומען אין שטאָט־אריין און פארפירן א געשלעג מיט יידן. דאָ פלעגן „ארויסטרעטן" די וואזשנערס, מענדיל און פנחס און א טייל קאַפּטשאַקעס; שפּעטער אויך לייבעלע קעלבאַס און אנדערע און אָפּראַטעווען דאָס שטעטל.

— • —

מ׳פלעגט שטענדיק דערציילן אין ראַדזין וועגן גרויסן מחלוקת, וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן רב ר׳ משה חיה פייגעלעס און דעם רבין ר׳ גרשון־העניעך, איבערן תכלת, וואָס דער רבי האָט איינגעפירט צווישן זיינע חסידים. אין קהל׳שן בית־מדרש פלעגט מען אָפּרייסן די תכלת־ציצית ביי יעדן, וואָס האָט געוואָגט צו קומען אהין מיט זיי. יאָסקע שיע־דויד׳ס, א ייד א למדן, האָט אָפּגעדרוקט א ספר׳ל, וווּ ער איז מקטרג אויפן תכלת און ווייזט־אויף מיט אותות ומופתים, אז נאָכן בית שני, ווען ס׳איז בטל געוואָרן קרבנות, שמיטה און דאָסגלייכן, איז אויך בטל גע־וואָרן תכלת. און אין שטעטל איז געווען ליהודים... אז ר׳ גרשון־העניעך איז נפטר געוואָרן און זיין זון ר׳ מרדכי יוסף איז געוואָרן ראַדזינער רבי; און ווען ס׳איז אָנגעקומען דער נייער רב ר׳ חיים פיין — האָבן ביידע צדדים שוין געלעבט בשלום און צוזאַמען געאַרבעט אויסצוראָטן דאָס אפיקורסות פון שטעטל...

— • —

און אפיקורסות איז, רחמנא לצלן, געווען א סך, דהיינו: ס׳האָט זיך באוויזן אין שטעטל א „מאָדערנער״ מלמד, געהייסן האָט ער שיע. אליין א מעזריטשער, געהאט א ווייב א ראדזינערין, און געלערנט האָט ער מיט דער „נייער מעטאָדע״ עברית... האָבן טאקע די יינגלעך נאָך איין זמן געקאָנט עברי. דערביי האָט ער אויך געלערנט זינגען העברעאישע שירים און געגאנגען שפאצירן מיט די קינדער. מאכט זיך איין מאָל, ל״ג־בעומר איז דאָס געווען, און שיע מיט די קינדער גייען שפאצירן אויפן וויזשניצער שאָסיי און זינגען לידער פון ציון. גייט פארביי דער רבי ר׳ מרדכי יוסף און הערט די שירים, וואָס די קינדער זינגען — דערציילט ער עס דעם רב. שיקט דער רב דעם שמש צו דעם מלמד שיע, כדי צו וויסן פון וואָס פארא סידור לערנט ער עס די קינדער די שירים, וואָס דער רבי האָט געהערט. ווייזט זיך אַרויס, אז דאָס איז גאָר קיין סידור נישט, נאָר א „שפה חיה״ מיט תמונות ווי א טיש, א שטול א.א.וו. פרעגט שוין גאָרנישט... דער רבי האָט טאקע גלייך באפוילן די עלטערן אָפצונעמען זייערע קינדער פון שיע דעם מלמד, כדי אָפצוראַטעווען די שטאָט פון אפיקורסות און שמד...

דער מלמד האָט נעבעך געמוזט פארלאָזן דאָס שטעטל און איז אוועק קיין שעדלעץ, ווו ס׳זענען שוין געווען מער ציוניסטן. אין פינפטן יאָר האָב איך אים דאָרט געטראָפן מיט נאָך א ראדזינער מלמד, הענעכ׳ל ארעשטאנטס א ברודער.ביידע האָבן זיי געלערנט די „נייע מעטאָדע״ עברית.

אין ראדזין זענען פארבליבן נאָר די כשר׳ע מלמדים ווי שלמה׳לע מעקע, יאָסל גלאָץ, לאזער מלמד, איטשע און מענדיל קונעס און אנדערע. מילא די גרויסע תורה און חכמה, וואָס זיי האָבן ארייננגעגעבן די קינדער קען מען איינזען עד היום...

אָבער קיין אפיקורסות האָט ווידער נישט אויסגעפעלט... ביים טייך אין ראדזין האָט געוווינט א ייד, וואָס מ׳האָט אים גערופן יאָסל מידלארניק. האָט זיך דעם יאָסל מידלארניק פארגלוסט צו מאכן א מקוה ביים טייך, מיט אמתע מים חיים, אָן דעם ריח־ניחוח פון דער קהל׳שער מקוה... האָט טאקע דער רב נישט געוואָלט געבן קיין הכשר אויף אָט דער „מאָדערנער״ מקוה... און דער מידלארניק האָט נעבעך געמוזט פארקויפן דעם קעסל צו פסח גרינבלאט קיין מעזריטש — און די שטאָט ראדזין איז אָפגעראטעוועט געוואָרן פון אפיקורסות און געבליבן ביים אלטן...

— • —

דער אבערגלויבן איז געווען גרויס: פאר הילף פאר א קראנקן א.א.וו. פלעגט מען פאָרן אזש קיין קילעמבראד צום „זנאַכאַר״... מ׳פלעגט דערציילן, אז מאשקע די זעליקאָוועס האָט אָפגעשניטן א הענטל ביי א טויט קינד, כדי צו קאָנען, מיט דער דאָזיקער „קמיע״, עמיצן באגנבענען און מ׳זאָל אים נישט כאפן...; פייוול ישראל משה׳ס מוטער, וועלנדיק באגראָבן א מפיל־קינד, האָט פארטשעפעט א צווייט קבר — און ס׳האָט איר אוועקגעוואָרפן און זי איז אהיימגעקומען א קראנ־קע...; אין דער „צווייטער כאָלערע״ האָט מען פאר א סגולה געהייסן שטעלן דריי

קוגל־טעפּ מיט וואַסער אין די פענצטער און אָנשרייבן אויף יעדן א „תר"...

וועלף־ציינער און האָזן־מיילער פלעגט מען אָנהענגען, אַלץ פאַר א סגולה, יעדן קינד אויפן האַלדז... אַז דאָס איז נישט געווען אַזוי סאַניטאַריש קאָן מען זען פון דעם, אַז אין גאַנצן שטעטל איז געווען בלויז איין פרוי, וואָס האָט נישט געהאַט טעלעכע קינדער אויפן בית עולם... גערופן האָט מען די דאָזיקע פרוי: שרה׳לע די משוגענע; צו איר פלעגן טאַקע מאַמעס „פאַרקויפן", אַלץ פאַר א סגולה, זייערע ציטערדיקע קינדער און יעדן פרייטיק ברענגען איר א בולקע. די קינדער זענען דערביי געהייסן געוואָרן רופן זי, שרה׳לען, „מאַמע" — אַלץ כדי אָפּצונאַרן דעם מלאך־המות...

— • —

אַז די ערשטע לייענער פון „הצפירה" און „יוד" האָבן דאָס געדאַרפן טאָן בסוד סודות — איז שוין פאַרשטענדלעך. נאָר דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז, וואָס שפּעטער האָט ר׳ יאָסקע שיע דוויד׳ס אַליין געבאַרגט די טרפה־פּסול׳ס — קיינער זאָל נישט וויסן, פאַרשטייט זיך — איבערלייענען און צוריקגעבן... אויך אברהם־זלמן מיכלס, האָט מען זיך געשושקעט, איז געווען געכאַפּט אויף דער מעשה...

אפנים, אַז מ׳האָט דעם פּראָגרעס דאָך נישט געקאָנט אָפּשטעלן. הגם מ׳האָט שיע מלמד געגוויט צו פאַרלאָזן ראַדזין, ווייל ער האָט די קינדער געלערנט עברית און ליבע צו ציון, איז נאָכדעם געקומען אין שטעטל אַריין לייזער־בייניש, ווידער א מעזריטשער, און אָנגעהויבן פלאַנצן ציוניזם אויפסניי...

מענדיל גאָלדוואַסער (קעמברידזש, פּאָראַיינִיקטע שטאַטן)

# ראַדזינער טיפּן

## 1. אליהו־אהרן — דער שמחת־תורה־גענעראַל

געהייסן האָט ער אליהו־אהרן — גערופן האָט מען אים אליורקע. ווען איך האָב אים דערקאָנט — איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר זעקס — איז ער שוין דעמאָלט געווען אַ זקן, אַ הויכער, אַ פעסט־געבויטער, אַ גלייכער, מיט אַ שיי־נער פּאַטריאַרכאַלישער באָרד און מיט גרויסע, גרויע ברעמען; און אָט דער שיינער הויכער, שטאַרקער ייִד איז געווען אַן אינסטיטוציע אין ראַדזין. ווען עמיצער איז נאָר קראַנק געוואָרן, האָט דאָס געמעגט זיין אינמיטן נאַכט, איז מען דרייסט, דאָס ערשטע, גלייך געלאָפן צו אליורקען, געהאַקט אין טיר און מיט קולות געשריען: „ר׳ אליורקע, מיין קינד איז פאַרביי״ (אָדער „מיין מאַן״...) — און אליורקע האָט זיך גלייך אויפגעהויבן און גוטמוטיק געזאָגט: „נו, וואָס שרייסטו? אָט גיי איך אַריבער וועלן מיר זען״. און אליהו־אהרן איז געקומען אין הויז, צוגעלייגט די האַנט צום חולה׳ס שטערן, געהייסן זיך ווייזן די צונג — און געהייסן נעמען ריצן־אייל. פאַרגרינגערט די הערצער פון דעם הויזגעזינד, אַמאָל רעקאָמענדירט צו רופן איינ־דערפּרי דעם פעלשער און אַמאָל דעם דאָקטאָר אליין, אָבער אין אַלע פאַלן איז ער שוין אַריינגעקומען אַלע טאָג געוויר ווערן וואָס מ׳מאַכט און בייהילפיק זיין מיט וואָס ער קאָן. און אויב דער חולה איז געווען דער שפּייזער פון הויז, האָט ער שוין געזען, אַז די משפּחה זאָל נישט ליידן קיין נויט.

ביי אונז אין שטוב איז אליהו־אהרן אַריינגעקומען יעדן טאָג, ווייל מיין טאַטע איז געווען אַ פּאַראַליזירטער, געלעגן אַלע מאָל אין בעט און זיך נישט געקאָנט אליין איבערדרייען — און אליורקע האָט יעדן טאָג פאַרבראַכט ביי אונז אַ פּאָר שעה, אויפגעהויבן דעם טאַטן, אַרומגעוואַשן אים, איבערגעטאָן אים, באַקוועמער געמאַכט דאָס בעט און צוריקגעלייגט אים און דערביי געהאַלטן אים אין איין טרייס־טן, אַז ער וועט נאָך געזונט ווערן.

אָבער מיט דעם ענדיקט זיך נאָך נישט די טעטיקייט פון אליורקען. נאָך אַן אויפגאַבע האָט ער געהאַט: אין ראַדזין איז געשטאַנען אַ פּאָלק סאָלדאַטן (ראַדזין איז געווען אַ באַצירק־שטאָט) און צווישן זיי אויך אַ סך ייִדישע. און עס איז געווען זיין אויפגאַבע צו זען, אַז מ׳זאָל זיי אָפּלאָזן אויף יום־טוב; צו באַזאָרגן זיי, אַז זיי זאָלן האָבן יום־טוב וואָס צום עסן. האָט ער טאַקע באַשטימט די קוואָטעס פאַר יעדן בעל־בית וויפל סאָלדאַטן ער זאָל נעמען. אייניקע גבירים האָט דאָס אפילו שטאַרק פאַרדראָסן — און איך אליין האָב אויך געהערט פון זיי ווי זיי באַקלאָגן זיך — אָבער פאַר אליורקען אליין האָט מען זיך נישט געוואַגט דאָס צו טאָן. נאָר אויב נאָך

אלע אָנשטרענגונגען איז דאָך געבליבן א צאָל סאָלדאטן אָן א מאָלצייט, האָט אליהו געזאָגט: „נישט געדאגה'ט, קומט אלע צו מיר אהיים!" און דאָרטן איז אלעמאָל געשטאַנען א זאַק מיט קארטאָפל... און די סאָלדאטן האָבן געגעסן מיט אליורקען, געזונגען און געגאַנגען א טענצל אויך.



השוק השני בעיירה
דער צווייטער מארק אין שטעטל
ציור מאת / געצייכנט פון מאנועל ליכטענשטיין (ניו־יאָרק)

פון וואָס האָט עס געלעבט אליורקע? יאָ, דאָס קרעמל וואָס איז געשטאַנען אין א שמאָלן דורכגאַנגס־געסל לעבן דעם בריקל, וואָס האָט ארויסגעקוקט צום מארק, צום הויף, צום קלויסטער און צו דער ווארשעווער גאַס; דאָרט ווו יודל שמש פלעגט פרייטיק פארנאכט אויסשרייען הויך און צעצויגן: אין שׁ־ו־ל אר־רר־ריין! דאָס קרעמל האָט ער שוין לאנג אוועקגעגעבן די קינדער און־ער מיטן ווייב וווינען ביידע אין א ווינקל־הויז (בעטן שטייען ווי א דלת) — דאָס הויז איז אליהו'ס א ירושה, ווער ווייסט מיט וויפל דורות צוריק. פאר זיין אויסקומעניש גייט ער אמאָל אין א מארק אָדער יאריד, האנדלט־איין א קעלבל און מאכט א פאָר גילדן פאר דער וואָך.

נאָר שמחת־תורה ביינאכט פאר הקפות איז אין אָט דער חורבה און אין די גאסן ארום געווען באלויכטן מיט ליכט און שטורקאַצן. אלע יידישע סאָלדאטן זענען עס דאָרט געווען אויסגעפוצט אין זייערע בעסטע מלבושים, די קנעפ האָבן געשפיגלט און אליורקען האָבן זיי אָנגעטאָן א גענעראַלסקן מונדיר מיט א גענעראַלסקע היטל און געפירט אים אין שול אריין מיט פאראד מיט ליכט און שטורקאַצן און די

גאסן זענען פארהילכט געווארן מיט די געשרייען פון די סאָלדאטן:

„לעבן זאָל אונזער גענעראל גורקי, הו־רר־רא!"

און אין שול האָט אליורקע געדאווענט פארן עמוד און געפירט די הקפות. און עס איז געווען א וואונדערבאר בילד צו זען ווי עס גייען סאָלדאטן מיט ספר־תורה׳ס ארום בעלעמער און פאָרויס גייט א הויכער, שיינער פאטריארכאלישער גענעראל, און שרייט:

עוזר דלים הושיעה נא...

## 2. יחיאל חנא׳ס און ר׳ יואל־יוסף

רב יואל־יוסף איז אין מיינע צייטן — ווען איך בין געווען א קליין יינגל איז ער שוין געווען א ייד א זקן —געווען,מ׳קאָן זאָגן, דער גרעסטער למדן אין ראדזין. ער איז געווען א מלמד, אָבער מער ווי צוויי־דריי תלמידים האָט ער נישט געהאט, און דערפון געצויגן זיין חיונה. פארשטייט זיך, אז די יינגלעך האָבן באדארפט זיין פון רייכערן בעל־הבתישן קלאס. אויסער א למדן איז ער אויך געווען זייער פרום, א בטלן און אן אָפּגעלאָזענער. אזוי, דערציילט מען, אז רבי גרשון־העניך פלעגט אים איינלאדן צו זיך אהיים צו פירן מיט אים שמועסן אין תורה, פלעגט ער אים דערמאָנען אלעמאָל, אז ער זאָל זיך אויסשנייצן די נאָז... שבת אינדערפרי, אין די קעלטסטע טעג, פלעגט ער גיין אין דער קאלטער מקוה און געהיטן זיך נישט עובר צו זיין אויף סחיטה... ראש־השנה איז ער געווען בעל־תוקע — פארשטייט זיך, אז ער איז פריער געגאנגען אין מקוה, געלערנט זוהר און נאָכדעם ארויפגעגאנגען אויפן בעלעמער מיט אן ערנסטן פארווייַנטן פנים, מיט א ווייסן קיטל און מיטן טלית — איבערן קאָפּ. אָפּגעזאָגט דעם למנצח לבני קורח און זיך געגעבן א נעם צום שופר. אָבער פיל מאָל איז געשען, אז ער האָט זיך פארהאקט אין מיטן און נישט געקאָנט ענדיקן — דער שטן האָט זיך ארייַנגעלייגט אין שופר... דעמאָלט האָט מען געמוזט אָנקומען צו יחיאל חנא׳ס.

יחיאל חנא׳ס האָט געירשנט פון חנא׳ן די שענק און די גאָרקיך. ער איז דע־מאָלט געווען אין די מיטעלע יאָרן. זייער א שיינער, מיט א קליין צוגעשוירן בלאָנד בערדל. אלע מאָל א ריינער און אן אויסגעפוצטער, אזוי ווי ער פלעגט זיין ביים צוגרייטן די טישן פאר די פריצישע בעלער. און אזוי ווי ער איז געווען א גוטער טענצער, האָבן די פריצעס זיך אלע געריסן מיט אים צו טאנצן. פארשטייט זיך, אז קיין פרומער איז ער נישט געווען, וואָרום טאנצנדיק מיט די פריצעס האָט ער נישט געקאָנט אויסמיידן קיין חיבוק און פון קיין יין נסך אוודאי נישט... און ביי די רייכע געגרייטע טישן האָט ער נישט געקאָנט אויסמיידן א נישט שטארק כשר ביסן... שבת אין קיין קאלטער מקוה איז ער נישט געגאנגען. און פון קיין סחיטה האָט ער זיך נישט אויסגעהיטן...

אבער אז יואל יוסף האט זיך פארהאקט און נישט געקאנט ענדיקן, האט ער איבערגעגעבן דעם שופר יחיאלן. יחיאל האט אפגעווישט דעם שופר מיט א ריין נאז־טיכל, גענומען אים צו די ליפן און אן שום אנשטרענגונגען אפגעהאקט מאה קולות בנשימה אחת...

אז מ׳האט געפרעגט יחיאל׳ן: „וואס איז די מעשה, וואס ביי יואל יוסףן, ביי אזא צדיק, לייגט זיך דער שטן אין שופר אריין און ביי דיר, אזא קל, האט דער שטן גאר קיין שליטה נישט ז״ — האט ער געענטפערט: „איך האב אן אפמאך מיטן שטן, אז א גאנץ יאר זאל א י ך אים פאלגן, דערפאר זאל דער ש ט ן ראש השנה מיך פאלגן און נישט ארייגלייגן זיך אין מיין שופר...״

## 3. איטשקע חזיר

איך פלעג זייער שטארק ליב האבן צו פארברענגען ביי אונזער שכן יאנקל מאשענזשניק. ערשטנס האב איך ליב געהאט צוצוקוקן זיך ווי דער מעש אין טיגל, אונטער דער שטארקער היץ, צעגייט ווי וואסער און ווערט אריינגעגאסן אין פאר־מעס און עס קומען ארויס שבתדיקע לייכטער, מנורות און אויך מאשין־טיילן פאר פאבריקן.

צו אט דעם יאנקל מאשענזשניק פלעגט אייניקע מאל אין יאר קומען א וואהר־נער ייד מיטן נאמען איטשקע חזיר. ער פלעגט ארומפארן און האנדלען מיט גאלד, צירונג, רינגלעך, זייגערלעך און דעסגלייכן. אויסגעקוקט האט ער ווי א מתתיהו החשמונאי, א הויכער, א שלאנקער מיט א גרויע באָרד און מיט לעבעדיקע אויגן. איך געדענק נאך ווי ער פלעגט עס דערציילן, מיט גרויס הנאה, ווי אזוי אים איז געלונגען ארויסצוקריגן ביי קארגע גבירים געלט פאר מעות־חטין.

וואס מיר איז געווען אויפפאלנד איז געווען דאס, וואס זיין נישט סימפאטישן צונאמען „איטשקע חזיר״ האט יעדער ארויסגערעדט מיט גרויס דרך־ארץ. נאר נאך א חקירה ודרישה בין איך ענדלעך דערגאנגען דעם סוד פון דער זאך:

די מעשה הייבט זיך אן אין 1863, ווען איטשע איז נאך געווען א יונגערמאן און האט נאך נישט געהייסן „חזיר״... ווי באוווסט, איז דעמאלט פארגעקומען דער פוילישער אויפשטאנד פאר זעלבשטענדיקייט, און אין וואהין האבן די פאליאקן גלייך געזיגט, ווייל דארט איז די גאנצע צארישע מאכט באשטאנען פון... איין סטראזש־ניק. אבער, ווי דער שטייגער ביי די פאליאקן, איז זייער ערשטע ארבעט געווען צו טשעפען זיך צו יידן און ס׳איז טאקע דאס ערשטע געפלאנעוועט געווארן אן אלגע־מיינע שחיטה אויף יידן. דער איינציקער וועג ווו די יידן וואלטן זיך געקאנט ראַ־טעווען איז געווען צו לאזן וויסן אין ראדזין: דארטן איז געווען אויסער א שטיקל פאליציי־מאכט אויך א פאלק סאלדאטן. אבער די פאליאקן האבן אוועקגעשטעלט א וואך ביי די גרענעצן פון שטאט און קיינעם נישט ארויסגעלאזט.

וואס האָט איטשקע געטאָן? — ווען ס׳איז געוואָרן נאכט האָט איטשקע זיך ארומגעוויקלט מיט א פעל, געקראָכן אויף אלע פיר, געמרוקעט ווי א חזיר, ביז ער איז ארויסגעקומען אויף יענער זייט שטאָט. אר׳ײַן קיין ראדזין און א סאָטנע סאָל־דאָטן מיט פאָליציי זענען גלייך אוועק קיין וואָהין און ארעסטירט די פאָגראָם־באנדע. פון דעמאָלט־אָן האָט איטשע באקומען דעם צונאָמען חזיר, און זיין גאנצע משפחה האָט מען גערופן: די חזירישע משפחה...

אוןִ יעדעס יאָר פלעגט פאָרקומען אין וואָהין א סעודה, ווו איטשקע איז געזעסן אויבן־אָן און זיין משפחה און שטאָט בעלי־בתים ארום אים.

און געלייענט האָט מען דאָרט די חזירישע מגילה און וואָהין און אלע שטעט־לעך ארום זענען געווען שטאָלץ מיט איטשקע חזיר און מיט דער חזירישער סעודה...



דרך הסוללה לארמון
די גראבלע וואס פירט צום שלאס

ישראל־קע לוסט (רמת־גן)

דעם הייליקן אָנדענק פון מיינע טייערע עלטערן

# ליכטיקע געשטאַלטן

## 1. חיים שמעון פישער

א סך זאכן האָב איך זיך אָנגעהערט ביי אונז אין שטוב וועגן מיין מאמעס א פעטער חיים שמעון, ווי למשל, אַז נאָך אלס יונגערמאַן, תיכף נאָך דער חתונה מיט חנה פעסען, ווען ער פלעגט קומען קיין קאָצק צום רבין אויף א שבת, אָדער אויף ימים נוראים — פלעגט אים דער רבי שטענדיק צורופן, ער זאָל זיך זעצן נעבן אים. נאָך האָט מען דערציילט, אַז ער איז א גרויסער בעל־חשבון; אין איינצלנע מינוטן מאכט ער די שווערסטע חשבונות אויף די פינגער און דאָס האָט ער אלעמען כמעט אין דער משפחה אויסגעלערנט. אָבער דאָס אַלץ דערצייל איך נאָר דרך אגב; דאָס וויכטיקסטע וואָס איך וויל דערציילן וועגן אָט דעם ראַדזינער ייד איז דאָס, וואָס איך האָב עס אליין געזען און פון וואָס כ׳קאָן זיך נישט מיין גאַנץ לעבן באַפרייען.

גערופן האָט מען אים חיים שמעון פישער, ווייל ער פלעגט האַנדלען ביי די גויים אין זאַביאַלע (א דאָרף צוויי קילאָמעטער פון ראַדזין) מיט פיש, וואָס די אָרטיקע גויים פלעגן אין די וואַרעמע זומערדיקע לבנה־נעכט כאַפּן אינעם טייכל. אייגנטלעך האָט חיים שמעון, א חוץ פיש, געהאַט נאָך א פרנסה: זומער־צייט פלעגט ער אין זעלבן דאָרף דינגען איינעם אָדער צוויי קליינע סעדער, וועמענס אויבס פלעגט ווינטער־צייט דאָס ווייב פאַרקויפן די רייכע ראַדזינער בעל־הבית׳טעס, און דאָס איבעריקע ביי דער שטעל, וואָס זי האָט געהאַט אין מאַרק. נאָר פון ביידע פרנסות צוזאַמען, איז חיים שמעון געווען א ייד אַן אביון. פיר דערוואַקסענע גרויסע טעכטער, וואָס די עלטסטע, טאַבען, האָט מען קוים מיט גרויס אָנשטרענגונג חתונה געמאַכט און באַלד נאָכן געבורט פונם ערשטן קינד, האָט זי זיך פאַרקילט און באַקו־מען א קורצן אָטעם. און ווען זי פלעגט באַקומען אַנפאַלן און ס׳איז איר שווער געוווען צו אָטעמען, פלעגט מען מוזן ברענגען קינסטלעכע לופט און איר אַריינפּאָמ־פּעווען — ערשט דאַן פלעגט זי קומען צו זיך. איז טאַקע קיין וווּנדער נישט, וואָס די טאָכטער איז ביי די עלטערן געווען דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג.

איינמאָל, דאָס איז געווען אין א הייסן תמוז־טאָג, ווען דער דרויסן איז אָנגע־גליט אַזוי, אַז ס׳איז נישטאָ מיט וואָס צו עטעמען; אין איינעם אזא טאָג, ווען חיים שמעון איז געגאַנגען אין דאָרף אַריין, קויפן א ביסל פיש — באַקומט טאַבע אַן אָנפאַל און איידער מ׳דערלאַנגט די ערשטע הילף, הויכט זי אויס די נשמה און שטאַרבט. איר קאָנט זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן ארום

חיים שמעון פישערס הויז. געוווינט האָט ער דעמאָלט אויף קאַזשע גאַס, ביי אהרן מרדכי שוחט אין אַן אַפּיצינע. די גאַס איז פול געווען מיט מענטשן, וועלכע האָבן זיך געשטופּט אַרום הויז, פון וועלכן ס׳האָבן זיך אַרויסגעריסן האַרץ־שניידיקע געשרייען און מיטגעריסן מיט אַ שטיל כליפּעריי אַ טייל פונם המון.

ווי מ׳שטייט אַזוי אַרום האָט דער עולם דערזען פון דערווייטנס ווי חיים שמעון קומט אָן מיטן זעקל אויף די פּלייצעס, קענטיק אַ ביסל פּיש אינעווייניק. דער עולם האָט זך אָנגעהויבן צוריקצוציען, נישט געוואָלט נאָענט זיין און צוקוקן זיך, ווי אַזוי ס׳ווירקט אויף אַ פאָטער אַזאַ אויסערגעוויינלעך אומגליק. נאָר אין דער ווירקלעכקייט איז די זאַך אין גאַנצן אַנדערש געווען: ווען חיים שמעון איז אַריין אין שטוב און חנה פּעסע, דערזעענדיק אים, האָט אָנגעהויבן אויפסנייי, אויפן קול, וואָס איז שוין פון צופיל רייסן זיך און שרייען הייזעריק געווען: „חיים שמעון לעב, זע נאָר אונזער בראָך, אונזער טאָבע איז שוין נישטאָ, אונזער ליכט איז אין מיטן העלן טאָג אויסגעלאָשן געוואָרן” און נאָך אַזעלכע האַרצרייסנדע געשרייען — האָט איר חיים שמעון גאָרנישט געענטפערט, נישט געעפנט כמעט די ליפּן, נאָר אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס זעקל, צוגעגאַנגען צום ווינקל, וווּ ס׳איז געשטאַנען אַ הילצערנער עמער מיט וואַסער, גענומען די קופּערנע קוואָרט, וואָס איז געשטאַנען ביים עמער, אָפּגעגאָסן די הענט, און מיט אַ ציטערדיקע שטימע געזאָגט: „ברוך דיין אמת, ד׳ נתן וד׳ לקח”. און צום ווייב, וואָס האָט געהאַלטן אין איין שרייען און וויינען, האָט ער זיך געווענדעט בזה הלשון: „בהמה, שוטה — וואָס שרייסטו? צו וועמען האָסטו טענות? דו ווייסט דען נישט, אַז דריי שותפים זענען אינם מענטש: טאַטע, מאַמע, און הקדוש־ברוך־הוא. איז געקומען דער דריטער שותף און האָט צוגענומען זיין חלק. אונזערע חלקים זענען דאָ, קיינער האָט אונזערס נישט גענומען... אָט דאָס איז אונזערס”. און דערביי, מיט די ביינערדיקע ציטערדיקע פינגער, אָנגעוויזן אויפן טויטן קערפּער פון דער געשטאָרבענער טאָכטער...

## 2. יודל שמש

שטענדיק געזעסן אין בית־מדרש, אויבן אויפן בעלעמער און אַריינגעקוקט אין אַ ספר. געווען אַ ייִד אַ למדן. אַ סך דינים פלעגט יודל שמש פּסק׳ענען אַליין, אַזוי אַז מ׳האָט שוין נישט באַדאַרפן גיין צום רב. שטיל, באַשיידן, סיי ווינטער, סיי זומער אין אַ דין כאַלאַטל; דער קאָלנער פונם העמד שטענדיק צעכראַשטשעט, דער קאָפּ אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, איין האַנט אַריינגערוקט אינעם אַרבל פון דער צווייטער האַנט. אַזוי פלעגט מען אים זען יעדן דאָנערשטיק, ווען ער פלעגט גיין צו די בעלי־הבתים צונויפנעמען דעם וועכנטלעכן געהאַלט, אָדער ווען ער פלעגט גיין וועמען איינלאַדן אויף אַ דין־תורה צום רב. קיינמאָל זיך נישט געאיילט, שטענדיק געגאַנגען

געלאסן. נאָר איינמאָל אין וואָך, דאָס פלעגט זיין פרייטיק פארנאכט פאר ליכט־צינדן, פלעגט יודל שמש ווי א שטורם־ווינט דורכפליען דאָס שטעטל און יעדעס מאָל טאָן זיך א שטעל אָפּ, א גלייך אויס דעם שטענדיק איינגעבויגענעם רוקן און א שריי ארויין אין דער לופט אריין: „אין שול א־ר־ריין...״ דעמאָלט האָבן יידן קרע־מער געוווסט, אז ס'איז געענדיקט מיט דער וואָך. באלד האָט זיך געהערט א קליינ־געריי פון פרעגטן און שלעסער און שבתדיקע ליכט־פלעמעלעך האָבן אָנגעהויבן ארויסצחווינקען פון די פענצטער אין שטעטל.

ביי יודל שמש אין שטוב זענען געווען, חוץ זיין ווייב רישע, נאָך פיר דערוואק־סענע גרויסע זין, און דריי טעכטער. קיין איינער פון זיי אלע האָט קיינמאָל גאָרנישט געארבעט און ממילא גאָרנישט פארדינט. דער איינציקער שפייזער פון אָט דער גרויסער פאמיליע איז געווען יודל שמש. איז טאקע קיין וווּנדער נשט, וואָס נייט און דחקות זענען געווען שטענדיקע געסט אין שטוב, איבערהויפט ווען אין שטעטל זענען געווען שוואך חתונות, אָדער אנדער שמחות, פון וועלכע מ'פלעגט עפּעס פאר־דינען. דעמאָלט פלעגט זיין יום־טוב אין שטוב, ווען רישע, דאָס ווייב, פלעגט עפענען די טיר און פון הינטער די פאַטשיילע פלעגט זיך באווייזן א ברוין ראזעווע ברייטל. אין איינעם אזא טאָג, ווען רישע האָט זיך ארומגעריסן מיט די גרויסע יונגען, הלמאי זיי עסן אויף דאָס גאנצע ברויט און לאָזן גאָרנישט פאר לאה'קען (דאָס איז געווען דאָס מוזשיניקל, וואָס די מוטער האָט זייער ליב געהאט), עפנט זיך די טיר און יודל שמש קומט אריין פון בית־המדרש און פרעגט רישען, וואָס איז דאָס פאר א געשריי. ענטפערט רישע: „די יונגען האָבן ארייגעשלונגען דאָס גאנצע ברויט, אזעלכע קעלבאסעס, וואָס וועט לאה'קע עסן?״ און דערביי גיסן זיך אירע טרערן פון די שטענדיק רויטע אויגן. „שאַ,שאַ״ — בארואיקט יודל דאָס ווייב, און בעט זיך ביי איר גוטמוטיק — „רישע, שריי נישט, זידל נישט די קינדער, רעג זיך נישט אויף. זיי זענען גרויסע, דערוואקסענע, קיין עין־הרע, דו קענסט זיי נאָך, חלילה, ארויסברענגען פון די העזה, און זיי וועלן דיר אקעגן רעדן און דערמיט וועסטו צוברענגען, זיי זאָלן עובר זיין אויף א לאו פון „כבד את אביך ואת אמך...״

מענדיל ליכטענשטיין (ניו־יאָרק)

# מיין ראדזין

פאר הונדערטער יאָרן איז זיך דאָס לעבן רואיק געפלאָסן אין ראדזין. יידן האָבן שטיל און זיכער געלעבט. מען האָט חתונה געמאַכט קינדער, באַזאָרגט זיי מיט פרנסה און מען האָט אָפּגעהיטן דאָס אַלטע טראַדיציאָנעלע יידישקייט.

ווי אַזוי איז אַנטשטאַנען די שטאָט, ווייס איך נישט — ווער קאָן אַזוי ווייט צוריקגיין, ווען א שטאָט פארמאָגט שוין אן אלט און ניי בית עולם, מיט אלטע מצבות און צוויי אַלטע אוהלס. אפשר איז זי אויפגעקומען אין יענע צייטן, ווען גוטבאַזיצער און פאַרמעגלעכע פּויערים פון דער געגנט האָבן זיך געגוויטיקט אין פאַרמיטלער, האַנטווערקער און בעל־מלאכה׳ס. האָט מען די דאָזיקע פאַכלייט ספּעציעל איינגעלאדן אהין און אויפגעשטעלט דאָרט פאר זיי א שטאָט. ווי זעט מען טאַקע אַזעלכע קאָסטנאַרטיקע מארקען, מיט פיל קלייטן אין זיי; הייזער הוטן־אַרטיגע מיט אויסגעפורמדיקע לאנגע טויערן דורכגענג איןביידע זייטן מארק און אין אַן אייגענעם סטיל פון שינדל־דעכער — אַזוי ווי אַלץ וואָלט פון איין אַרכיטעקט געמאַכט געוואָרן. אפילו די שול, וואָס איז זייער אַלט, איז אויך אין דעם דאָזיקן סטיל געבויט.

אַלץ פירט זיך דאָ אין אַן אַלטן איינגעפונדעוועטן סדר. יעדן טאָג אין דער־וואָכן, איז דער מארק פול מיט פּויערישע פורלעך, וואָס ברענגען זייערע פּראָדוקטן צו פאַרקויפן און קויפן זיך איין אין די געוועלבלעך נאַפט, הערינג און באַקליידונגס־שטאָפן. אָבער אין די פרייטיקס, ווערט נאָך האלבן טאָג שטיל. ביסלעכווייז צעפאָרן זיך די פּויערים, דער מאַרק ליידיקט זיך אויס, און דער דערוואָכן אַנטלויפט פאַר דעם גאַסט, דעם אָנקומענדיקן שבת. יידן צונעמען זייערע געשטעלן, עס הערט זיך דאָס אַראָפּלאָזן פון שווערע פּרענטן אויף די טירן פון פאַרמאַכטע געוועלבער און עס הויבט אָן הערשן אַ מנוחה׳דיקע שטילקייט. מעגלעך, אין אַ זייטיק געסל לויפט נאָך דאָרט אַ ייד. דאָס לויפט ער פון דער מקוה שנעל אַהיים, ער זאָל חס־ושלום נישט מחלל שבת זיין. אין די הייזער איז שוין אָבער שבת׳דיק. די פיש שמעקן. די לייכטער זענען שוין גרייט צום ליכט בענטשן און ווען דער שמש גייט אין די גאסן אויסשרייען „אין שול־אר־אַריין”, טוט שוין דער שבת רוען איבערן גאַנצן שטעטל.

זייט־ביי־זייט מיט דער שול איז געשטאַנען דאָס בית־המדרש. אויך אַזאַ ריזיקער געבוי, הויך, גיגאנטיש מיט זייער גרויסע פענצטער אין א משכן־ארטיקן סטיל. די הויפּט שיינקייט איז אָבער געווען אין דער דרויסנדיקער מזרח וואַנט, וואָס האָט זיך געהויבן העכער פון דעם דאַך אין אַ קרוין־אַרטיקער פאָרם און

האָט אויף איר הויך געטראָגן צוויי ריזיקע לוחות, וואָס האָבן זיך אָנגעזען ווייט איבערן גאַנצן שטעטל.

די שול מיט איר טעמפל־אַרטיקן אויסזען, האָט ערוועקט מער רעספּעקט. זי איז געווען עפּעס אַ מיסטישע הייליקייט, וווהין מען איז נאָר געקומען דאַווענען און אין אַנדערע צייטן האָט מען דאָרט מורא געהאַט דעם פוס אַריינצושטעלן, צוליב די נשמות פון טויטע, וואָס פלעגן אַריינקומען... אפשר זענען עס די פייגעלעך אין די נעסטן פונם ריזיקן הויכן דאַך געווען טאַקע די נשמות?

דאָס בית המדרש איז שוין אָבער געווען אַנדערש. דאָס איז געווען אַזאַ מין פאָלקס־הויז: דאָ האָט מען דעבאַטירט, געקאָכט זיך איבער פארשידענע זאַכן און איבערהויפּט האָבן זיך דאָרט אָנגעזען די לערנערס, וואָס האָבן טאָג און נאַכט זיך געשאָקלט איבער דער גמרא מיט זייער פיל־מעלאָדישן געזאַנג, וועלכער איז טיילמאָל אויסגעצויגן געוואָרן אין אַזעלכע הויכע טענער, ווי איינער וואָלט דעם צווייטן געוואָלט איבערשרייען. דאָס בית־המדרש איז טאַקע געווען ווי אַ געזאַנג־קאַסטן, פון וועלכן דאָס געזאַנג האָט זיך צעטראָגן איבער די דרויסנדיקע פעלדער, איבער די גאַסן און אויך איבערן מאַרק. אַ סך מאָל האָט עס אפילו איבערגעשריען דעם גלאָק פון קאָשטשאָל... דער דאָזיקער געזאַנג האָט געדינט דעם יידן ווי אַן אונטערהאַלטס מאַרש. מיט אים האָט ער געהאַנדלט. מיט אים האָט ער זיינע געשעפטן געפירט און מיט אים האָט ער זיך אונטערגעבראָכט אין אַלע זיינע שטימונגען. ווען ער איז געווען טרויעריק האָט דער ניגון אין אים געוויינט; איז ער געווען אין אַ גוטער שטימונג האָט דאָס נאָך אים אונטערגעגעבן מוט און פייערלעכקייט...

ווי שיין מען זאָל נישט מאָלן דאָס שטעטל, קאָן מען נישט פאַרבייגייען, און נישט ריידן וועגן דעם מענטש אין ראַדזין. דער ראַדזינער האָט תמיד גענומען פון דער וועלט און איר צוריקגעגעבן. די שטאָט האָט געשמ'ט מיט לומדים און הויכע אינטעליגענץ. זי האָט פאַרמאָגט נאָך עפּעס — די גוטע מידה פון גאַסט־פריינדלעכקייט. און דערפאַר טאַקע איז קיין וווּנדער נישט, וואָס דער רבי גרשון העניך האָט דאָרט געמאַכט זיין רעזידענץ־שטאָט. אויך מיט יאָרן צוריק, פאַר אים, איז דאָס זעלבע געשען מיט שמעון דייטש, וועמען מען האָט דאָ אויפגענומען פאַר אַ רב. אַנטלויפנדיק פון פאַרפאָלגונג אין דייטשלאַנד, איז ער געקומען קיין פוילן. א רב, א גרויסער למדן, אָנגעטון ווי א דייטש, מיט א פראַק און א צילינדער, לויט דער דעמאָלסדיקער מאָדע. האָט מען אים פאַרפאָלגט און געטריבן, וווהין ער איז נאָר געקומען. איז ער געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט ביז ער איז געקומען קיין ראַדזין — און דאָ שוין פאַרבליבן. דאָ האָט מען אים אויפגענומען מיט כבוד פאַר אַ רב. ער האָט דערפאַר אַזוי געשעצט די שטאָט, אַז ער האָט איר געבענטשט, אַז דאָ זאָל נישט ברענען פאַר הונדערט יאָר און אין ערגסטן פאַל — נישט מער

ווי איין הויז... ווען עס האָט, אין מיינע צייטן, פּאַסירט אַ שׂרפה פון צוויי הייזער און איך האָב זיך געוואונדערט — האָט מען מיר געזאָגט, אַז די הונדערט יאָר האָבן געמוזט אריבער... פאר צענדליקער יאָרן פלעגן פון ווייטע שטעט אהערקומען קאַליקעס, קראַנקע און גייען אויף דעם בית עולם צו זיין אוהל בעטן אים מחילה, פאַר דעם שלעכטס און באַליידיקונגען, וואָס זייערע אור־עלטערן האָבן אים געטון. ווייל איז געווען יענעם, ווערמען ער האָט געשאָלטן, און ווייל דעם, ווערמען ער האָט געבענטשט...

—•—

איך בין געקומען אויף דער וועלט אין צייטן פון גרויסע געשעענישן און איבערלעבונגען. געווען אמאָל גוט, אמאָל שלעכט, אָבער צום באַדויערן מער שלעכט. די יאַפּאַנישע מלחמה, פּאָגראָמען אין קעשינעוו, שעדלעץ און אין אַנדערע ערטער; די רעוואָלוציע פון 1905 און ביילׅיסעס פּראָצעס — דאָס אַלץ האָבן אַנגעוואָרפן אויף מיר אַ שרעק און מורא, ווען איך האָב נאָר געשטעלט מיינע ערשטע טריט אין לעבן.

און ווען עס קומט אַ צערודערונג אויף דער וועלט פאַלגט נאָך אַן עכאָ. כאָטש אַזוי ווייט פון דער יאַפּאַנישער מלחמה — און דאָך האָט ראַדזין אויך מיט דעם געהאַט מיט וואָס צו טאָן; אזוי ווייט פון א באַן, אז קיינער וואָלט אהין קיינמאָל נישט געטראָפן; אַ זעלכע שטילע געסלעך אַז אין מיטן טאָג האָבן זיי אויסגעזעען ווי אויסגעליידיקטע. ווען האָט מען דאָרט אויפגעהויבן א טומל, אז מען זאָל פון אים ערגעץ הערן? נאָך שטילער איז דאָ געווען די נאַכט, ווען די ווינטן האָבן זיך איינגעשטילט און דיביימער זענען געשטאַנען שטום. די מענטשן האָבן זיך אַריינגערוקט אין די הייזלעך, פאַרמאַכט די לאָדנס און אַוועקגעלייגט זייערע מידע קערפּערס צום רוען, און פאַרגעסן די דאגות פרנסה און אַנדערע זאָרג...

און דאָ פּלוצים, ווי א דונער פון אַ קלאָרן הימל, אַ באַפעל פון צאַר, אַז אַלע זאַפּאַסניקעס און „רויטע בילעטן", מוזן גלייך אין דער פרי זיך צושטעלן צו גייען אין דער מלחמה אַריין. דאָס גאַנצע שטעטל איז גלייך געשטאַנען אויף די פיס. די געוויינען און געוואלטן, וועלכע זענען דערגאַנגען אין זיבעטן הימל — האָבן אויך מיך אויפגעוועקט פון מיין שלאָף. איך עפן די אויגן, און קיינער איז אין הויז נישטאָ... מיך ציט אין גאַס און איך לויף מיט דעם שטראָם צום מאַרק, צו א געשטעל פון א גרופּע מענטשן, ארומגערינגלט פון גאַנצן שטעטל. אין דער גרופּע שטייען מענטשן, ווי מיט אונטערגעהאַקטע פיס, בלאַסע, האַלב־טויטע. אַ סך פון זיי שוין עלטערע יידן, מיט לאַנגע שוואַרצע און גרויע בערד, וואָס פּאַסן שוין צו זיין זיידעס — און דאָ נעמט מען זיי אַוועק פון אונז צו שיקן אין דער מלחמה אַריין. עס פאַרקלעמט מיר מיין האַרץ ווען איך שלאָג זיך אַז

אין זייערע טרויעריקע בליקן און זעענדיק די צעבראָכענע אומגליקלעכע פרויען און קינדער. זייערע געוויינען און געשרייען וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

—•—

אויך די פּאָגראָמען האָבן דאָ געהאַט אַן אָפּקלאַנג. גליקלעכערווייז זענען מיר אָפּגעקומען בלויז מיט אַ ביסל שרעק. איך האָב דעמאָלט געלערנט ביי מענדל דעם מורה הוראה׳ס. איינמאָל אין דער פרי, קום איך אין חדר אריין — מען לערנט נישט מער! עס הערשט אַ צערודערונג. דער רבי מיט די רבי׳צין פאַרפּאַקן זיך אויף שנעל אוועקצופאָרן. מען קוקט מיך אָן פארוווּנדערט: האָסט נישט געהערט, ווייסט דען נישט, אַז עס גייט היינט זיין אַ פּאָגראָם אין שטאָט? איידער וואָס ווען, זיצן זיי שוין אין די פורן מיט נאָך יידן. מען לויפט זיך ראַטעווען קיין קאָצק. דער סוף איז געווען, אַז ווען זיי זענען געקומען צו האַלב וועג, איז שוין גאַנץ קאָצק געווען דאָרט. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אין קאָצק איז אויך געווען אזא קלאַנג, אז „היינט וועט זיין א פּאָגראָם״ — זענען זיי טאקע געלאָפן קיין ראדזין... די מענטשן האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם אנדערן, ווי פארשעמטע, האָבן גאָרנישט צווישן זיך גערעדט, מען האָט אויסגעדרייט די דישלעס און צוריק אַהיים... מיר איז נישט באַשערט געווען צו זיין אַ פּאָר טעג אויף דער פריי...

—•—

די „רעוואָלוציע״ איז געווען אין אונזער שטעטל אַן אימפּאָרטירטע. ווען יונגע מענטשן פלעגן אַהיים קומען אויף יום־טוב פון די גרויסע שטעט, האָבן זיי איר



בתים ברדזין
ראדזינער הייזער
ציור מאת / געצייכנט פון מאנועל ליכטנשטיין (ניו־יאָרק)

אָהער מיטגעברענגט. יאָ, קיין פּראָלעטאַריער און בורזשויען, זענען דאָ נישט געווען, אָבער א קלאס אָרעמעלייט זענען שוין יאָ געווען. צו זיי איז מען עס געקומען אגיטירן. מ׳האָט געוואָרפן מיט פראזן, נישט וויסנדיק אליין די באדייטונג פון די ווערטער, און מען פלעגט רופן פארזאמלונגען אין וואלד, ווייל אין די גאסן האָט מען מורא געהאט דאָס צו טאָן.

אָבער דער בית־המדרש איז געווען זייער אַ פּאַסיקער פלאַץ. ס׳האָט געקאָנט זיין אין מיטן דאַווענען, אַז מען זאָל פלוצים אַ קלאַפּ טון אויפן בעלעמער און איינער פון די חברה האָט געהאַלטן אַ רעדע. דער רעדנער פלעגט זיין באַשיצט פון „פּאַמאַץ־בונד”. די זעלבע האָבן אויך געוואַרט ביי דער טיר, קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט און אויב ס׳האָט ווער פּראָטעסטירט, האָט מען אים דערלאַנגט מיט אַ מעסער אין רוקן... פּאַקטיש האָט קיינער דעם רעדנער נישט פאַרשטאַנען. אַזעלכע ווערטער ווי אַבסאָלוטיזם, אָבסקיוראַנטיזם, אַבדיקאַציע און דעמאָקראַציע איז קיינעם נישט געגאנגען אין קאָפּ אריין...

די יוגנט אָבער, אַרויסקומענדיק אַליין פון די אָרעמשאַפט און אונטערדריקונג, איז געווען ענטוזיאַסטיש פאַרן אידעאַל פון דער רעוואָלוציע. פיל פון זיי האָבן זיך פאר איר מוסר־נפש געווען. מען איז געגאנגען אגיטירן צו די פויערים מיט דער גרעסטער ריזיקע. געלערנטע און אינטעליגענץ זענען געגאַנגען צום פאָלק, און דער ייד און גוי האָבן אַרויסגעשטעלט איינער צום צווייטן אַ ברידערלעכע האנט. ס׳איז אָבער נישט אלעמאָל אָפּגעגאנגען גלאט. איינמאָל, ווען אונזערע יונגע־לייט זענען געפאָרן קיין טשעמערניק אגיטירן, האָט מען דעמאָלט אויפגעהעצט דעם פינצטערן המון און מען איז די רעדנער באַפאַלן מיט קאָסעס און צוויי צעשניטן אויף שטיקער. די קרבנות זענען געווען לייבל משה מאַטעסעס אַ זון און דער בריליאַנטענער סטודענט מענדל פינקלשטיין.

—•—

אין מיין צייט האָט געלעבט אין ראַדזין דער רבי מרדכי יוסף. ער איז געווען אַ זייער שיינער מאַן אין אויסזען, מיט אַ רויטלעכער באָרד, וואָס אַנטקעגן דער זון האָט זי געשיינט ווי גאָלד, מיט אַ ליבלעך פּנים, וואָס האָט געשטראַלט מיט גוטסקייט און אָנגענעמקייט. ווי גרשון הענאָך, זיין פאָטער, אַזוי האָט אויך ער געשעצט טאלאנטן און געלערנטע. ווען ישראל טיקאָטשינסקי האָט ביי דער האַנט געמאַכט אַ טעשל קאָרטן, האָט דאָס דער רבי פון אים אָפּגעקויפט. ווען בן־ציון גרינבוים, א רעוואָלוציאָנער און אן אפיקורס, איז מיט נאָך איינעם, לוזער פירשטנבערג, געגאנגען צום רבי׳ן נאָך געלט פאר די פּאָליטישע ארעסטירטע — האָט זיי דער רבי העפלעך אויפגענומען, זיך גוט צעשמועסט מיט בן־ציונ׳ען וועגן וועלט שרייבער און פילאָזאָפן, האָט נאָך פון צופרידנהייט געמאַכט אים אַ קאָמפּ־לימענט און צוגעגעבן, אַז עס וואָלט נישט געשאַט, ווען ער קוקט אַריין אין

יידישע ספרים...

דער רבי האָט אויך מיך גוט געקאַנט. אָפט געפרעגט מיך וועגן מיין מאָלן און פלעגט אויך זאָגן: „מאָל, מאָל, אָבער נאָר נישט קיין קריסטלעכע בילדער". ווען כ'האָב אים איינמאָל געזאָגט, אז „ווען דער באַגייסטערטער מאָלער מאָלט, לויבט ער דען נישט גאָט, אַזוי ווי מיט געזאַנג?" — האָט דער רבי גאָרנישט געענטפערט, נאָר מיט זיין קאָפּ האָט ער ווי צוגעשאָקלט אויף יאָ.

—•—

אונזער גרופּע טאַלאַנטפולע בחורים האָבן אַלע אָנגעפאַנגען אין אַ צייט אַ זייער גינסטיקע, ווען די ערד איז געווען פעט און די לופט אַ וואַרעמע. מיר זענען ווי איבערנאַכט מיט אַמאָל אויפגעשפּראָצט. מיר וואָלטן געקאָנט וואַקסן און וואַקסן, ווען נישט די ערשטע וועלט־מלחמה. דער שטורעם האָט אונז פון דער ערד מיט די וואָרצלען אַויסגעריסן... אָט האָב איך באַקומען אַ סטיפּענדיום פון 2.000 רובל, צו פאָרן קיין פּאַריז שטודירן; און אויך אַנדערע האָבן גוטע געלעגנ־הייטן געהאַט — אָבער צו דער צייט ווען איך האָב געזאָלט אָפּפאָרן, איז די מלחמה אויסגעבראָכן. דער סוף איז געווען, אז מיר זענען אַלע, מיטן אויסנאַם פון נתן שוואַלבע, צוריק פאַרבליבן אין שטעטל. פאַר אונז איז דאָס געווען אַ צוריקטריט. אַן אָפּהאַלט אין אונזער אַנטוויקלונג. אין שווערע מלחמה אומשטענדן און אין שטענדיקער מורא געכאַפּט צו ווערן אויף צוואַנגס־אַרבעט, האָט מען קיין גרויסן פּראָגרעס נישט געקאָנט מאַכן. שפּעטער, ווען מען האָט זיך צוגעפּאַסט צו דער לאַגע, טראָץ דעם וואָס דער דייטש האָט נישט געלאָזט לעבן, געהאַלטן אונז ווי אַרעסטירטע מיט זייער באַגרענעצטע פרייהייט — האָבן מיר אויסגענוצט אויפן בעסטן אופן די געגעבענע קולטורעלע אויטאָנאָמיע.

ראַדזין האָט שוין פון יאָרן צוריק פאַרמאָגט אַ גרויסע יידישע לייי־ביבליאָטעק און אַ דאַנק איר האָט זיך דאָ דערצויגן אַ פאָלקס־אינטעליגענץ, וועלכע האָט געוועקט אין זיך די פאַרבאָרגענע טאַלאַנטן. מיר האָבן געגרינדעט אַ דראַמאַטישן פאַריין, ווו מען האָט אויפגעפירט ליטעראַרישע זאַכן, איינגעאָרדנט לעקציעס און גענוצט דאָס שטאָטישע טעאַטער, וועלכעס איז געווען פאַרשלאָסן פאַר יידן, אונטער דער פויליש־רוסישער הערשאַפט, כאָטש ס'איז מיט יידיש געלט געבויט געוואָרן.

מ'קאָן אָפּציילן אַ גאַנץ גרויסע צאָל טאַלאַנטן אין דער גרופּע. נתן שוואַלבע, א באוווסטער זשורנאַליסט אין פויליש און אין יידיש, בן־ציון גרינבוים, שלמה צוקער (ראַדזינסקי), אַ יידישער שרייבער, ישראל טיקאָטשינסקי, אַ טאַלאַנטפולער מאָלער, זיין ברודער מרדכי, אַ הומאָריסט. העניך אָפּעלבוים, אַ טאַלאַנטפולער אַקטיאָר, יוסף דאַניליאַק, א לירישער פּאָעט. צו זיי קאָן מען נאָך צוגעבן שלמה וויינגאָרטן, אַ שטילער, אָבער פילזייטיקער טאַלאַנט. אַן ערפינדער, מאַטעמאַטיקער, שניצער.

אָבער באַזונדערס מוז פאַרצייכנט ווערן אַז זיין זכרון איז געווען פענאָמענאַל: איבערגעלייענט איין מאָל אַ בוך און געדענקט עס אויף צו מאָרגנס אין גאַנצן אויף אויסנווייניק. אויך דער שרייבער פון די שורות איז געווען אין דער גרופּע. צום באַדויערן זענען דאָס רוב פון דער גרופּע אומגעקומען פון דער ברוטאַלער נאַצישער האַנט. ראַדזין איז געווען אַ גוטע נעסט אויף צו געבוירן טאַלאַנטן און וויכטיקע מענטשן און עס האָט אַזוי אויך אָנגעהאַלטן ווייטער אינם שפּעטערדיקן דור.

—•—

נאָך דער דייטשער מפּלה איז געקומען די פּוילישע הערשאַפט מיט אירע אונטערדריקונגען און טעראָר קעגן די יידן. אין די ערשטע נאַכט פון זייער איבערנעמען די מאַכט, האָט מען איבערן לאַנד אויסגעהרגעט טויזנטער יידן, אויף די וועגן און אין דערפער. אין דעם דאָרף בארווע, לעבן ראַדזין, האָט מען א גאנצע פאַמיליע פון 6 נפשות אומגעבראַכט. דער מאָרד האָט יעדן אַריינגעוואָרפן אין טרויער. מען איז געוואָרן דערשלאָגן. צו דער גרויסער מאַסן־לויה, האָבן אַלע פאַר־מאַכט די געשעפטן און יידן פון גרויס ביז קליין האָבן אין איר אָנטייל גענומען. עס איז געגאנגען אזא גרויסע מאסע אין טרויער, אז דאָס אליין האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקער פּראָטעסט. דער טעראָר האָט לײדער ווייטער אָנגעהאַלטן. מען האָט געשלאָגן יידן אויף די וועגן; מען האָט ביי זיי געשניטן די בערד און אין פיל פאַלן פלעגט מען יידן אַרויסוואַרפן פון לויפנדע באַנען. מען איז געוואָרן דערשלאָגן און כסדר געלעבט אין טויט שרעק. ס'איז נישט געווען צו וועמען זיך צו באַקלאָגן, און ווו צו פּראָטעסטירן. פון יעדן יידס ליפּן האָט זיך נאָר געטראָגן איין אויסדרוק: „יידן, מיר זענען פאַרלוירן. אַנטלויפט פון דאַנען...״

—•—

איך האָב ליב געהאַט מיין שטעטל און האָב אויך ליב געהאַט פּוילן. ווען עס איז געקומען די צייט פון מיין פאַרלאָזן פּוילן, בין איך נישט מיט פיל חשק געפאָרן עס האָבן שוין געמוזט קומען אַזעלכע אומשטענדן, אַז איך זאָל זיך קאָנען פאַר־נעמען און פאָרן... עס איז דעמאָלט געווען אַ פינצטערע נאַכט, ווען איך האָב מיין שטעטל פאַרלאָזן אויף אייביק. פאָרנדיק צום באַן אין אַ זייער לאַנגן וועג, איז דער הימל געוואָרן שרעקלעך רויט. ערגעץ האָט געברענט; פייערדיקע צונגען און פלאַמען האָבן זיך געצויגן צום הימל און עס האָט יעדעס מאָל אַרומגענומען אַ וואָס גרעסערן שטח... מיר האָט דאָס עפּעס אָנגעזאָגט... אפשר איז דאָס געווען סימבאָליש, אַז מיט יאָרן שפּעטער וועט דער הימל אויך זיין אַזוי רויט און דאָס וועלן אזוי ברענען טאָג און נאכט אונזערע אייגענע אין די קאַלך־אויוונס ביי די נאַציס...

איך וואָלט גערן געוואָלט שיין זינגען וועגן מיין שטעטל און דערציילן מער

וועגן די ראָמאַנטישקייט דאָרט. מיין האַרץ איז אָבער אָנגעלאָדן מיט צער און ווייטיק, אַז עס ווילט זיך בעסער צערייסן מיינע קליידער, זיך אָנטוען אַ זאַק מיט אַש, און וויינען און טרויערן אויף אַלץ און אַלעמען, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן.



מחאת האלם
דער שטילער פּראָטעסט

ציור מאת / געצייכנט פון מאנועל ליכטנשטיין (ניו־יאָרק)

אבא דאנילאק

# ראדזינער וויזאזשן

## 1. לעבנס־שטייגער און מקור פון חיונה.

ראדזין האָט נישט געהאט אין זיך פיל פונם מאטעריעלן עשירות. אויסער איי־ניקע רייכע יידן, האָבן זיך די איבעריקע געשפייזט פונם ארומיקן פויער, דער איינציקער מקור פון זייער חיונה. בעלי־מלאכה׳ס האָבן דעם פויער באזאָרגט מיט קליידונג און באשוכונג און זיינע פראָדוקטן האָבן די סוחרים אָפגעקויפט און גע־שיקט זיי אין דער גרויסער שטאָט ווארשע. פון דאָרט האָבן זיי צוריקגעבראכט נאפט, צוקער און זאלץ — פראָדוקטן, אין וועלכע דער פויער האָט זיך געניטיקט. דער לעבנס־שטייגער פון די יידן איז געווען זייער א נידעריקער. ברויט און קאַר־טאָפל פאר דער פאמיליע איז, ווי אין אלע שטעטלעך אין פוילן, געווען א לעבנס־פראגע. א בגד האָט זיך גערעכנט פאר א לוקסוס. דאָך האָט מען זעלטן־ווען געהערט ווען ס׳איז זיך באקלאָגן אויף זיין גורל. „אזוי וויל די השגחה״ — פלעגן אָפט יידן איבערחזרן מיט א פרומע מינע, ווי צו טרייסטן זיך אליין.

דער מיטלסטער מארק אין שטאָט איז געווען פון דריי זייטן איינגעשלאָסן מיט געוועלבער פון כל־המינים סחורות. די פערטע זייט איז געווען אָפן צום הויף פון דעם שלאָס און פון דאָרט געפירט צו דער באן. פון אינדערפרי ביז פארנאכט האָבן זיך דאָ די פויערים פון ארומיקן געגנט צעלייגט מיט זייערע פורן און אויסגעשפאנ־טע פערד. דאָ האָבן זיי זייערע הצטרכותן און אויסשטאטונג באקומען. די קראָמען, איבערגייענדיק בירושה פון טאַטעס צו קינדער, האָבן זיי צוגעשטעלט פון א נאָדל ביז בוי־מאטעריאלן און מאשינען צום פעלד.

דער מקור פון פרנסה האָט אויך געשאפן געטאָס אין א געטאָ. ארום די מארקן האָבן זיך די שניידערס באזעצט און געשאפן דאָס שניידערישע געסל. פון גאנץ פרי ביז שפעט אין דער נאכט, האָבן זיך צעגרילצט זינגערס ניי־מאשינען באגלייט מיט די פארחלום׳טע געזאנגען פון די יונגע לערן־ייִנגלעך. דאָס האָבן צוגעגרייט די אזוי־גערופענע טאנדייטאָרס אין הורט צו די יארידן בעקעשעס און הויזן פאר די פויערים.

אויף דער שול־גאס האָבן די שוסטער זייער געטאָ געהאט. דער גערוך פון די פויערישע גראָבע לעדער האָט זיך צעטראָגן איבער דער גאס און גערייצט די נאָז־לעכער. דורך די אָפענע פענצטער האָט זיך געטראָגן דאָס קלאפן פון האמער, דורכגעפלאָכטן מיט טרויעריקע ניגונים פון אָפגעהאקטע ימים־נוראים׳דיקע תפילות. אין די ניגונים האָבן די דראטווע־ציער ווי געוואָלט ארויינטייטשן זייער צער און צרות. די האָרעפאשנע יידן זענען קיין גרויסע תלמידי־חכמים נישט געווען, דאָך קיינמאָל נישט פארפעלט קיין תפילה בציבור. אָפט צווישן מנחה־מעריב האָבן זיי

זיך צעזעצט ביי די גרויסע טישן אין חברה־מקרא־שטיבל און מיט נשמה־פארכאר־פעניש געשלונגען א פרשה חומש מיט רש״י, אָדער א פרק עין־יעקב פונם מורה־הוראה ר׳ חיים אשר. א קורץ, דאַר יידל, וועלכער האָט זיין לעבן לויטן שלחן־ערוך געריכטעט און אליין זיך באגנוגנט מיט א „קב חרובים״ מערב שבת לערב שבת. ער איז געווען א גרויסער מחמיר אין כשרות־ענינים און דערפאר האָבן טאקע יידע־נעס אויסגעמיטן צו גיין צו אים מיט שאלות... אָנשטאָט אים זענען זיי געגאנגען צום רב. דער רב איז געווען מער וועלטלעך און לכבוד שבת, אָדער צוליב אנדערע סיבות, פלעגט ער מקל זיין און כשרן די ווייבער זייערע עופות אָדער טעפּ. דאָס מקרא־שטיבל איז געווען זייער מקום־תורה און דעם מורה־הוראה מיט כבוד גע־האלטן און מיט פרנסה באַזאָרגט.

דער האנדלס־עלעמענט איז מערסטנטייל באשטאנען פון יידן תלמידי־חכמים, געווען זענע קעסט־קינדער. זיי האָבן זיך געגרויסט מיט זייער תורה און מיט די האָ־רעפּאשנע יידן קיין מגע־ומשא נישט געהאט. אום נישט צו דערנידעריקן זייער אָנזען אין שטאָט, האָבן זיי אין מקרא־שטיבל קיינמאָל זייער נאָז נישט אריינגע־שטעקט. מערסטנטייל זענען דאָס געווען תבואה־הענדלער אָדער באזיצער פון קליינע געוועלבלעך. די דאָזיקע יידן האָט מען אָפט געטראָפן אין די בתי־מדרשים, זיצנדיק פאר׳מוח׳ט און ציפנדיק די בערדלעך ביי שווערע האמעטנע גמרות אָדער גאָר צונויפגעדרענגטע אין רעדלעך הערן אויס נייעסן פון דער גאָרער גרויסער וועלט.

## 2. ראדזינער קאַפּטשאַקעס

ראַדזין ליגט האַרט ביי דער גרענעץ צווישן אוקראַינע און פוילן. אויפן האלבן וועג צווישן בריסק, ביים טייך בוג פון מזרח, און דעם נערוון־צענטער אין פוילן וואַרשע, ביים טייך ווייכסל, אין מערב. דורך דער שטאָט קרייצן זיך אויך די הויפּט־וועגן, וועלכע פירן פון דעם מיליטערישן איוואַנגאָראָדער פעסטונג אין דרום און דעם באַרימטן בריסקער פעסטונג אין צפון. צוליב דעם טאַקע האָט די שטאָט ראַדזין געדינט אַ לאַנגע צייט אַלס סטראַטעגישער מיליטער־פּונקט אין די רוסיש־פּוילישע קאַמפן. אין וועלדער אַרום זענען עס פאָרגעקומען די וויכטיקסטע שלאַכטן אינם לעצטן יאָרהונדערט צווישן די פּוילישע אויפשטענדלער און די רוסישע קאַזאַקן. כדי צו היטן דעם וויכטיקן סטראטעגישן פונקט, האָט זיך אונטערן שטאָט באַזעצט און צעבויט אַ רוסיש־מיליטערישע אָפּטיילונג מיט זייערע פערד און האַרמאַטן. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ שטעטל אין אַ שטעטל און דאָס האָט אויך געדינט ווי א קוואַל פון פרנסה פאר די דאָרטיקע איינוווינער.

איידער די אייזנבאַנען זענען אויפגעקומען האָט די שטאָט אויך געדינט ווי אַ

שפייז־צענטער צווישן אוקראַינע און מערב־פוילן. גאַנצע הערדעס קי און אָקסן פון די אוקראַינער סטעפּעס פלעגן געטריבן ווערן דורך דער שטאָט צו דער דייטשער גרענעץ. דאָ, אין ראַדזין, זענען זיי איבערגענומען געוואָרן דורך די שטאָטישע סוחרים און די אוקראַינישע טרייבער, מיט די לייווענטענע העמדלעך איבער די הויזן און שטרויענע לאַפּטשעס אויף די פיס זענען פאַרביטן געוואָרן מיט פּוילישע גויים. אין דעם גרויסן דאַנילאַקעס הויז, וועלכעס האָט געדינט פאַר אַ דורכגאַנג פון דער הויפּטגאַס צו דער צווייטער, איז געשטאַנען אַ ריזיקע וואָג אויף וועלכער מ'האָט געוויגן די אָנגעקומענע בעלי־חיים. פון דאַנען האָט מען זיך געלאָזט מיט זיי גלייך צו דער דייטשער גרענעץ. מיטן אָנקומען פון דער אייזנבאַן איז דער דאָזיקער פרנסה־צווייג ווי פאַרשוווּנדן פון שטאָט.

דער גורל פון שטאָט איז ווי דער גורל פון אַ מענטש. צוליב אַ קאַפּריז פון אַ רוסישן אינזשיניער, וועלכער האָט געהאַט צו זאָגן איבער דער פונאַנדערלייגונג פון די אייזנבאַן־ליניעס, איז דער גורל פון דער שטאָט געחתמעט געוואָרן. דער פּריץ פון דעם ראדזינער גרויסן שלאָס איז געווען א גרויסער פּוילישער פּאַטריאָט. ער, שלובאָווסקי, — אַזוי גייט די געשיכטע — האָט זיך דאָס אָפּגעזאָגט אויפצונעמען ווי געהעריק אין זיין פּאַלאַץ דעם חזיר'שן רוס. דערפאַר האָט יענער דורכגעפירט די אייזנבאַן־ליניע זיבן וויאָרסט אונטער דער שטאָט דורך א דאָרף בעדלנאָ און ראַדזין אַליין איז אַזוי אַרום אינגאַנצן אויסגעמיטן געוואָרן פון דער באַן־מאַפּע. כדי צו דערגרייכן צו דער שטאָט האָט מען געמוזט אָנקומען צו די בעל־עגלות — דראָזשקאזשעס. די דאָזיקע יידן האָבן געהאט וועגעלעך מיט ספּרענזשינעס איבער די רעדער און לעדערנע דעקן פון אויבן, וועלכע האָבן זיך איינגעלייגט אָדער אויפגעהויבן אויפן פאַרלאַנג פונם פּאַסאַזשיר. זייער מיסיע איז דאָס געווען צו פירן פּאַסאַזשירן צו דער באַן און צוריק. דער אַנדערער טייל בעל־עגלות, אַזוי־גערופענע קאָפּטשאקעס, זענען נאָך פארבליבן פון די אלטע צייטן. דאָס זענען געווען גאָט־געבענטשטע גבורה־פולע משפּחות. הויכע, ברייט־פּלייציקע יידן; גרויסע שלעגערס, פאַר וועלכע גויים האָבן געציטערט אימת־מות. נישט איינמאָל געשפּאָלטן די מוחות פון עשו'ס קינדער מיט אַרויסגעשלעפּטע דרענגער פון די וועגענער. יידן עם־ארצים, גרויסע בראָנפן־זשלאָפּערס: תמיד נישט גערעדט, נאָך חיה'ש געברומט; פול מיט ניבול־פּה און דאָך קיינמאָל נישט פאַרפעלט קיין תפילין־לייגן און צומאָל אפילו געכאַפּט א מנחה־מעריב. די קרוינענבערגס, מיט זייערע הויכע, מיט שטרוי אויסגעבעטע פורן און געדעקטע לייווענטענע דעקן אויף הילצערנע דרענגער, האָבן זיך געלאָזט אויף ווייטע וועגן מיט זעק תבואה און מעל צו די גרויסע שטעט און פון דאָרט צוריקגעקומען מיט געפּאַקטע הויכגאָרנדיקע פורן, מיט זאַלץ, צוקער נאַפט און אייזן.

אויף די פּוילישע וועגן אין שטורם, שניי און רעגן טרעפט מען זיי שפּרייזנדיק

ביי דער זייט צוזאַמען מיט זייערע פערד און קרעכצענדיקע וועגענער; צעוואָרע־מען זיך מיט אָפּהילכענדע דונער־קלעפּ פון צעפּאָרענע מוסקולישע הענט איבער פעלזן־האַריקע ברוסטן. צומאָל פון ברויזנדע, איבערגעלאָדענע גבורה, רייסט דורך די לופט אַ קנאַל מיט דער בייטש סתם אין דער לופטן, וועמענס עכאָ הילכט אָפּ און קייקלט זיך ווייט אוועק איבער פעלדער און וועלדער, צופרידענע לאָזן זיי זיך עס צו די קרעטשמעס אויף די וועגן. בייטש און פערד אַ ירושה פון זייערע טאַטעס און בייטש און פערד וועלן זיי איבערלאָזן זייער אייגן בלוט און פלייש.

דערפאַר, אין די שבתים און ימים־טובים פילן זיי זיך געפאַלן. הכנעה׳דיק שלייכן זיי זיך אריין אין בעל־מלאכה׳שן חברה־מקרא שטיבל צו דאַווענען. זיי ווייסן: זייער אָרט איז ביי דעם טיש נעבן די טיר. מיט קנאה און אייפער קוקן זיי נאָכן דאַווענען אויף די יידן בעל־מלאכה׳ס, וועלכע צעזעצן זיך דאָרט אויבן־אָן אַרום דעם דאַרן, פון תעניתים אויסגעמאַטערט גופ׳ל, דעם אַלטן מורה־הוראה און שלינגען יעדעס וואָרט, וואָס קומט אַרויס פון זיין מויל. איז דאָס אַ טייטש פון אַ פסוק, אַ דין פון שלחן־ערוך אָדער אַ קאַפּעטשקע מוסר צו זיי. ביז דעם אונטערשטן טיש־זיצער דערגרייכן די נישט־דאַיקע קלאַנגען. די געפּרעסטע לופט און משונה׳דיקע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער פונם מויל פון דעם הייליקן ייד פאַרטידן זייערע טעמפּע מוחות; מורא האָבנדיק נישט איינצושלאָפן גנב׳ענען זיי זיך איינציקווייז אַרויס פונם מקום קדוש. די פרישע לופט אין דרויסן פאַרשאַרפט אין זיי די חושים. די געפאַלנקייט און שפלות, וועלכע זיי האָבן נאָר־וואָס דורכגעלעבט אָבער נישט פאַרדייעט, צופלאַטערן זיך אין זייערע גופים אין אַ ברויזנדער יוכע. פאַרטראַכטן זיך אַ ווייל און אומבהאָלפענע דעם כעס צו שטילן לאָזן זיי זיך מיט אימפּעט אַ היים צו זייערע ווייבער.

## 3. די חברה הכנסת כלה

אויף יידישע שמחות אין שטאָט, ווי חתונות, ברית׳ן און דאָס גלייכן, האָט מען אָפּט אָנגעטראָפן אויף אַן אויסטערלישן פאַל. די טיר פלעגט זיך ברייט צע־עפענען אין מיטן דער שמחה און משונה׳דיקע פיגורן האָבן זיך אריינגעשליידערט. אָנגעטון אין גרינע בלוזקעס, אויף די קעפּ גרינע היטלען מיט דאַשקעס ווי פויערים פון דאָרף, דראַטענע מאַסקעס אויף די פנימער — האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט ביי די זייטן פון די ווענט, שטומע אָן אַ באַגריסונג צו די בעלי־שמחה, אפילו אָן אַ שאָקל מיטן קאָפּ צו די געסט זענען זיי ווי בלייענע סטאַטועס אַזוי שטיין געבליבן ווי וואַרטנדיק עפּעס זאָל געשען. דאָך האָט זייער באַווייזן זיך אין שטוב און זייער משונה׳דיק אויפפירן קיינעם נישט איבערראַשט: פיל פון די געסט האָבן זיך אַפילו נישט גענומען די מי זיך אומצוקוקן אויף זיי. גלייך ווי יעדער וואָלט

דערוואַרטעט זיי. ווער זענען זיי? נאָך וואָס זענען זיי געקומען? — וועגן דעם האָט שוין עדות געזאָגט די גרויסע בלעכענע פּושקע מיט גרויסע אותיות: „הכנסת כלה”, וועלכע זיי האָבן אַוועקגעשטעלט אויפן טיש מיט אַ קנאַק און אַ קלינג, ווי זיי וואָלטן מעלדן יעדן: נישט בעטלען זענען זיי געקומען נאָר אויפמאָנען אַ חוב! חתונה מאַכן יידישע טעכטער, צו זענען דאָס יתומות, צו סתם טעכטער פון אָרעמע היימען, איז מעולם אָן געווען א פארשארפטע פראגע אין דער אלטער היים. נדן און אויסשטייער זענען אָפט געווען די הויפּט־פראַגן, וועלכע האָבן געשטערט צו דערפירן חתונות ביז דעם ענד. משולחים אָדער סתם־יידן פלעגן אַרומפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך מיט בריוו, אויף פּאַרמעט־געדרוקטע, פון די רבנים פון זייערע וווינערטער, וועלכע האָבן מעיד געווען אויף די יידן, אַז זיי זענען נעבעך געדריקטע נצרכים, האָבן א בוגרת אויסצוגעבן און דער כלל־ישראל איז מחויב זיי צו העלפן.

אין דער אייגענער שטאָט, אָבער, וואָלט אַ בעל־הבתישער ייד פון חרפּה זיך אַ מעשה אָנגעטאָן איידער אויסצושטרעקן די האַנט פאַר זיין טאָכטער נדן צו בעטן. אַזוי ווי אָבער נדן און אויסשטייער האָבן באַטראָפן היבשע סומעס, האָט זיך דאָס שווער אָפּגערופן אויף יעדער אָרעמער משפּחה, וועמען גאָט האָט באַשאָנקען מיט טעכטער, וועלכע זענען געשטאַנען אין שידוכים. טאַטעס און מאַמעס זענען קיין נעכט נישט געשלאָפן, זיך אויסגעקוקט די אויגן צום הימל זוכענדיק הילף. ווי אַזוי־זשע צו העלפן די נצרכים שטילערהייט, בצנעא? — צו דעם גײַדאַנק האָבן זיך דערטראַכט דווקא די האָראָפּאַשנע יידן, בעלי־מלאכות אין שטאָט. יידן פון חברה־מקרא שטיבל. אונטער דער אויפזיכט פונם מורה הוראה, ר׳ חייט אשר, האָט מען אַזאַ חברה געגרינדעט.

אין פיל שטעט אין פוילן זענען געווען חברות „הכנסת כלה”, וועמענס אויפ־גאַבע ס׳איז געווען צו העלפן אָרעמע פאַמיליעס, יתומות מיט נדן און אפשר אויך מיט אויסשטייער. דער וויכטיקסטער אויפטו פון דער חברה אין ראַדזין אָבער איז געווען דער פונקט אין זייערע תקנות: סיי דער אופן פון זאַמלען געלט, סיי די באשלוסן וועגן פארטיילן די געלטער, דארפן געטאָן ווערן שטרענג געהיים. דער קארדינאלער פונקט האָט דערמעגלעכט די חברה צו פונקציאָנירן נאָרמאל א לענ־גערע צייט. אַן אויסגעקליבענער קאָמיטעט פון פינף פערזאָן האָט באַשלאָסן וועמען צו געבן הילף און וויפיל. אַ חבר, וועלכער האָט געוואַגט אויסגעבן אַ סוד איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער חברה. יעדער מיטגליד איז געווען פאַרפליכטעט, ווען ס׳קומט זיין ריי, זיך אַריינצוּוואַרפן אין די משונהדיקע בגדים און גייען אויף אַ שמחה זאמלען געלט. יידן האָבן זיך אָבער געשעמט זאמלען געלט און פלאָנטערן זיך צווישן נקבות, האָבן זיי צוליב דעם אָנגעטאָן מאַסקעס אויף די פּנים׳ער און שטום געבליבן די גאַנצע צייט אום מ׳זאָל זיי נישט דערקענען.

זיי האָבן אָבער נישט נאָר געלטביים עולם גענומען; זייער אויפגאַבע איז

אויך געווען מיט עפּעס די געסט אונבעלי־שמחה אָפּצוצאָלן. מיט זייער קומען האָבן זיי אַריינגעברענגט אויך פייערלעכקייט אין דער שמחה. לויט אַן אַלטן מנהג אין שטאָט, האָט מען יעדע חופּה געשטעלט אויפן שול־הויף. דעם חתן און דערנאָך די כלה האָט מען געפירט מיט מוזיק און פּאַראַד פון זייערע היימען צו דער חופּה. אָט די חברים מיט זייערע משונהדיקע אוניפאָרמען האָבן, מיט פלאַ־קערנדע פאַקעלן אין די הענט, געפירט דעם פּאַראַד הין און צוריק. פון פאָרנט צווייִ יידן און פון הינטן צוויי. אויפן שול־הויף האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט אַרום דער חופּה. ביי יעדן שטאַנג איינער מיט אַ פאַקעל אין האַנט. דאָס קרעקענדיקע פייער פון די נאָפטיקע קנויטן האָבן דאָס נאַכטיקע פינסטערניש פאַרטריבן און ליכט געשפּרייט איבער חתן־כלה.

זייער אויפגאַבע האָבן זיי אויסגעפירט בשלמות; פון אָנהויב ביז סוף — מומיע־שטום, אָן א פּיפּס מיטן מויל, אָן א שאָקל מיטן קאָפּ ווי אמתע ארטיסטן. די מצוה האָבן זיי טייער געהאַלטן און די שטאָט האָט זייער אַרבעט געשעצט מיטן אָנפילן די בלעכענע פּושקעס מיט קופּערנע און זילבערנע מטבעות. דאָך האָבן די גרויסלערנער פון די פּני פון דער שטאָט נישט געוואָלט געהערן צו דער חברה. זיי האָבן געהאַלטן פאַר נידעריק צו חברן זיך מיט פּראָסטאַקעס, בעלי־מלאכות. אויך איז זיי נישט אָנגעשטאַנען דער גוי׳אישער הלוך.

איינמאָל אין יאָר האָט די חברה אויך איר באַלוינונג באַקומען. דאָס איז געווען חמשה עשר בשבט, דער טאָג פון דער גרויסער סעודה. מיט ווייניקע וואָכן פריער האָט מען זיך געגרייט צו דער סעודה. דריי וואָכן נאָכאַנאַנד האָבן די ווייבער פון די חברים געפּיטערט די איינגעקויפטע גענז, זיי פעטער צו מאכן. נאָך דער שחיטה האָבן די זעלבע ווייבער אַרויפגעצויגן אויף זיך פאַרטוכער, געמאַכט פון גראָבע לייווענטענע זעק, און געפליקט די גענז. טיפע שעהן אין די חצות׳דיקע נעכט געאַרבעט מיט שטאָלץ און מיט זכיה צו האָבן אַ חלק אין דער מצוה פון דער סעודה.

חמשה עשר בשבט, נאָך מעריב, האָט דער עולם זיך פונאַנדערגעזעצט אַרום לאַנגע טישן און פאַסמאַקעוועט זיך מיט די געבראַטענע גענז, וועמענס ריח האָט זיך צעטראָגן דורך די געעפנטע טירן אין גאַס אַריין און געריצט די גאָזלעכער און אַפּעטיט פון די דורכגייער און שכנים. דער שטארקער, ניינציקער בראָנפן האָט צוגעגעבן מוט און היץ. עמך האָט געגעסן און געטרונקען ווי שכורים. דאָך האָט מען ביי דער סעודה נישט צעקריגט זיך, חלילה. נישט צעשלאָגן זיך, נאָר פאַרענדיקט מיט ווישן די פעטע ליפּן און מיט אַ קנאַקנדיק בענטשן. נאָכן עסן, ביים אהיימגיין, האָט מען זיך געווונטשן, אז יעדן זאָל גאָט באשערן זיין זיווג, זיין נדן און נישט דאַרפן צו דער חברה אָנצוקומען. אַ הילכיקער, צעצוי־געגנער „אמן״, האָט די לופט צעטרייסלט און פאַרטראָגן ווייט אין גאַס אַרויס.

שמואל דניאלי (צופית, ישראל)

# משה סמאַלאַזש

## (אַ ראַדזינער לעגענדע)

דורך אַ זאַמדיק שלענגלדיקן וועג וואָס פירט פון שטעטל אין וואַלד אַריין, פאַרשטעלט פון ביידע זייטן מיט אַלטע טאָפּאָלן־ביימער, ווי אַלטע היטערס, האָט מען געקאָנט צוקומען צו אַ קליין שטיבעלע, וואָס איז געשטאַנען איינזאַם אין וואַלד, צווישן די הויכע מאַיעסטעטישע סאָסנע־ביימער.

אין דעם קליינעם, נידריקען צימערל, געבויט ווי אַ קעלערל אין דר׳ערד מיט אַ זאַמדיקן דאַך, האָט געוווינט אַ קליין, דאַר יידעלע, מיט אַ שוואַרץ בערדעלע. אויגן אַזעלכע ליבלעכע, וועלכע האָבן געקאָנט דעם גרעסטן אכזר וויך מאַכן און פון אים רחמנות אַרויסרופן.

קיין מוטער, קיין שוועסטער, קיין פרוי — אַליין און איינזאַם האָט ער געלעבט אין וואַלד. ווו ער איז געבוירן געוואָרן, פון וואַנען איז ער געקומען אַהער — האָט קיינער נישט געוווּסט. אַזוי האָט ער אָפּגעלעבט זיינע יאָרן אין שטילן, סודות׳דיקן וואַלד. די ביימער זענען געווען זיינע איינציקע און אינטימע פריינט. זיי האָט ער עס דערציילט זיינע אינטימע סודות און זיי האָט ער איבער־געגעבן זיינע האַרציגסטע געפילן. ווען ער פלעגט אָפּריכטן זיינע תפילות צום כסא־הכבוד, פלעגט ווערן שטיל אין וואַלד. אינמיטן זיין געבעט, פלעגן די ביימער שטיל און געלאַסן צולייגן זייערע שפּיציקע און דאַרע קעפּ און איינשושקען זיך איינער דעם אַנדערן סודות וועגן זיין תפילה; און ווען ער פלעגט ענדיקן, פלעגן זיי זיך אָנהויבן צו בויגן און צו בעטן פאַרן רבונו של עולם, ער זאָל זי אָננעמען...

אין שטעטל גופא פלעגט מען אים זעלטן זעען. געקומען איז ער נאָר פון אַ יום־טוב צו אַ יום־טוב. גערופן האָט מען אים משה סמאַלאַזש, ווייל ער פלעגט עס אַרויסציען זשיוויצע פון די ביימער און פאַרקויפן זי די גויים. און ווען ער פלעגט קומען ערב יום־טוב, איז געווען דער גאַנצער וועג, וואָס ציט זיך פון שטעטל אין וואַלד אַריין, פאַרלייגט מיט קופּקעלעך פאַרשידענע מענטשן. פרויען מיט קליינע קינדער אין די הענט; אַלטע בלינדע יידן, אָנגעלענט אויף שטעקנס און אייניקלעך, וועלכע פלעגן זיי פירן ביי די הענט — דאָס זענען געווען אָרעמע לייט, וועלכע האָבן געוואַרט אויף משהן.

און אַז משה פלעגט קומען אין שטעטל אַריין, זענען אים אונטערגעפאַרן פורן פול מיט שפּייז פאַר אָרעמע לייט און נישט אומזיסט פלעגט מען אים טאַקע רופן משה דער שפּייזער. מיט זיין הילף פלעגט ער אונטערהאַלטן דאָס ביסל

אָרעמע לייט פון שטעטל. זיין גאַנץ פאַרדינסט פון זיין שווערע אַרבעט, פלעגט ער אַוועקגעבן אָרעמע מענטשן. אַז דער ווינטער איז אָנגעקומען, פלעגט ער אָנקויפן שטיוועלעך און פאַלטנדלעך און אין חנוכה פונאַנדערטיילן פאַר די אָרעמע קינדער.

אַזוי האָט משה אָפּגעלעבט פופציק יאָר איינזאַם אין דעם גרויסן וואַלד. און אַז מען האָט אים געפּלעגט פרעגן, פאַרוואָס האָט ער נישט חתונה, האָט ער געהאַט איין איינציקן ענטפער: כ׳וויל נישט מטמא מאַכן מיין גוף״... זיין גרעסט פאַרגניגן אין זיין לעבן איז געווען נאָר דער יום־טוב.

נאָר מיט אַמאָל זענען אָנגעקומען שווערע טעג פאַר משה׳ן. די אַרבעט אין וואַלד האָט זיך אויסגעלאָזט, ווו צו פאַרדינען איז נישט געווען. דאָס ביסל געלט, וואָס ער האָט נאָך געהאַט פון פריער, האָט ער נאָך אַלץ פונאַנדערגעטיילט צווישן די אָרעמע לייט — ביז ער האָט נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן זיך אַ שטיקל ברויט און משה איז געשטאָרבן פון הונגער...

געווען איז דאָס אין אַ טאָג פון ערב־פּסח. ביי שרעקלעכע שטורם־ווינטן און שלאָגס־רעגנס, האָט זיך משה׳ס נשמה אָפּגעטיילט פון זיין גוף, וועלכער איז געבליבן ליגן אויף דער ערדישער פאָדלאָגע, מיט אַ וואַטאָוון פעלצל צוגעדעקט...

—•—

אין דעם זעלבן ערב יום־טוב זענען געשטאַנען די אָרעמע לייט אויף דעם וועג, וואָס פירט פון שטעטל אין וואַלד אריין און געשפּאַרט זיך צוליב יעדער פור, וואָס מען האָט נאָר געזעען פון וואַלד אַרויספאָרן, אַז דאָס איז משה׳ס פור... זיי זענען אַזוי אָפּגעשטאַנען ביז פאַרנאַכט. ביז עפּעס אַן אויסטערלישער פויער איז אָנגעפאָרן און זיי אָנגעזאָגט, אַז משה איז געשטאָרבן. איז אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכע יללה צווישן די אָרמע לייט. און בליץ שנעל האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה איבערן שטעטל ראַדזין: „דער ל״ר־ניק פון וואַלד איז נפטר געוואָרן...״

מאיר סעגאַל (ניו־יאָרק)

# לידער

## פון מײַן היים

טרויעריק, קינדעריש לעבן —
דו גייסט פאַר מיר אויף איצטער ווידער,
דער ווינט איז אויף ערד שוין אַנטשוויגן,
און ס׳טונקלט דער אָוונט איבער שנייאיקע גריבער.

איבערן הימל איז גרויקייט די וואָלקנס,
אין ווייטן, אין קנויליקן דריי.
און איך צווישן ערד און וואָלקנס
בין אויך אין עלנט אַזוי.

אַלע טייכן מיט אייז פאַרקאַוועט,
נאַכט אין קאַלטקייט קומט אָן,
איבער וועלדער שמאָלע פאַסן
פון רויט־פאַרזונקענער זון.

די ווייטקייטן ווערן לענגער.
ברייטער די פעלדער.
פראַסטיקע ווייסקייט אין לופט גיט אַ ציטער,
נאָר אַלץ אַזוי אפן,
ס׳בלייבט טרויעריק אָפן,
מײַן האַרץ פאַרשלאָסן אין וואַלדיק געוויטער.

אין וואַלדיק געוויטער
צו גאָט טו איך תפילה.
כ׳בין אויך איצט אין אָוונט
פורעם און הילע.

כ׳נעם צונויף איבער פעלדער
אין בלויקייט די פארבן.
צווישן אייביק געבורט
און אייביקן שטאַרבן.

2

נאכט. שניי פארדעקט האָט אלע וועגן.
צווייגן ציטערן אויף אין קלאָרן בלענד.
א שניי אזא איז אויך אמאָל געלעגן,
ווען טאטע האָט צום פעלד געטראָגן
זיין טויטן זון אויף דארע ווייסע הענט.

אָ, געבויגענער טאַטע ביים קינדערישן קבר,
דיין קאָפּ גרוי, פון דיינע אויגן טרערן גייען.
דער שניי אין ווייסקייט דורך נאכט
וועט אליין שוין פארדעקן דאָס פעלד, דעם שטיין.

טאטע איז פון בית-הקברות צוריקגעקומען
מיט א רויט לאמטערן און שטיוול שניי.
ביים געפרוירענעם פענצטער א צאנקענדיק ליכט,
און וויסטער טרויער אויף ליידיקע בעטן צוויי.

שפעט ביינאכט.
דער טאטע אין ווינקל, אין צער אין שטומען:
גאָט, האָסט אין זעלבן טאָג אים מיר געגעבן,
יוען דו האָסט די מאמע זיינע צוגענומען.

3

אין באגינענדיקן ליכט טאטע האָט אָפּגעדאווענט,
איינגעפּאַקט א זאַק א פולן.
אין וועג זיך געגרייט —
מיט שטעקן אין האַנט, מיט טלית און תפילין.

אין שטוב געגעבן א לעצטן בליק,
שטיל געעפנט די טיר.
צוויי פאָר טרויעריקע אויגן האָבן אים נאָכגעקוקט,
פון אונטערן צודעק אפיר...

4

ער איז אוועק אין פרעמדער שטאָט
פאַר אָרעמע קינדער א מלמד ווערן.
זיין באָרד האָט אין צער געגרויט
און איינגעזאַפּט אין זיך די טרערן.

דער טאָג האָט דאָס שטעטל פאַרגרויט
אין בענקענדיק ליכט. —
טאטע, וואָס דו האָסט פאַרלוירן —
האָבן מיר, דיינע יורשים, געזוכט. —

נאָר קברים זענען שוין טיף אין ווינטער,
און מאַמעס שטיין — דער גרעסטער.
ווען מיר זיך שפּילן מיט זייערע שטיינער,
מיין קליינע, פאַריתומטע שוועסטער.

הפרק הזה, המוקדש לחסידות רדזין, מתכוון ליחד את תיאוריו לחסידות ה־שושלת האיז'ביצית־רדזינאית בלבד, מבלי לנגוע בחסידות של האדמו"רים האחרים, אשר חסידים רבים היו להם בעיירה. חסידי קוצק, ביאלה, גור וכו', אשר היו ברדזין, אם גם חן מקומי מיו־חד נסוך היה עליהם, לא נבדלו בהרבה מקהל חסידי פולין בכללם

—*—

דאָס דאָזיקע קאַפּיטל וויל שילדערן נאָר דאָס חסידות פון דער איזשביצער־ראַדזינער דינאַסטיע און נישט באַרירן דאָס חסידות פון פאַרשידענע רביים, וועלכע האָבן געהאַט פיל אָנהענגער אויך אין ראַדזין. די קאָצקער, ביאַלער און גערער חסידים — ראַדזינער איינוווינער, האָבן זיך נישט פיל אונטערשיידעט פונעם אַלגעמיינעם חסידישן כלל אין פוילן.

אבא דאַנילאַק (טאָראָנטאָ)

# דעם רבי'נס הויף

## 1. דער רבי קומט!

אין די ערשטע אלול־טעג, די זון ברענט שוין פיל שוואַכער און די פרימאָרגנס פּיל קילער. דורך די גאַסן שלייכן זיך דורך די לעצטע הויך־גאָרענדיקע פויערישע פורן מיט דער לעצטער אַראָפּגענומענער תבואה פון די די פעלדער. ווי פאַרשעמטע יאָגן זיך דורך די פאַרשפּעטיקטע פויערן מיט זייערע דאַרע, האַלב־אויסגעליידיקטע זאַנגען־בינטן פון די פעלדער צו די שייערן.

אין יענע טעג לעבט אויף דעם רבינס הויף. דעם גאַנצן זומער איז דער הויף געווען ווי פאַרזונקן אין אַ מידן, שטילן שלאָף. זינט דער רבי איז אַוועק אין די ווייטע מקומות, אין די וואַרם־בעדער, האָט זיך די שכונה ווי אָפּגעטאָן און אַוועק צוזאַמען מיטן רבין. צייטנווייז פלעגט די טויטע שטילקייט איבערגעריסן ווערן דורכן טעמפּן קלאַנג פונם אייזערנעם הענטל פונם ברונעם, וועלכער שטייט שטאָלץ און חשיבות'דיק אין מיטן הויף און ליפערט וואַסער מקדמונים דער גאַנצער שכונה. צו אָט דעם ברונעם לאָזן זיך דאָס מיט אימפּעט יידן מיט טלית־קטנ'ס אויף די אָפענע לייבער. יידענעס אין פעט־פאַרשמוצטע, ציצענע קליידלעך מיט קאָלירטע טיכלעך אויף די קעפּ, מיט באַמבלדיקע ליידיקע עמערס. דער בראַזג פון דעם אייזערנעם הענטל רייסט די מידע שטילקייט אין חלל און וואַסער פון די געדערים פון דער ערד צוגיסט זיך מיט טראַסק און קילט די אָנגעהיצטע לופט. צוריקוועגס שלעפּן זיך שוין איינגעבויגענע רוקנס, מיט דער שווערער משא און איבערגעלאָדענע עמערס, איבערלאָזנדיק אַ נאַסן, שלענגלדיקן שטרייף לענג אויס דעם וועג.

מיטן אָנקומען אָבער פון די אלול־טעג הויבט זיך אָן רעשן אויפן הויף. עס פראַלן זיך אויף אַ גאַנצע ריי שטאַלן, פון וועלכע ס'קומען אַרויס דעם רבינס ברייטע קאָטשן מיט די ספּרענזשינעס איבער די רעדער און די פאַרשטויבטע געשפּאַנען, צעהאָנגענע איבער די ווענט אויף גרויסע אייזערנע האָקעס. דאָס אַלץ ווערט דורכן שומר־גוי אַרויסגעשלעפּט אין מיטן הויף, געלופטערט, געשייערט און געריייניקט. יידן, אַדורכגייענדיק דורכן הויף און באַמערקענדיק דעם גוי'ס אַרבעט — אַן אָנדייט אויפן רבינס קומען — באַווייזט זיך אַ שמייכל אויף די אויסגעדאַרטע, צעקנייטשטע לעדער־פּנים'ער און פון זייערע אויגן קוקט אַרויס אַן אינערלעכע פרייד: ס'וועט זיך באַלד אָנהויבן אַן אויפלעבונג פון פּרנסה אין שטאָט. די ידיעה פון רבינס אָנקומען צעטראָגט זיך שנעל איבער די גאַסן און

געסלעך פון שטאָט און אין אָרעמע היימען טראַכטן שוין יידענעס פון הינער, אייער און דעסגלייכן, וואָס וועלן זיך טראָגן אין רבינס הויז צו הדס׳לען די רביצן, זאָל געזונט זיין; זי וועט ווי מיט אַ חנ׳עווּדיק שמייכל צונעמען און קיינמאָל מיטן פרייז זיך נישט דינגען.

אין רבינס בית־המדרש, וואָס איז געשטאַנען אַקעגן איבער, האָט מען דאָס נייעס אויפגענומען מיט באַזונדערע שמחה, ווייל זינט דער רבי איז אַוועקגעפאָרן, פוילן זיך יידן פון אַרום צו קומען דאַוונען מנחה־מעריב בציבור. די תפילות ווערן אין בית־המדרש אָפּגעטשאַפּט בחיפזון און די דאַוונערס פילן זיך ווי אבלים, אָן דעם צדיק־הדור. די ספּעציעלע האַלב־באַנק — האַלב־שטול, דער כסא של אליהו הנביא, וועלכער נעמט אויף פון דורות יידישע קינדער אויף בריתן, שטייט ווי פאַרשעמט; אָן דעם קוואַטער, דעם רבין, ברענגט מען נישט קיין קינדער מל צו זיין און זייערע בריתן ווערן געפּראַוועט אין אייגענע היימען.

די גרויסע, ווייסע מויער אין וועלכער עס וווינען די גאַנצע דינאַסטיע — דער רבי מיט זיינע טעכטער און איידעמס, איז רחבות׳דיק צעשטעלט איבער דער גאַנצער ברייט פונם הויף. אין די צענדליקער פענצטער שעמערירט די גאָלד־פאַרגאָסענע זונען־ליכט. פלוצים האָבן זיך די פאָרהאַנגען צעריקט. די פענצטער זיך געעפנט און צווינטער־רויטע פּרויען־פנים׳ער האָבן זיך אין זיי באַוויזן, מיט באַרמאַנסקע, מוסקולישע הענט געריימט, געוואַשן און געפּוצט די רחבות׳דיקע צימערן מיט דעם מאַסיוון ווייס־געדעקטן מעבל.

ס׳הויבן שוין אויך אָן צו ביסלעך אָנצופאָרן זיך די ערשטע חסידים. שטענדיקע זיצער, מיט ברוינע, טאַבאַק־פאַרפּראָפּטע נעזער און וואָנסעס. אין די מיילער לולקע־ציבערס — אַ פּאַפּ און אַ שפּיי, אַ שפּיי און אַ פּאַפּ! דאָס זענען זיי זיך מקדים צו קענען די ערשטע דערזעען דאָס ליכטיקע געשטאַלט פונם צדיק און האָבן דעם זכות אָפּצושטעקן אים ביים אָנקומען דעם ערשטן שלום.

די גמרא־יינגלעך, ווייסע־חברה־ניקעס, מיט די פאַרפלאָכטענע פּאהלעך אונטער די אויערן, שמאָלע טיכענע היטלעך אויף די קעפּ; אין לאַנגע כאַלאַטלעך מיט הויזן אין די שטיוול פאַרזעצט, אָט זיי פילן זיך איצט נישט באַקוועם. אַ גאַנצן זומער האָבן זיי דאָס פּאַסמאַקעוועט זיך מיט גע׳גנב׳עטע, זאַפטיקע קערשן, ווייַנשאָל און אַנדערע פרוכטן פונם רבינס סאַד, וועלכער ציט זיך פון אונטער דער מויער העט, העט אַרויף ביזן טייך. איצט קומט אָן ענדע צו אַלעמען: אָן אומעט קוקט אַרויס פון זייערע שעלמיש־גנבישע אויגעלעך! ווי אַזוי וועלן זיי דאָס קוקן דעם רבין גלייך אין פּנים אַריין נאָך אַזעלכע מעשים תעתועים?...

און אָט אין אַ גרויען, נעפּלדיקן פרימאָרגן שפּאַנט אַריין אין הויף זלמנקע דער בעל־עגלה, פירנדיק ביַי די לייצלעך צוויי קאַשטאַנאַוואַטע פערד: דאָס גייט מען שפּאַנען דעם רבינס קאָטש צו דער באַן! יידן האַלב־פאַרשלאָפענע, מיט די

טליתים אונטער די אָרעמס, גייען זיך באזאכט מיט געמאָסטענע טריט צום דאווענען. דערזעענדיק וואָס עס קומט פאָר אויפן הויף גלייכן זיי זיך אויס די רוקנס און מיט די פינגער פאַרפאָרן זיי אין די קאָלטענעוואַטע בערדלעך. ציען אויס האָר נאָך האָר און פארטראכטן זיך אוויל ווי אזוי אויפצונעמען דעם הייליקן צדיק.

—*—

אין יענעם פרימאָרגן פון רבינס צוריקקומען זענען די טויערן פון הויף אויף אַ לענגערע צייט געבליבן אָפן. יידן פון שטאָט, דעם רבינס חסידים, תבואה־סוחרים און סתם דאָרפס־הענדלער האָבן געטוישט זייערע פאַרפּעצטע כאַלאַטן אויף שבת׳דיקע קאַפּאָטעס און גאווה׳דיק, אַרונטערלאָזנדיק די שפּיץ פינגער אונטער די שוואַרצע זיידענע גאַרטלען, זיך געלאָזט מיט געמאָסטענע טריט צום רבינס הויף. דאָרטן האָבן זיי זיך דאָס צעזעצט אויף די בענק, אָדער אויפן גראָז צעלייגט, אָפּוואַרטנדיק די אָנקומענדע קאָטש. אַן ערנסטע שטילקייט האָט געהערשט אַרום, קיינער האָט נישט געוואַגט פון מויל אַ וואָרט אַרויסצוברענגען, נישט צו פאַרשוועכן די הייליקייט פונם מאָמענט. פּלוצים, ווי אַ שטורם וואָלט אַדורך, און די עדה יידן האָבן זיך צעוויגט, פון אָרט גערירט און אין ווילדן געלויף זיך געלאָזט צו דער שלענגעלדיקער סטעזשקע, האַרטביים טויער. דאָס האָט זיי אויפגעטרייסלט דאָס קלאַפּן פון פערדישע קאָפּיטעס איבער דער מיט שטיינער ברוקירטער, וואַרשעווער גאַס. די גומענע רעדער פון דער קאָטש האָבן נאָך בולט׳ער געמאַכט דעם טעמפּן קלאַנג פון די פערדישע פיס. ווי וויכערס האָבן זיך די פערד איבערן גאָס געטראָגן, ווי זיי וואָלטן פילן זייער גרויסע מיסיע: נישט קיין פּראָסטן בשר־ודם פירן זיי, נאָר דער הייליקן צדיק אַליין! און אַזוי מיט קנאה און שטאָלץ זיך אַריינגעיאָגט דורך די אָפענע טויערן אין הויף אַריין. מיט שוים אין די מיילער, האַסטיק זיך אָפּגעשטעלט אַקעגן דעם בית־המדרש, נעבן די אויסגעשטעלטע שורות יידן. דער ערשטער איז מיט א שפּרונג אראָפּ פון דער קעלניע, זלמנ׳קע. א צעשטראַלטער פון שמחה האָט ער אַ וואָרף געטון די לייצעס פון האַנט און געלאָזט זיך צום טירל פון דער קאָטש; פון היינט אָן וועט ער אָפּט פירן דעם רבין אין דעם ספּעציעלן אויסגעבעטן וואָלענטל אין די נאָכמיטאָג שעהן, אַרום די פעלדער און וועלדער פאָר אַ שפּאַציר. דאָס מיינט מער פּרנסה אין הויז. איבריק זילבער־געלט אין קעשענע און אַן איבריקן טרינק־בראָנפן אין שענק... שנעל האָט זלמנ׳קע די טיר פון דער קאָטש געעפנט און דאָ האָט זיך באַוויזן דער רבי מיט זיין גאַנצער הדרת׳קייט: דאָס פולע ראָזעווע פּנים מיטן הויכן צעוועלבטן שטערן און גאָלדיק־גלאַנצנדיקן בערדל האָט זיך צעשמייכלט און אָנגעפילט די לופט אַרום מיט געננוס און חדוה. די בלויע אויגן פון וועלכע ס׳האָט געשפּרודלט מיט חכמה און טיפער פאַרשטענדניש פון עולם־ ומלואו, האָבן מיט זייערע מילדע, צער־פולע בליקן אַרומגענומען אָט די שורות אויסגעמאַטערטע, רחמנותדיקע פּנימער פון די קליינשטעטל-

דיקע יידן. אַ ווײַלע זיך פֿאַרטראַכט וועגן דעם נאַר וואָס פֿאַרלאָזטן אויסלענדישן מאַריענבאַד אין דער קירעשער מדינה, וווהין ס'זענען געקומען מלכים און שרים זיך קוריקן מיט די געזאַלצענע וואַסער און בעדער, ווי עשירות און עולם־הזה האָבן די לופט ווי פֿאַרפֿעסטעט; אין פֿאַרגלייך מיט דעם אַלעם ווי נישטיק און קליין האָבן דאָס אויסגעזען די רוקן־געבויגענע, באַצער'טע יידן! דערזעענדיק אָבער אייגענע און נאָענטע האָט אַ וואַרעמקייט צענומען זיין פֿעטלייביקן גוף און שווער־סאַפּענדיק פֿאַראויס דעם ערשטן טריט געטון. און די עדה יידן האָט זיך אַ לאָז געטון אין שטופּעניש און דראַנג צו זיין פֿון די ערשטע דעם „שלום" אָפּצושטעקן. הענט מיט מאַזאַלעס, הענט געאָדערטע און ציטערנדיקע האָבן זיך אין דער לופֿט געטראָגן. דער רבי האָט מיט זיינע פּוכיק־ווייכע שפּיצפֿינגער קוים די אויסגעצויגענע הענט באַרירט און דאָך האָט די באַרירונג פֿאַראורזאַכט אַ ציטער אין די שטייענדיקע גופֿים, ווי אַן עלעקטרישער שטראָם האָט אַ צופֿרידענע וואַרעמקייט זיך צעגאָסן אין זייערע אַלע אברים. אזוי איז מען מקבל פּני השכינה!

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן „שלום" האָט זיך דער רבי געלאָזט מיט אייליקע טריט אויף די טרעפּ אַרויף צו זיינע בני בית, ווו ס'וואַרטן אויף אים פֿאַרבענקטע פֿרוי און קינדע ר.נאָך אים האָט זיך געלאָזט דער שמש, אונטערטראָגנדיק צוויי שווערע רענצלעך, אין וועלכע עס זענען געלעגן טלית־און־תּפֿילין און כּתב־ידן, די טייערסטע פּערל אינם רבינס הויז.

פֿאַרשטילט זענען שוין פֿון לאַנג די לעצטע טריט פֿונם רבין. דאָך איז נאָך אַ לאַנגע צייט דער עולם געשטאַנען ווי צוגעשמיט צו זייערע ערטער — דאָס איז דער כּוח פֿונם לייכטנדן אָנבליק פֿון דעם הייליקן צדיק.

אין יענעם פֿאַרנאַכט האָט דאָס בית־המדרש אויפֿגעלעבט. הייליקע ספֿרים, פֿון דורות איינגעזאַמלטע און פֿון דורות־הענט באַרירטע, וועלכע זענען אין רייען צעשטעלט אין אָפֿענע שענק פֿון דעם דיל ביז דער סטעליע, האָבן זייער תּיקון צוריק באַקומען. אַלטע סלאַוויטער ש"ס'ן, ירושלמיס און קבלה־ספֿרים, פֿאַרשטויבטע, מיט האַלב־פֿאַרגעלטע בלעטער האָבן זיך צעעפֿנט און זייערע פֿיר־עקיקע אותיות זענען מיט פֿרישן גייסט באַהויכט געוואָרן. אַ דיסאָנאַנס פֿון קולות און געזאַנגען האָט די לופֿט געריסן און דורך די אָפֿענע פֿענצטער זיך צעטראָגן אין חלל איבער פֿעלדער און וועלדער. דאָס זענען יונג און אַלט ביי אָפּגעשטויבטע ספֿרים געזעסן, זיך צעוויגט מיט אַלע רמ"ח אברים און געלערנט גאָטס תּורה. יונגע ייִנגלעך האָבן זיך מיט זייערע פֿאַלץ־שטימעלעך צעזינגען און מיט צוציענדיקע פֿלעמלעך אין זייערע גלאַנצנדיקע אויגעלעך, געפֿירט די יונגע פֿינגערלעך איבער די געשלענגלטע רש"י־אותיות. זיידענע יונגעלייטלעך, איידעמלעך אויף קעסט, בלוט־און־מילך מיט אַ שפּראָץ קוים פֿון אַ באָרד, האָבן זיך צעוויגט, צעפֿירט מיט די הענט איבער גראָב־בייכיקע ספֿרים און אונטערגעברומט מיט אַ ניגון פֿון אַלטן רבין. עלטערע יידן

פאַרמוח׳טע אין שווערע סוגיות אָדער גאָר אין קבלה־ספרים האָבן געקייט די שפּיצן־בערד און מיט מאַטע, אויסגעלאָשענע אויגן ווי פאַרחלומ׳טע געקוקט אין אַ נישט־דאַיקער וועלט פון בלויזן מוח און גייסט. פּלוצים האָט זיך אַ שאַרפער חסיד מיט אַן אָפענעם מוח זיך געלאָזט אין גייסטיקן עקסטאַז מיטן ספר אין האַנט איבער דער גאַנצער לענג פונם בית־המדרש הין־און־צוריק שעה׳ן לאַנג, ווי וועלנדיק אַזוי אַרום אויפכאַפּן דעם דינעם פאָדים פון דער הויכער מחשבה.

אַ קלאַפּ אין בעלעמער, וועלכער איז געשטאַנען אין צענטער צווישן פיר זיילן, האָט איבערגעריסן אַלע מחשבות. די עדה יידן האָט זיך פון אָרט אַ ריס געטון, גלייך געמאַכט די גאַרטלען און שטייענגעבליבן ווי זיך געווענדעט צו דער אונטער־טיר פון בית־המדרש, וועלכע פירט גלייך צו דעם אַריינגאַנג פון רבינס חדר. אין יענער מינוט האָט זי די טיר געעפנט און אין דער טויטער, אַנגעשטרענגטער שטיל־קייט האָט זיך דייטלעך געהערט דאָס שאָרכן פון אַטלאָס און זיידענס און דאָס ליכ־טיקע געשטאַלט פון רבין האָט זיך אין גאַנצן הדרת׳קייט באַוויזן. דער ברייטער זיידן־געשטרייפטער פּאַס אינדערמיט פון דעם אַטלאַסענעם מלבוש, וועלכער האָט זיך פאַרמאַכט ביזן האַלדז און פאַרענדיקט מיט סאַמעטענע קאַלנער־שפּיצן, איז געווען דאָס איינציקע וואָס האָט דעם גלח׳ישן סורדוט פאַרוואַנדלט אין אַ הייליקן מלבוש. דאָס הויכע סויבל־שטריימל, נאַרוואָס געבערנגט פון אויסלאַנד, האָט געגלאַנצט אין גינגאָלד צוזאַמען מיטן רויטן, ליכטיקן פּנים און גאָלד־בלאָנדן בערדל. אַלע אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט דעם רבינס תנועות. מיט פּאַטערלעכע טריט האָט זיך דער רבי געלאָזט צו זיין הייליקן ווינקל אין מזרח און זיך צעוויגט אין הייסער תפילה.

נאָך מנחה האָט זיך דער עולם אין רייען צעשטעלט און אין מיטן האָט זיך דער רבי געלאָזט גייען, שווער־סאַפּנדיק, צום הויף אַרויס. צופעליק אַרויפגעלייגט זיין ווייכע האַנט אויף אַ פרעמדער פּלייצע און יענער האָט גלייך נאָכגעפאָלגט: דאָס האָט געמיינט אַ לענגערער שפּאַציר אויפן הויף און אַ שמועס פון תורה און וועלטלעכקייט. צופרידענע האָבן זיך יידן געלאָזט אַ היים אָפּצוכאַפּן דאָס האַרץ מיט אַ וואַרעמע וועטשערע און מיט אַ דאַנק צום באַשעפער, וואָס זיי האָבן זוכה געווען זיך אויס־צולעבן אין דער מחיצה פון דער לייכטענדער צורה און שעפערישן קוואַל ווי די שכינה וואָלט פון די הויכע הימלען אַראָפּגענידערט און געמאַכט איר נעסט אין דער מענטשלעכער געשטאַלט, וואָס טראָגט דעם נאָמען — דער ראַדזינער רבי!

## 2. ימים נוראים

### א.

אין נעפּלדיקע גרויע פרימאָרגנס שפּאַנט איבער די יידישן גאַסן אַ דאַר איינ־געבויגן יידל מיט פלינקע פיסלעך — לייזער דער שמש. צווייַ שנעלע און איין

לאַנגער קלאַפּ מיט אַ האַרטן שטעקן אין די פאַרמאַכטע לאָדנס, זאָגן אָן די שלאָפנדע איינוווינער אַז ס'איז שוין צייט אויפצושטיין צו סליחות! אין דער טויטער שטילקייט פון דער נאַכט הילכן אָפּ זיינע פוסטריט ווי אָן עכאָ פון אַ ליידיקן פאָס. הילכט און פאַרשווינדט אין חלל... אין די פענצטער פון די הייזער צינדן זיך אָן פלעמלעך, ס'הערן זיך טעמפּע גלאַנגען פון צעריקטע ריגלען, פאַרשלאָפענע גופים, פון מענער, פרויען, טייל מיט קינדער ביי דער זייט, שלייכן זיך אַרויס צום בית־מדרש. אַ פייכט פרימאָרגן ווינטל גלעט און קילט די צעוואַרעמטע גופים. די נאָכטיקע פאַרחלום'טע וועלט פאַרשווינדט און אַזוי טאָפּטשענדיק אין בלאָטיקע סטעזשקעס און וועגלעך, ציט די עדה יידן צו סליחות. פון דערווייטנס בלינקען די האַלב־אָנגעצונדענע לאָמפּן פונם בית־מדרש און וואַרפן דורך די פענצטער אָן לאָדנס, אַ טונקעלן שיין אין דרויסן אַרויס, ווי וועלנדיק אָנצייכנען דער עדה דעם וועג אַהער. איינציקווייז רוקן זיך אַריין אינעווייניק די האַלב־פאַרשלאָפענע גופים, ווי נישט דאָיקע קוקן זיי זיך אַרום, רייבן זיך די אויגן אויס פון דעם פלוצים־באַפאַלענעם, בלינקענדן לצמפּן־ליכט. באַלד ווערט די לופט ווי דורך אַ כישוף פאַרגאָסן מיט א שלל פון העל שיינענדיק ליכט. דאָס האָט משה דער אונטער־שמש באוויזן די קנויטן ארויסצוציען. דער ערנסטער מאָמענט פון סליחות־זאָגן דערנענטערט זיך.

ברייט פראַלט זיך אויף די טיר און אַן אַנגעלאָדענער זאַק שטופּט זיך דורך, דורך דעם שמאָלן איינגאַנג. פון אונטער דעם זאַק זעט מען קוים ארויס א קאָפּ פון א מענטש. דאָס קומט מענדיל דאַנילאַק, דער איינבינדער, כלחוך השור מיט זיין סחורה. א טעמפּער טראַסק וועקט אויף די האַלב־פאַרשלאָפענע יידן. דאָס פאַלט די אָנגעלאָדענע סחורה אויפן לאַנגן טיש, וועלכער שטייט נאָענט ביי דער טיר נעבן האַנדפאַס. א גאַנץ יאָר ווערט דער טיש גענוצט נאָר פאַר אָרעמע לייט, אָדער וואַנדערנדע בעטלער, וועלכע גייען בייטאָג איבער די הייזער און ביינאַכט דינט זיי דער טיש פאַר נאַכטלעגער. דער מוכר־ספרימניק, מענדיל, צעשטעלט זיך בנעימותדיק זיינע סידורים, מחזורים מיט זייערע גלאַנציקע גאָלד־געליישטע רוקנס, סליחות און סתם ספורי־מעשיות פון גוטע יידן. אַלץ פונאַנדערגעשטעלט, דרייט ער זיך אויס מיטן רוקן צו דער סחורה און מיטן פּנים צום עולם. א ווײַלע בלייבט ער אַזוי שטיין מיטן געלן לעדערנעם פּנים; זיינע לאַנגע בלאָנדע וואָנסעס הענגען אראָפּ און ווי צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער לאַנגער שפּיציק־בלאָנדער באָרד, פאַרשטעלן זיי דאָס מויל מיט די בלאַסע ליפּן. פון אונטער לאַנגע דראָטענע ברעמען און צעאַקערטן שטערן, פאַלן אויפן ארום בייזע בליקן פון בלויע אויגן. מחשבותן יאָגן אין מוח. איז דאָס כדאַי געווען צו סאָפּען און שוויצן אונטער די שווערע משא, צוליב א פאַראויסגעזעענעם קליינעם פּדיון? אָנשטאָט אויסצורופן זיין סחורה שווייגט ער גאָר און קוקט פאַרשטאַרט ווי אין א פאַרחלומטער וועלט: דאָס האָט

דער שטאָלץ אין אים אָפּגעהאַלטן פון צו זיין א ביליקער סוחר! ער ווייסט: ער איז דאָך אן איינבינדער פון גרויסן פארנעם. זיין ארבעט ווערט דאָך הויכגעשעצט פון רבין, זאָ לעבן, אליין; פון די גרויס־שטעטישע ווארשעווער און לובלינער חסידים, וואָס קויפן דעם אלטן רבינס חבורים און לאָזן זיי בינדן ביי אים. ער ווייסט אָבער אויך, אז זיין גורל איז פון דער השגחה געחתמעט צו זיין נישט נאָר אן איינבינדער מיט פעאיקייט און קונסט אין זיין מלאכה, נאָר אויך א ביליקער מוכר־ספרימניק. קוקנדיק אזוי אויף די רייכע זאטע אָנגעפּאָרענע חסידימלעך, בונ־טעוועט זיך עפעס ביי אים אין הארצן...

א קלאַפּ אין בעלעמער רייסט איבער דעם טעמפּן געפילדער. דער רבי איז אריין און די סליחות האָבן זיך אָנגעהויבן. א וואלד מיט קעפּ האָט זיך צעוויגט הין־און־צוריק און די געפּרעסטע לופט איז פול געוואָרן מיט טרויעריקע קרעכצן: הנשמה לך והגוף פעלך!

## ב.

מיטן דערנענטערן זיך פון די ימים נוראים פאָרן אָן יעדן אינדערפרי און פאַרנאַכט צעיאַכמעטע בעל־עגלות און שפּייען אויס פון זייערע ענגע צוזאַמענ־געפּרעסטע וועגעלעך־שטייגן הויפנס מיט חסידים. יידן מיט שווארצע, בלאָנדע אָדער גרויע בערד און פּאות לאָזן זיך מיט זייער קליינעם געפּעק, ווער אין אָ באשטענדיקע אכסניה, ווער אין א פּראָוויזאָריש־צוגעגרייטע ימים־נוראים־דיקע אכסניה. די אייגנטימער, לאַנג־יאָריקע איינוווינער פון די איינגעפּאַלענע געבויגענע שטיבלעך, מאַכן זייער וווינונג אויפן בוידעם. אין היי און שטרוי מאַכן זיי זייערע געלעגערס און די קרעכצנדיקע בעטן פון אונטן ווערן אוועקגעגעבן די געהויבענע געסט. די ווייבער קאָכן און שפּייזן זיי און די צייטווייליקע פרנסה וועט שוין געניגן העט, העט ביזן האַלבן ווינטער אַריין! אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, לאָזן זיך די חסידים גייען צום רבין שלום נעמען. באלד צעפּאַכעט זיך די לופט מיט אטלאסענע און זיידענע קאַפּאָטעס, גארטלען און פוטערנע שטריימלעך. רייכע גרויסשטעטישע יידן, געשעפט־פירער, וואַלד־סוחרים האָבן פאַרלאָזט זייערע רחבותדיקע היימען און אויסגעטוישט זיי אויף די ענגע שטיבלעך מיט קרעכצנדיקע בעטלעך. איצט טרעטן זיי בנעימותדיק ווי עס פּאסט פאר יוסטע בעלי־בתים, צום רבינס הויף. דעם וועג פאַרלויפן זיי שארפע חסידישע יונגעלייטלעך מיט תאוה־פלעמעלעך אין זייערע גלאַנצנדיקע אויגן און אין גרויס עקסטאַז יאָגן זיי זיך צו טרעפן פנים אל פנים מיטן רבין. וואָס נענטער חסידים קומען צום רבינס חדר אַלץ געפּאַלענער און שפּלדיקער פילן זיי זיך. מיט עניוות און אינערלעכע צופרידנקייט טראָגן זיי דעם רבין אקעגן צוזאמען מיט געכתיבה׳טן קוויטל א פעטע מטבע.

אין משמש׳ס שטוב, וועלכע גרענעצט זיך מיטן רבינס יחוד־חדר, איז די לופט געדעמפט פון טאַבאַק און רויך. אַ אַנגעזעטיקטקייט הערשט צווישן די שורות חסידים וועלכע זיצן פאַרמוח׳ט און שרייבן זייערע קוויטלעך. דער איינציקער, אַרום וועלכן עס שטייען רעדלעך חסידים און שלינגען זיינע מעשיות, איז חיים באַרי־שוויוער, דער שמש. ער איז נאָך מיטן אַלטן רבין, דעם חלזון געפאָרן זוכן; א וועלט אויסגעפאָרן, לענדער און שטעט געזעען. ער האָט מיט זיינע פאַרכאַפּטע מעשיות דעם עולם גענומען.

אַרויסקומענדיק צוריק פונם יחוד ביים רבין, זענען די חסידישע פּנים׳ער צעשטראַלט פון אינערלעכער נשמה־דערלייכטערונג און געהויבנקייט. לאַנג לאַנג קלינגט זיי נאָך אין די אויערן, דער פּקחות׳דיקער שמועס פונם רבין. ווערטער פון טרייסט, אָדער קלוגע עצה אין יאוש־דיקע מאָמענטן זענען דער באַלזאַם פאַר דער חסידישער נשמה. געהויבענער שפּרייזן זיי אויף צוריק און לאַנג לאַנג פאַרטיפן זיי זיך אויסצוגעפונען דעם אמתן זין פון דעם אָנגעג׳רמז׳טן, נישט־דערזאָגטן וואָרט פונם הייליקן צדיק.

ג.

אין יענע טעג האָט זיך דער הויף פאַרוואַנדלט אין אַ יידישן מאַרק. ביי דער שטיינערנער סטעזשקע האָבן זיך צעלייגט מיט זייער סחורה היגע און אָנגעפאָרענע סוחרים. אויף איבערגעדרייטע קעסטלעך זענען געלעגן אָנגעוואָרפן טליתים, קאַפּלעך, גאַרטלען און דעסגלייכן. נאָר באַזונדערס האָבן צוגעצויגן די דורכגייער די פּיל־פאַרביקע, ווייכע, לייוונטענע שיכלעך, וואָס יידן טראָגן אין יום־כפּור — אַנשטאָט שיך. אויך האָבן זיך די היגע סעדער־הענדלער צעלייגט מיט זייערע שענסטע פּרוכטן פון די סעדער. דאָס האָבן זיי דערוואַרטעט אַ גרויסן פּדיון פון דעם המון חסידים. די ריחות האָבן זיך צעטראָגן אין דער לופט, גערייצט און גע־וואַסערט דעם גומען. אַממייסטן גערייצט און גערופן צו זיך האָבן די געלב־גלאַנ־ציקע, זאַפטיקע וויינטרויבן, וועלכע קומען פון די וואַרעמע לענדער, מעבר לים. זיי האָבן זיך באַוויזן אין שטעטל נאָר איינמאָל אין יאָר, בין כסה לעשור, און גלייך נאָכדעם פאַרשוווּנדן אפילו אויף אַ רפואה נישט צו באַקומען. און דאָס נאָר כדי מזכה צו זיין די יידן מיט א שהחיינו אויף די צווייטע נאכט ראש השנה. מאַיעסטעטיש האָבן זיך די ווענגלעך טרויבן צעלייגט, גלייך זיי וואָלטן פילן זייער חשיבות און ווירדע. דער קונה וואַגט נישט אַפילו זיי אָנצורירן, ער זעטיקט זיך בלויז מיטן קוקן אויף זיי און פאַרגעסט נישט, אז כדי צו האָבן דעם זכות צו פאַרזוכן, מוז מען צוואַרטן אויפן געהעריקן טאָג און מאָמענט. אין דרויסן, אַרום בית־מדרש, האָבן זיך די סטאָלאַרעס געפאָרעט. אין א האלבן קרייז, אַרום דער מזרח־וואַנט האָבן זיי

אויפגעשטעלט אן ארומגעצוימטע וואנט פון קלעצער און לייוואנט. צוליב דעם גרויסן אָנגעפּאַרענעם עולם איז דאָס בית־מדרש צו קליין געווען און אַ היבשער טייל פון זיי האָט געמוזט דאווענען אונטערן פרייען הימל אין דרויסן. נישט נאָר דער הויף האָט זיך אין יענע טעג געענדערט נאָר אויך דאָס גאַנצע שטעטל האָט באַקומען אַן אַנדער אויסזעען. ווי אַ שטורם וואָלט דורכן שטעטל אַדורך — און די רואיקע, געמיטלעכע גלייכגעוויכט צעשטערט. טומל און רעש האָט אָנגעשטעקט און באַהערשט די איינוווינער פון שטאָט. א פרעמדער כח האָט פארכאפּט אלעמען: יונג און אלט, מענער און פרויען. זעלטן ווען מען זעט אין די טעג א באזאכטן מענטשן גייען. נאָר מען לויפט און האָוועט. קינד און קייט האָט זיך געשטעלט אין די טעג אין דינסט פונם געזעמל אָנגעפּאָרענע חסידים. דאָס שאַרכן פון זיידענס און אַטלאַס האָט זיך צעוויכערט איבער די יידישע גאַסן און געסלעך. אַ גוי, וועלכער פאַלט אַריין צופעליק אין שטאָט אַריין אין די טעג אין דעם געטומל, צעמישט ער זיך א ווילע. צעשראָקן קוקט ער זיך ארום אויף די משונה׳דיקע ברואים מיט צעפלאָכטענע בערד און פאות.שפּייט אויס און ווי מיט ביטול צו זיך אליין מורמלט ער עפּעס אויף גויאיש־לשון און טראָגט זיך אָפּ וואָס גיכער. פון די יידישע הייזער טראָגן זיך ריחות פון שמעקעדיקע מאכלים פאר די גרויסשטעטישע עסערס. ווייבער מיט פאררוקטע הויבנס אויף די קעפּ מיט פארשמאָלצענע פארטוכער, פאַררויטלטע און צעטראָגענע, לויפן פון הויז צום שפּייז־געוועלב הין און צוריק. יונגע מיידלעך מיט שעלמיש־גנבה׳שע פייערלעך אין די אויגן כאַפּן אַ פאַרשייטן בליק דורך די פענצטער און אָפּענע טירן אויף די בלוט־און־מילך יונגעלייטלעך; רויטלענדיק שושקען זיי זיך איבער איינע מיט דער צווייטער און ברעכן אויס אין א תאוה׳דיקן געלעכטער.

ווען די נאַכט פאַלט צו טראָגן זיך אין חלל קלאַנגען פון רבינס הויף; דאָס צעגיסן זיך אין מתיקות יונגע חסידים׳לעך ביים לערנען. זייערע מתיקות׳דיקע קולות צעטראָגן זיך ווייט, ווייט און קלינגען אָפּ ווי אַ עכאָ פון דער ווייטער שטיינערנער וואַנט, וואָס צוימט אַרום דעם אַלטן הייליקן אָרט אַריבער יענער זייט טייך.

## ד.

אויפן אַלטן בית־עולם שטייען צוויי אהל׳ס: איינער אַן עלטערער, אַן אָפּגעלאָזענער פון שטיינער אַרומגעמויערט שטיבל אַרום דעם קבר פון רב שמעון דייטש, דער באַוווסטער גוטער ייד. דער רבי פון די בעל־מלאכות און פראָסטע יידן. דער אהל איז אויפגעהאלטן געוואָרן פון עמך, שניידערס און שוסטערס אין שטעטל. אין די ווינטערדיקע ווייסע טעג טרעפט מען אָפט טוביה דעם בלעכער שפּרייזן און

בראָדזשען אינם טיפן שניי, קעמפנדיק מיטן קאַלטן שנייענדיקן ווינט, וואָס באַמיט זיך אים פון וועג אַראָפּצופירן און אַזוי אַרום אים צוריקטרייבן אין שטאָט אַריין. טוביה, אָבער, געראַנגלט מיט אַלע זיינע לעצטע כוחות, זעצט פאָר זיין וועג. די מצווה פון אונטערהאַלטן דעם נר־תמיד אין אהל פאַרפעלט ער נישט, נישט ווינטער און נישט זומער. דער אהל איז שטענדיק אָפן פאַרן צעווייטיקטן עמך, וועמענס הערצער עס טוליען זיך צום קאַלטן שטיין און א פאָנטאַן פון צרות און טרערן צעגיסט זיך אינם חלל און שפּאַרט דורך דעם וועג ווייט־ווייט אַרויף צום הימל, ווו זיי פאָדערן חשבון און זוכן זייער תיקון.

דאַקעגן, איז דער צווייטער אהל אויפגעהאַלטן פון חסידים, מיט גרויסע פּאָמפּע און אַ באַרג מיט קוויטלעך פאַרדעקט דעם גרויען שטיין. דאָס איז דער אהל פון דעם רבינס פאָטער, ר׳ גרשון הענעך, זכרונו לברכה. אַ גאַנץ יאָר קומען אַהין חסידים פון נאָענט און ווייט זיך פון הארצן אָפּצורעדן. יעדער באזוכער לאָזט איבער אַ היבשע מטבע, פון וועלכער עס גענעיסן אי דער בוימל אין אהל, אי דער אויפהאַלטער, ברוך הירש. ברוך הירש איז א שם־דבר אין שטאָט. א וויצלער, אַ פריילעכע לונג־און־לעבער. אויף נאָענטע חתונות באַווייזט ער זיך מיט זיין ציצענעם טערקישן אוניפאָרם און מיט זיינע אַרטיסטישע טריקס און באַוווסטן קאָזאַק־טאַנץ איז ער משמח חתן־כלה און די געסט אַלע.

ערב ראש השנה, ווען ס׳ציען צו דעם אהל שורות, שורות פון הונדערטער חסידים, ווער צופוס, ווער אויף פערד און וואָגן — אין דעם הייליקן טאָג האָט אַן ערנסטע מינע זיין פנים פאַרצויגן. קלינגענדיק מיט די לאַנגע אהל־שליסלען אין האַנט, לאָזט ער אַריין איינציקווייז די וויזיטערס. זיי מאַכן הקפות אַרום דעם הויך־פאַר־מויערטן קבר, זאָגנדיק דערביי תפילות פון מעבר־יבק. דערנאָך לאָזן זיי אַראָפּ אַ קוויטל צום הייליקן צדיק און שעפּטשן עפּעס סודות׳דיק ווי צו זיך אַליין. אַראָפּגערעדט זיך פון האַרצן צום קאַלטן שטיין, ווערן די געמיטער לייכטער, צופרידענע שטעקן זיי אָפּ ברוך הירשן אין האנט זיין לעצט־געלט און לאָזן זיך מיט אימפּעט אין שטאָט אריין צו מאכן די לעצטע הכנות צום אַנלויפנדן יום הנורא.

פון דאַן אָן האָט זיך דאָס ליכטיקייט פון הויף נישט אָפּגעטאָן. ווי נאָר די זון האָט זיך געגרייט איר פנים פון שטאָט צו באַהאַלטן, האָט מרדכי שמש מיטן הילף פונם גוי־שומר אָנגעצונדן די לאַמטערנעס, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם ניי־צונויפגעשטעלטן, לייווענטן בנין. באַלד האָבן זיך פייערלעך צעפלאַקערט איבער די לענג פונם הויף. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָט זיך אַ וואַלד מיט קעפּ צעוויגט הין און צוריק אונטערן פרייען הימל. דאָס זענען געווען די דאַוונערס אין דרויסן. זייערע קולות, צעווייטיקטע, צעבראָכענע פון „ובכן תן פחדך״ האָבן זיך צוזאמענ־געפלאָכטן מיט די שטייפע, טומאה־קלאַנגען פון די קלויסטער־גלאָקן. ווי דער שטן אין געשטאַלט פון טויטן אייזן וואָלט זיך פאַרלייגט צו שטערן דאָס יידישע דאַוונען.

די טעמפע אייזן־קלאַנגען האָבן ווי באַנומען זיך געריסן אין דער לופט, געזוכט צו באַטויבן די לעבעדיקע תפילות־שטימען וועלכע האָבן זיך געריסן פון טויזנטער הערצער, גלייך צום כסא־הכבוד. ענדלעך האָבן די גלאָקן שפלות׳דיק זיך אונטער־געגעבן און פאַרשוויגן געוואָרן מיטן לעצטן גרילצענדן עכאָ אין דער שווארצער טיפער נאכט. באלד האָבן זיך אטלאס און זייד צעשאָרכט, הענט זיך געפלאָכטן און פריילעכע קולות פון לשנה טובה ווונטשן האָבן די לופט צעריסן. די תפילות האָבן דעם שטן גובר געווען!

שפעט אין דער נאַכט האָבן נאָך אין בית־מדרש די לאָמפן געפלאַקערט. טיר און פענצטער — אויפגעפראַלט. דער עולם חסידים געפראָפט אין ענגשאַפט און שטיקעניש. איצט פראווועט מען דעם טיש. אויבן־אָן זיצט דער רבי אין ווייס־גרוילעכן אַטלטסענעם טראַכט, און אַרום אין צוויי שורות, זיצן די עלטערע, חשוב־געהויבענע חסידים. דער רבי איז טועם עפעס פון די אַריינגעברענגטע מאכלים און ריקט דעם טעלער אַוועק — אַ צייכן אַז דאָס איבריקע איז שיריים. באַלד צעלאָזן זיך די אַלט־געזעסענע חסידים ארום טיש מיט הענט און נעגל און כאפן שטיקלעך פיש, פלייש — גלייך אין מויל אַריין. טייל באַלעקן זיך, שמאָצקענדיק די פעטע פינגער מיט די ליפּן. אויפן ראַנד פון דער אַלטער, הונדערט־יאָריקער, טויזנט־פונטיקער באַנק, שטייען געפראָפט חסידישע יונגעלייט, אָנהאַלטנדיק זיך מיט די הענט אין דער סטעלע. זיי קוקן מיט קנאה אויף דעם עלטערן דור חסידים, וואָס זענען זוכה צו זיצן נאָענט צום צדיק. און ווען דער רבי זאָגט זיין תורה אין מיטן עסן, אונטער־זינגענדיק מיט אַ פאַלץ־שטימעלע אונטער דער נאָז, זענען זייערע אויערן אויפ־געשפיצט, נישט צו פאַרלירן חס־וחלילה, אַ וואָרט, אַ קלאַנג, אפילו נישט אַ תנועה: חסידישע תורה טייטשט זיך נישט נאָר מיט ווערטער, נאָר אויך מיט תנועות און ווייל איז דעם, וואָס איז זוכה צו קענען איבערחזרן אַ טיש. דער איינציקער גאָט־געבענטשטער חסיד, איז געווען אהרון זשעלעכאָווער — אַ חסיד פון דער שטאָט זשעליכאָוו. אַ ייד פון הויכן ווּקס, גלייך ווי אַ ליניע. פון זיין איידל־אַריסטאָקראַטיש פנים, האָט מען אַראָפּגעלייענט זיין גזע. זיין הויכער שטערן, דורכדרינגלעכע בליקן און געמאָסטענע טריט האָבן ארויסגערופן דרך־ארץ פארן תלמיד־חכם אין אים. די גרויס־פּריצישע בינאָקלען אויף דער נאָז האָבן צוגעגעבן חן צו זיין איידעלן אויסזען. ער איז דאָס געווען דער צענטער, אַרום וועלכן ס׳האָבן זיך גרופּירט גרופּקעלעך חסידים צו הערן דעם איבערגעחזר׳טן טיש. אים האָט גאָט געבענטשט אויך מיט אַ שיינער קאָלאָראַטור, אַ מתיקות׳דיקן קול נגינה. זיין הארציק דאוונען, באזונדערס זיינע מוספים אין די ימים־נוראים, האָבן געשמט אין דער געגנט ארום. פאָרנדיק פונם רבין האָבן חסידים געפירט מיט זיך אהיים א גרויסן גייסטיקן באַגאַזש, וואָס איז באַשטאַנען פון דעם רבינס ניי־געזאָגטער תורה און פון אַן אויפגעכאַפּטן נייעם ניגון. דער באַגאַזש האָט געגעבן חסידים גייסטיקע

חיונה אויף אַ גאַנץ יאָר ארויס. דער וויכטיקסטער גורם אָבער, וואָס האָט צוזאַמענגעהאַלטן די חסידים און צוליב וועלכן ראַדזין איז באַרימט געוואָרן אין דער גאָרער יידישער וועלט, איז געווען דער — תכלת.

## 3. תכלת און מחלוקת

אונטער דער מויער האָט זיך געצויגן דעם רבינס סאָד אויף אַ גרויסן שטח, אַזש ביזן טייך, מיט ביימער פון פאַרשידענע פרוכטן. זאָגאָר דער סאָד איז געווען ארום פאַרצוימט און מיט אַ פאַרשלאָסענער טיר ביים אריינגאַנג, דאָך איז עס פון יעדן באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ רשות הרבים. ער איז געווען הפקר פאַר דער גאַנצער שטאָט. דערפון האָבן גענאָסן די ווייסע חברה׳ניקעס, וועלכע האָבן זיך אין געהיים אַריינגעכאַפּט, אַ טרייסל געטאָן אַ בוים און אַרויס מיט פולע הויפנס צווינטער־רויטע קאַרשן אָדער מיט אַ הויפן גרינע זויערע אַגרעס. פאַר קיין זינד האָבן זיי דאָס נישט באַטראַכט; אפילו קיין געוויסנס־ביסן אויף די נשמה נישט געפילט. זיי וויסן — דער סאָד איז יעדענס! פון צווישן די ביימער, ביי יענער זייט מויער, האָבן אַפּערגעקוקט, צוויי האַלצענע שטיבלעך. שטענדיק זענען זיי געווען פאַרמאַכט, זעלטן־ווען מ׳האָט געזען ווען־ס׳איז אַהין אַריינגיין. דאָס זענען געווען שטומע עדות פון אַ שטורמיש־פאַרגאַנגענע עפּאָכע. די צוויי שטיבלעך האָבן זיך אין דרויסן גאָרנישט אונטערשיידעט. ביים ערשטן בליק אָבער, דורך די פאַרשטויבטע פענצטערלעך, האָט מען דערזען ווי פאַרשידן זיי זענען אינעווייניק, ווי אויך צוליב וועלכן צוועק זענען זיי אויפגעבויט געוואָרן. אין איינעם זענען געווען צעוואָרפן אין הויפנס סלאָיעס, סלאָיקעס און פלעשלעך מכל המינים. די ריחות, וועלכע האָבן זיך געטראָגן פון דאָרטן האָבן דערמאָנט אין אַן אמתער אַפּטייק. דאָס זענען געווען רפואות און כעמיקאַלן. דאָס צווייטע שטיבל איז געווען אַן אויסגעריכטעטער ווערקשטאָט מיט אַלערליי בעל־מלאכהשע געצייגן — כלומרשט פאַר אַ וועשעריי. אָבער געדינט האָבןביידע שטיבלעך פאַר אַ וויסנשאַפטלעכע לאַבאָראַטאָריע. דאָס האָט דער אַלטער רבי, ר׳ גרשון העניך, זכרונו לברכה — האַלב־דאָקטאָר, האַלב־כעמיקער און גרויסער גאון — באַנוצט פאַר זיינע עקספּערימענטן מיט דעם ים־חיה׳לע, וואָס רופט זיך חלזון. ער האָט זיך דאָס פאַרמאָסטן מחזיר צו זיין די עטרה ליושנה. פון זינט דאָס בית־המקדש איז חרוב געוואָרן האָבן יידן אויפגעהערט טראָגן די איינצלנע בלויע פעדים אין זייערע טליתים. לויט דער דערקלערונג פונם תלמוד זענען די פעדים געפאַרבט געוואָרן מיטן בלוט פונם חלזון, אַ חיה׳לע, וואָס געפינט זיך אין מיטללענדישן ים. פון יענער צייט אָבער — אַזוי גייט די דערקלערונג ווייטער — איז דער חלזון פאַרשוווּנדן און באַוויזט זיך צוריק נאָר איינמאָל אין זיבעציק יאָר. אַקעגן דעם

דאָזיקן אָנגענומענעם מנהג האָט זיך פאַרמאָסטן דער פאַרעקשנטער גאון. צוליב דעם צוועק האָט ער שטודירט כעמיע פון דייטשע ווערק. אויפן זעלבן אופן האָט ער אויך שטודירט מעדיצין, געגעבן רפואות און געשריבן רעצעפּטן ווי אַן אויס־געשטודירטער דאָקטאָר. כדי זיין פּלאַן דורכצופירן האָט ער זיך געלאָזט קיין טריעסט, אַ פּאָרט ביים מיטללענדישן ים און פון דאָרט מיטגעבראַכט מיט זיך אינם פּאַר־וואָרפענעם שטעטל ראַדזין דעם חלזון. דאָ וועט דער חלזון צוריק זיין תיקון באַקומען און מיט זיין בלוט און צוגעגעבענע כעמיקאַליען וועט ער באַקליידן די יידישע טליתים און טלית־קטנס מיט די הימל־בלויע ציציות. טיף, בחדרי־חדרים, האָט מען אָוועקגעשטעלט אַ סלאַי, אין וועלכן דער חלזון, גרויס ווי אַ קעצל, מיט אַן אַ שיעור פּיסלעך, ווייקט זיך אין כעמיקאַליען.

דעם סוד און קונסט, ווי אַזוי צו פאַרוואַנדלען בלוט אין בלויע פאַרב, האָט דער רבי איבערגעגעבן זיין איינציקן פאַרטרויאונגס־געהילף, יהושע שעבער־שינער. אַ נידעריק־געפּאַקט יידל מיט ראַזעווע באַקן, קלוגע אויגן. געקעמט־בלאָנדן בערדל און תמיד נעט געקליידעט — דאָס איז ער געווען און פאַרבליבן דער כעמיקער אין הויף. ער איז נישט געווען קיין גרויסער למדן, אפשר מער משכיל ווי חסיד, אַ וואָרט ביי אים — ווי אַ רענדל, און זיין אַריסטאָקראַטיש אויסזען האָט אַרויסגערופן גרויס כבוד.. ער איז עס אויך געווען דער רואה־חשבון און קאָרעספּאָנדענץ־פירער אין הויף און האָט געשמ'ט מיט זיינע שיין־געשניצטע, גע'כתבה'טע בריוו און אדרעסן. זיי ארבעט אין דער תכלת־לאַבאָראַטאָריע האָט אויך געשאַפן א נייעם מקור פון פרנסה אין הויף. יעדער תכלת־טרעגער האָט געמוזט צו אים אָנקומען און באַצאָלן פאַר די בלויע פעדים דעם געפאָדערטן פּרייז.

דער גרויסער רעש, וואָס דער תכלת האָט פאַראורזאַכט אין דער יידיש־לומדישער וועלט, האָט דעם אַלטן רבין פאַרשאַפט צער און ערגערניש. כדי צו באַרואיקן די צעהיצטע געמיטער האָט ער ארויסגעגעבן איין ספר נאָכן אנדערן וועגן דער תכלת־פּראגע. אָבער דער שטורם האָט זיך נישט איינגעשטילט און די היציקע קעפּ האָבן עס נישט איבערצייגט. ס'איז אומעטום געבליבן ביים אַלטן. זיינע אָנהענגער אָבער האָבן די בלויע פעדים אין זייערע טליתים יאָ אַריינגע־פלאָכטן. דערמיט האָט זיך דאָס ראַדזינער חסידות קונה־שם געווען אין דער גאַנצער יידישער וועלט. אין אַלע עקן וועלט האָט מען גלייך דערקענט דעם ראַדזינער חסיד, ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן מיט די בלויע פעדים אין זיין טלית. די שנאה און קעגנערשאַפט צום תכלת האָט אַרויסגערופן אין די ערשטע טעג קריגערייען אין פיל שטעט און שטעטלעך. באזונדערס האָט דאָס מחלוקת זיך צעפלאַקערט אין ראַדזין אַליין. די מתנגדים אין שטאָט, וועלכע האָבן תמיד געקוקט קרום אויף דער חסידישער הנהגה און זייערע מאָדנע שטיק, האָבן איצט געזען אין תכלת אַן

אפנויג פונם יידישן מנהג און דעם רעפארמער פון תכלת באטראכט ווי א פורך־גדר.

—•—

אין די אכציקער יארן פונם לעצטן יארהונדערט האט זיך אין ראדזין ווי איבערגעחזרט, אין א קלענערן מאסשטאב, מעשה שניאור זלמן מלאדי, מיט הונדערט יאר פריער. אין מיטן טייך וואס גייט דורך דעם שטעטל איז געשטאנען א וואסער־מיל. דאס האט געהערט צום רבין. מעשה שטן, און אין א פינצטערע נאכט גייט אוועק די וואסער־מיל אין פייער און אין רויך. — געבליבן זענען נאר אפגעקוילטע זיילן, וועמען דאס וואסער האט פארדעקט און געשיצט. מסירות האבן זיך באלד דערטראגן ווהין מען דארף — און דעם אלטן רבין האט מען פארשפארט אין דער ראדזינער תפיסה. זעכצן טעג האט ער דארט פארבראכט. דער גאון, וואס לא פסק פומיה מגירסא, און האט קיינמאל די פעדער פון האנט נישט ארויסגעלאזן, וואס איז באריהמט געווארן אין דער לומדישער וועלט מיט זיינע ריזיקע חבורים, ווי סדר טהרות, אהלות און אזוי ווייטער, האט אין דער קורצער צייט פון זיין זיצן אין דער תפיסה באוויזן אנצושרייבן א נייעם ספר. דאס איז געווען א פירוש צום ספר פון רבי אליעזר הגדול „ארחות חיים". פון דעמאלט אן, אין אנדענק פון זיין תפיסה־זיצן, איז ער געקרוינט געווארן מיטן נאמען „ארחות חיים".

מיט דער פטירה פון ארחות חיים האט זיך דאס מחלוקת ביסלעכווייז איינגעשטילט. זיין ממלא מקום, רבי מרדכי יוסף אליעזר איז געווען א גרויסער רודף שלום. מיט זיין טיפזיניקער חכמה און ליכטנדיקער געשטאלט האט ער געוווּנען צו זיך אפילו די גערער חסידים, די גרעסטע קעגנער פונם תכלת אין זיין פאטערס צייט. דאך איז די שטאט ראדזין אליין געבליבן צעטיילט. פון איין זייט דעם רבינס אנהענגער, תכלת־טרעגער מיט זייער צענטער — דעם רבינס בית־מדרש און דער צווייטער טייל, מיט זייער צענטער — דאס קהל'שע בית־מדרש.

## 4. פורים־נעכט אין רבינס הויף

א גאנץ יאר האט דעם רבינס ווייסע מויער, די העכסטע פון די איבעריקע הייזער אויפן גאס, אריבערגעקוקט מיט שטאלץ איבערן שטאט און גערופן דרך־ארץ צו זיך. די חדרים, ברייטע און רחבותדיקע מיט צענדליקע אין רייען־אויסגעשטעלטע פענצטער, האבן נישט נאר ליכט און זון אריינגעצויגן, נאר אויך אויסגעהויכט אין חלל פון שטאט פון זייער קדושה און יראה. יעדער חסיד אדער סתם־ייד, וועלכער האט איבערגעטרעטן די שוועל פון דער משמשן שטוב האט מיט נשמה־צימער דערפילט די אטמאספער פון גייסטיקער דערהויבנקייט, פון תורה און שכינה. איין חדר איז געווען אויסגעטיילט פאר א טרקלין, און אויפנאמס־צימער.

ארום אן אלטן האמעטנעם דעמבאוון טיש זענען געווען צעשטעלט צוועלף שווערע פאסער־שטולן, אלץ געדעקט אין ווייסן געוועב. זעלטן־ווען האבן זיך די טירן פון דעם חדר געעפנט און נאך זעלטענער האט א פראסטער חי־וקים זוכה געווען צו זען וואס טוט זיך דארט. דער איינציקער, וועלכער האט געהאט א דריסת־הרגל אהין איז געווען חיים ראבעשוויוער, דער שמש, וועלכער האט יעדן אינדערפרי אפגעווישט דעם שטויב פון דעם מעבל. ס'האט געשמעקט פון דארט מיט אלטקייט און געפרעסטע לופט. די, וועלכע האבן שוין יא זוכה געווען פריי זיך צו באזעצן דארט, זענען דוקא געווען גוים. די אנגעזעענע פירער אין שטאט פלעגן דאס אמאל אפשטאטן א וויזיט דעם רבין און זיי, די גויאישע חשובע געסט, האט מען דאס דארט אויפגענומען, ווו געזעצטע קולות פון פרעמדע לשונות, וואס האבן זיך דורכ־געריסן דורך די פענצטער, האבן עדות געזאגט אויף דער וויכטיקער אויפנאמע, כדי צו העלפן א יחיד אדער גאר די גאנצע עדה אין שטאט.

איינמאל אין יאר אבער האט זיך די ערנסט און קדושה פונם הויז פלוצים ווי אפגעטאן: ארויפגעצויגן אויף זיך א חומר'דיקן לבוש און פארוואנדלט זיך אין א טעאטער־זאל. דאס איז געווען פורים בייצאכט צו דער סעודה, ווען פארמאסקירטע פורים־שפילער אין גויאישע מלבושים מיט כלי־זין אין די הענט, פלעגן קומען משמח זיין דעם רבין און באקומען דערפאר זייער געהעריקן לוין. די טירן פונם אויפנאמס־צימער האבן זיך ברייט צעעפנט, דער טיש פארשוואונדן און די שטולן זיך צעשטעלט ארום די ווענט, ווי אפווארטנדיק דאס אויסטערלישע געשעעניש, איינמאל אין יאר. באלד האט זיך אנגעטראגן דער געטומל און געפילדער פון די ווייסע חברה'ניקעס, וועלכע האבן אנגעזאגט דאס אנקומען פון דער קאפעליע און זיך צעלאזט מיט ווילדן אימפעט אין די צימערן, ווו א גאנץ יאר האבן זיי דארט קיין דריסת־רגל נישט געהאט. נאך זיי האבן סתם־נייגעריקע יידן, פשוטע חי־וקים'ס, זיך שעמעוודיק געדרוקט ביי דער זייט, טריט ביי טריט, ווי נישט מחלל צו זיין מיט זייערע זינדיקע גופים די קדושה'דיקע אטמאספער. נאך זיי די פורים־שפילער. מיט האסטיקע טריט שפרייזן זיי אריין איינער נאכן אנדערן, ווי וועלנדיק מיט זייער גויאישן הלוך אנווארפן א מורא אויף די צעשראקענע באבערדלטע חסידים. אקעגנאיבער דעם זאל פון אן אפענעם חדר שטעלן זיך אויס די פרויען צו זען די פורים־שפיל. זייערע בליקן טרעפן זיך מיט די מענערישע און דאך, אין דער נאכט פון פורים, ווערט דאס נישט באטראכט ווי פארשייטקייט אדער גאר קלות־ראש. פורים איז א מצוה שכור צו זיין, קען מען צו פרום אויך נישט זיין!

אינם רחבות'דיקן זאל מארשירן אריין די גרופע ארטיסטן, שטעלן זיך אויס אינדערמיטן און ווארטן אויף א סיגנאל אנצוהויבן דעם ערשטן אקט. ווער זענען דאס די משונה'דיקע ברואים מיט זייער מאדנעם הולך? א טייל זענען דאס נעכטיקע בית־המדרש־בחורים, ווי זישעלע דער מאלער און חזן, יענטשע גאדעלס, יואל

ברוך הירש׳ס און דעסגלייכן, צוגעמישט מיט בעל־מלאכהשע לערן־יינגען. די לעצטע האָבן שוין באזוכט א יידיש טעאטער אין דער גרויסער שטאָט ווארשע, געבראכט פון דאָרט נייע רעפּערטואַרן, קנאַקענדע לידלעך און זיי באנוצן דאָס אין די פורימדיקע פאָרשטעלונג. אין זיינע קעניגלעכע קליידער שטייט מאיעסטעטיש דער מלך אחשורוש; עס חנ׳דלט זיך די קעניגין אסתר (א מאן פארשטעלט פאר א פרוי, ווייל — „קול באשה ערוה״). חברה הויף־דינער און אפילו ויזתא האָבן נישט פארפעלט צו זיין דאָרט. ווייסע חברה׳ניקעס שטעלן זיך ארום, באטראכטן נייגעריק די הויזן מיט די גאָלדענע פאַסן, די קלינגענדיקע שווערדן, פרווון אָנרירן די רייצנדע בגדים און אָנטרעפנדיק אויף א שטרענגן בליק פון אונטער א מאסקע אפער, באגלייט מיט א שטויס פון א מוסקולישער האנט, טראָגן זיי זיך אָפּ ווו דער פּעפער וואקסט...

שאַטס, דער רבי גייט! דאָס שרייט אויס, מיט א הייזעריקער שטים, חיים דער שמש און ווי דורך כשוף ווערט ביים עולם דאָס לשון אָפּגענומען און אין טיר באַווייזט זיך דער רבי. דערזעענדיק פאר זיך, קיין עין־הרע, דעם גרויסן עולם, חסידים, פּשוטע יידן פון שטאָט, בית־מדרש־בחורים און חדר־קינדער, צעשמייכלט ער זיך גוטמוטיק און ווארפט זיינע מילדע, ליבלעכע בליקן אויף אלע זייטן, ווי ווענדיק דערמיט באַרואיקן זייערע צעשראָקענע געמיטער. דער רבי זעצט זיך אוועק אויף זיין אָרט און די פאָרשטעלונג הויבט זיך אָן. די שפּילערייען און געזאנג פון ליבער־לידלעך, וועלכע זענען א גאנץ יאָר טריפה פארן פרומען יידישן אויער, ווערן די דאָזיקע נאכט געכשרט אפילו פארן צדיק אליין. די פאָרשטעלונג רופט אָפּט ארויס ביים עולם הארציק געלעכטער און קולות פון מענער און פרויען גיסן זיך צוזאמען אין איין הארמאָנישע סימפאָניע און קיינער באטראכט דאָס נישט פאר נישט אָנשטענדיק; אפילו דער רבי אליין צעלאכט זיך ברייטהארציק כאחד האנשים.

אָט שפּילט מען א צווייטן אקט מיטן נאָמען: דאָס שניידערל. זישע, דער הויפּט־אקטיאָר, פארלייגט א פוס אויף א פוס, שפּרייט אויס אויף זיי די צוגעשניטענע סחורה פון א קאפּאָטע; אויף דער שפּיץ נאָז הענגט א בריל און האלט זיך אָן אויף צוויי שטריקלעך ביי ביידע אויערן. אין איין האנט א נאָדל און אין דער צווייטער א פאָדעם. אזוי מאטערט זיך נעבעך דאָס אָרעמע שניידערל די נאָדל איינצופעדעמען און זישעס פאלצעט־שטימעלע צעגייט זיך מתיקות׳דיק אין דער לופט, באזינגענדיק זיין גורל:

זיצט זיך א שניידערל אויבן־אָן,
נייט זיך א קאָפּאָטקעלע מיט א סטאָן;
האַלט זיך א פוס איבער א פוס,
זינגט זיך א לידעלע איז׳ס צוקער־זיס.

**א מחיה׳דיקע זיסקייט נעמט דורך דעם עולם צושוידער; פֿארגעסן אויף א ווײַלע זייערע דאגות און געניסן מיט פולע הויפֿנס פארגעניגן פונם טעאטער־שטיק.**

**ס׳איז שוין לאנג נאָך חצות, ווען די שפיל איז געענדיקט. יידן צעגייען זיך שכורע פונם נישט־יידישן געווס, אָבער מיטן באוווסטזיין, אז נאָר פורים בײַנאכט מעג מען נאָכלאָזן א ביסל די לײַצעס און געבן דעם גוף צו פארזוכן פון ערדישע תענוגים. מאָרגן וועט ווייטער די קדושה דעם הויף באהערשן אָן א פגם.**

## ראדזינער חסידים



ר׳ מענדל דאנילאק
(איינבינדער)



ר׳ ברוך הירש
(אפלבוים)

מ. ש. גשורי (ירושלים)

# בית איז׳ביצה ורדזין

## והשתלשלות הנגינה בחצר אדמו״רי רדזין

### 1. ר׳ מרדכי יוסף לינר מאיז׳ביצה

מייסד שושלת איז׳ביצה־רדזין, ר׳ מרדכי יוסף ליינר ז״ל, אישיות חזקה ודמות בולטת, היה מתלמידיו המעולים של ר׳ שמחה בונים מפשיסחה וחברו הקרוב של ר׳ מנדלי מקוצק. אחרי פטירת הצדיק מפשיסחה, היה ר׳ מרדכי־יוסף אחד מאלה, שהכריזו על מנדלי כצדיק, והוא עצמו נעשה לנושא כליו. ואותו ר׳ מרדכי יוסף שוב היה הראשון שפרש לאחר זמן מרבו וגרם לפילוג מכריע בין חסידי קוצק. בשנת ת״ר (1840) התארח בפעם האחרונה בקוצק לתקופת הימים הנוראים ונשאר שם עד אחרי סוכות. אותו החג, שבו הוכרע הקרע וניגוני ההקפות של שמחת תורה שוב לא יכלו ליצר המחלוקת. מאז הביקור הדרמטי יצאו חסידיו נגד צדיקות קוצק, והתלקטו סביב צדיקם החדש שהתיישב באיז׳ביצה; סערת המחלוקת גדלה וגרמה לא מעט לחילול כבוד החסידות.

בתקופת התקרבותו לר׳ שמחה בונים מפשיסחה, מסופר, שאחרי ההתוודעות הראשונה וחליפת דברי תורה ביניהם, צפה הצעה להתמודדות, ורש״ב הוא שאמר לר׳ מרדכי־יוסף: „בוא ונמדוד עצמנו, מי גדול ממי?״ אחרי שמדדו, אמר לו הצדיק: „לעת עתה אני גדול ממך. אך עודך צעיר ועול ימים — ועוד תגדל״. מדידה זו לא התכוונה לגודל הקומה הממשית, הגשמית, כי־על־כן דמתה קומתו של הצדיק לתמר, ואילו תלמידו היה קצר־קומה — והכוונה היתה, ודאי, לגודל הקומה הרוחנית. ברור שלא נתכוונה המדידה לידיעה בשדה הנגינה, כי בלי לעשותה אמנם לראש פינה, ידע הצדיק להעריכה ולהיות בה לא־נחות דרגה; ואילו ידיעותיו של ר׳ מרדכי יוסף בנגינה היו מועטות (השוה: הקדמת ר׳ גרשון־הניך לספר „בית יעקב״, בראשית, וורשה, תר״ן).

מלחמת המצווה בין קוצק לאיז׳ביצה וניתוק הקרבה הרוחנית ההדוקה שבין שתיהן, לא נגעו במאומה ביחס לנגינה. באיז׳ביצה לא התרחקו ביותר מן הניגון היהודי, והזיקה אליו חזקה אולי עוד יותר אחרי ההתנגדות לקוצק ואחרי סלקם ידם מניגונים ריקים מתוכן ורחוקים מקוו יהודי ברור, שמצאו להם בקוצק אחיזה. ברם, מקום נכבד לא תפסה הנגינה בשושלת איז׳ביצה והיחס אליה לא היה רציני יותר. אכן, נקודת הרגש המוסיקאלי היתה נמוכה. נטייה פסיבית זו לא היתה מקורית לאיז׳ביצה, אלא באה כעין המשך של פשיסחה ושל קוצק, ואף ניגוני הימים הנוראים, שהיו מותאמים פחות־יותר לאטמוספירה, חסרו תנופה וגמישות.

אכן, תורה ונגינה — אלה לא יכלו לחיות בהרמוניה בחסידות פולין. המקום שם גבר כוחה של תורה, לא היתה ידו על העליונה גם בניגון, ובמקום שהתורה לא תפסה מקום ראשון — גבר כחו של הניגון. פשיסחה, קוצק וגור היו מרכזי תורה לחסידים. צדיקיהם, ר' מנדילי ור' יצחק־מאיר, היו שרי התורה, אך לא היו מוכשרים להופיע כמנגנים וכבעלי־תפילה. והיה מורגש אצלם צורך להעמיד בעלי־תפילה ומנגנים בעלי קולות נעימים, למשוך את לבות השומעים, והצדיקים השאירו לעצמם רק את זכות הכיבודים של הזמירות. וקרה לא פעם בקוצק כבגור, שאחרי שסיים המנגן את הזמר נצטווה מפי הרבי לחזור על הזמר פעמים ושלש. זה מוכיח, שהניגון לא חדל בכל זאת לשמש גם ש ם גורם. באיז'ביצה לא היתה הקפדה בבחירת הניגונים ובלבד שלא יהיו ניגונים אלה ספוגים בכי ודמעות, בחינת „מוהין דנוקבא". גם בפשיסחה היה המצב בנגינה טוב יותר מאשר בקוצק; לא הקפידו על מציאות הנקודה היהודית בניגון, אך לא העזו להתיר בגלוי ניגונים זרים, שאולים מן התיאטרון. איז'ביצה היתה תלמידתה הטובה של פשיסחה.

מסתבר שר' מרדכי־יוסף לא ניצל את תעודתו של הניגון לעורר את ההרגשות; שקוע היה מדי בלימוד התורה. ואם הוא פילס נתיב לעליית השושלת, יש לזקוף את הדבר על חשבון השפעתו ומרצו הרב וכן צדיקותו ולמדנותו; עניין הניגון והמנגנים היה לאחד הנושאים הרבים, שטיפל בהם כלאחר־יד.

ספרו „מי השלוח", שהשאיר אחריו, היה יותר מהתחלה ספרותית גרידא. הוא היה ראשון לספרי השושלת. ואעפ"י שהדברים באו בו בלשון קצרה (בהקדמתו ל„בית יעקב", בראשית, מעיד עליו נכדו בעל „ארחות חיים", כי דבריו נכתבו בקיצור מופלג ורק שורש הדברים נכתב, בלי אריכות ביאור), נחשב הוא לספר היסוד ופתח להיכל הספרות של בני השושלת, שחיברו ספרים הרבה, אשר עוררו בשעתם התפעלות והרעישו את עולם התורה והחסידות גם יחד בחידושיהם וברבגוניות שבהם. פרט לשני מקומות לא ניתנה כמעט בספר כל תשומת לב לנגינה: הוא מקשר את הסעת ישראל בידי משה („ויסע משה את ישראל") לשירת מרים הנביאה, שאחרי ראותו שמרים שרה את השירה הבין משה, כי הגיעה העת ליסע מהמקום, כי כך רואים דרך העליון בהשפעת התחדשות דברי תורה בישראל. תחילה משפיע על לב הגדולים והצדיקים, והדבר נמשך עד שמגיע ללב הנשים — ואז נשלם החידוש, ויש צורך בהתחדשות דברי תורה חדשים. וכך היה עניין השירה. תחילה היה בפי משה ואחר בפי כל ישראל; ואחר שנאמר „ותען להם מרים, שירו לה' כי גאה גאה", אז — „ויסע משה", סימן שאין להם עוד עסק בזה העניין אחרי שנסתיים, ויש צורך בהתחדשות (בשלח).

וכן התעכב על המחול הנעשה בדרך עיגול, שלפיו אין שום איש קרוב יותר מחברו. ולמחול מוסרי כזה, שלגביו אין התנשאות של אחד על חברו, מתכוונים החכמים שאמרו, שלעתיד לבוא יעשה הקב"ה מחול לצדיקים. טענת קרח היתה,

לדברי הצדיק בספרו, שאין שום התנשאות בישראל לאחד על השני, כי בתוכם ה׳, כלומר, שהוא שוכן בתוך כולם שוה בשוה (קרח). המחול היה נהוג ומקובל מאוד על חסידות פולין ואין יוצא מהכלל, ובלי ספק השתתף גם הצדיק מאיז׳ביצה בריקודים ויכול היה מקרוב להסתכל בשוויון האישי שבמחול, דבר שהיה קרוב ללבו הטהור.

הוא העמיד תלמידים הרבה, בהם בנו ר׳ יעקב ממלא מקומו, ר׳ יהודה־ליב אייגר ור׳ צדוק הכהן רבינוביץ, שכיהנו באדמו״רות בלובלין — ועולם הניגון לא רחק מהם.

ימי נשיאותו של הצדיק ארכו רק י״ג שנים והוא נפטר באיז׳ביצה בשבעה בטבת תרי״ד, בהשאירו אחריו שני בנים: את הבכור, יורש כסאו ר׳ יעקב מאיז׳ביצה ואת ר׳ שמואל דב אשר מביסקוביץ.

## 2. ר׳ יעקב בעל ה„בית־יעקב״

סערת המחלוקת בין קוצק לאיז׳ביצה שככה, פחות־יותר, בימי הדור השני לאיז׳ביצה, בימי ר׳ יעקב, ש„הרחיב את השער הגדול כפתחו של ההיכל״ וביסס את השושלת על יסודות רצויים יותר. הוא היה גדול בתורה ובקבלה, וכל זמנו הקדיש ללימודיו. אין ספק, שבקולו הנעים למדי יכול היה לחשוף את עצמיותו גם בנגינה ולהביא לידי ביטוי את ההשראה, אבל כנראה, שגדול היה אצלו החשש, שניצול קולו בזמרה עלול להתיש את ההשראה בלימוד התורה, ורק לחסידים, למוכשרים שבהם, ציווה לשיר את הזמירות, לעבור לפני התיבה ולמלא את התפקידים המוטלים על הזמר.

מסיבות שבת היוו אצלו צירוף רוחני של ניגונים ודברי תורה. בימי שבת, על יד שולחנו, ציווה לזמר אחרי ברכת „המוציא״ (לפני אכילת הדגים) „אזמר בשבחין״ עד „וזינין דכנישין״; כן היו חביבים עליו מאוד פזמוני האר״י, בגלל קרבתו הרוחנית בקבלה למחבר הפזמונים. עם גמר הזמר באה אכילת הדגים. בכל שבת ובכל סעודה היה אומר דברי תורה בין מאכל למאכל. בסעודת ליל שבת ציווה לזמר את „כל מקדש״, „מנוחה ושמחה״, „יה רבון״, ובזה תם סדר הזמירות.

בסעודת יום השבת היה פותח לפני נטילת ידיים באמירת „אסדר לסעודתא״, וציווה לנגן את הפזמונים „ברוך ה׳ יום יום״ עד „אמונים נוצר״, „ברוך אל עליון״, „יום זה מכובד״. כן היה פותח את הסעודה השלישית לפני נטילת ידיים ב„אתקינו סעודתא״, ואחרי דברי תורה היה מצווה לנגן „בני היכלא״ בצורה אנטיפונית, כלומר, שהמנגן פסק לזמר אחרי כל שני חרוזים — ואז ענה הקהל. אחרי זה היו

בונדיסטן, וועלכע האָבן זיך נאָך געפונען אין „בונד" צו יענער צייט — פאַר דער שפּאַלטונג. די הויפּט־פירער, וועלכע האָבן זיך גערעכנט פאַר קאָמ.־בונדיסטן זענען געווען פאָלגנדע: אברהם לייב וואַסערמאַן, אברהם שוכמאַכער, וועלוול טענענבוים און לייבל צוקער. דער לעצטער האָט זיך גערעכנט אַלס גוטער רעד־נער און פּראָפּאַגאַנדיסט; ער איז פאַקטיש געווען דער הויפּט־פירער פון קאָמ.־בונד.

אין אָנפאַנג איז די גרופּע געווען אַ צעשפּליטערטע און נאָך נישט געהערט צו די קאָמוניסטן. בכלל זענען די פּוילישע קאָמוניסטן נאָך נישט געווען אָנגע־שלאָסן אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, צוליב איר צו־לינקייט, וועלכע לענין האָט צו יענער צייט שטאַרק באַקעמפט. אין די ערשטע סיים־וואַלן האָבן די ראַדזינער קאָמוניסטן נישט אָנטייל גענומען — אַזאַ שטעלונג האָבן דאַן אָנגענו־מען די קאָמוניסטן אין פּוילן. זייער קעגנערשאַפט האָבן זיי געבראַכט צום אויסדרוק אין פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן דעם פּאַרלאַמענט. זיי האָבן פאַרשריבן די שטאָט מיט לאָזונגען אויף די ווענט. אַ לאָזונג, וועלכע איז אָנגעשריבן געוואָרן אויף שקאָלנע גאַס האָט געלויטעט: „פּראָלעטאַריער פון שטאָט און דאָרף פאַר־אייניקט אייך!".

אָפיציעל פאַנגען אָן די קאָמוניסטן זייער טעטיקייט ביי אונז אין שטאָט אין יאָר 22־1921, נאָכן אָנשלוס פון די פּוילישע סעקציע אין קאָמינטערן. דער ערשטער נאָדל־פאַריין, וועלכער איז געעפנט געוואָרן אין יאָר 1923 אונטער קאָמוניסטישע איינפלוסן, האָט זיך געפונען אין הויז פון משה ראַוויניאַק (בער־דער); סעקרעטאַר פון פאַריין איז געווען אברהם שוכמאַכער. דער דאָזיקער פאַריין האָט געפירט אַ קאַמף צו פאַרבעסערן די באַדינגונגען פון די שניידער־אַרבעטער. ביים פאַריין האָט אויך עקזיסטירט אַ שניידער־יוגנט־סעקציע. דער פאַריין איז אויסגענוצט געוואָרן פאַר קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע. עס פלעגט כסדר פּראָקומען פאָרלעזונגען אויף פּאָליטיש־אַקטועלע טעמעס. דער פאַריין איז געוואָרן דער צוציאונגס־צענטער פאַר אַלע לינק־געשטימטע אַרבעטער אין שטאָט.

מיט דער צייט האָט זיך די פּאָליציי אָנגעהויבן צו פאַראינטערעסירן מיט דעם דאָזיקן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין — קאָנפידענטן האָבן דערטראָגן וועגן דער קאָמוניסטישער טעטיקייט. אין יאָר 1924 איז טאַקע דער פאַריין פאַרמאַכט גע־וואָרן און די טעטיקייט איז איבערגעטראָגן געוואָרן אין פּריוואַטע שטובן און אין גאַס אַריין. די קאָמוניסטן האָבן דאַן אויך געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע אין די אַרומיקע דערפער, צווישן די פּויערים; עס פלעגט אויך דאָרט פאַרשפּרייט ווערן ליטעראַטור. אין שטאָט פלעגט מען קלעבן אויפרופן אויף די ווענט און רויטע פענער, מיט אויפשריפטן קעגן דער רעגירונג, פלעגן אויפגעהאָנגען ווערן אויף

די טעלעפאָן־דראָטן. אַזוי האָט די קאָמוניסטישע באַוועגונג צוריק גענומען ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי; די פּאָליציי האָט צו דעם צוועק אויס־געטיילט ספּעציעלע פּאָליציסטן, מתדירטע און ציוויל־געקליידעטע, וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו אָבסערווירן די טעטיקייט. דער פּאָליציי געלונגט אָבער נישט, צו יענער צייט, אויפצודעקן די קאָנספּיראַציע.

אין יאָר 1925 ווערט געעפנט א נייער לאָקאַל אויף שקאָלנע גאַס. דאָס מאָל איז דער לאָקאַל געעפנט געוואָרן ווי א פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון לעדער־אַרבעטער און אויך דאָס מאָל איז ער מער אויסגענוצט געוואָרן פאַר קאָמוניס־טישע פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן, ווי פאַר צוועקן פון די לעדער־אַרבעטער. עס פלעגן פאָרקומען כמעט יעדן שבת רעפעראַטן וועגן פּאָליטישע פּראָבלעמען; דער הויפּט־רעפערענט איז געווען יודל באַרכאָווסקי. ווען יודל האָט גערעדט, פלעגט דער זאַל זיין איבערפולט; זאַגאַר אין דרויסן פלעגט מען שטיין און צוהערן זיינע רעדעס. באַרכאָווסקי איז צו יענער צייט געווען טעטיק אַלס פונקציאָנאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן. צו דער באַוועגונג איז ער געקומען פון דער ישיבה און אין זיינע רעדעס פלעגט ער טאַקע זיך באַנוצן מיט תורה־פּסוקים. ער האָט זייער ליב געהאַט צו פירן וויכוחים און צו אָפּאָנירן קעגנער; ווי איז געווען צו די רעדנער, וועלכע פלעגן אַריינפאַלן אין זיין מויל אַריין... פלעגט טאַקע די פּאָליציי לויערן אויף אים. זי פלעגט זיין אָן אָפטער גאַסט ביי אים אין שטוב, אָבער זעלטן־ווען האָט זי אים געטראָפן אין דער היים.

צו יענער צייט — 1925 — איז פאָרגעקומען וואַלן צום שטאָט־ראַט. די קאָמוניסטן זענען דאַן דערשינען צו די וואַלן אונטערן שילד פון לעדער־פאַריין. דער קאַנדידאַט איז געווען שמעון גאַנסקי — נישט קיין פּאָליטיש רייפער מענטש; נישט געקאָנט זיך אפילו אונטערשרייבן און אין געהיים האָט מען עס אים גע־לערנט... קיין צווייטער קאַנדידאַט איז נישט געווען וואָס זאָל מסכים זיין, ווייל אַזאַ מענטש איז שטענדיק אויסגעשטעלט געווען צו ווערן אַרעסטירט. דער קאָ־מוניסטישער באַוועגונג אין שטאָט איז, צו יענער צייט, נישט אַזוי געגאַנגען אי פאָרשטייער אין שטאָט־ראַט, ווי צו דעמאָנסטרירן איר כוח. און אַזוי איז טאַקע געווען. די קאָמוניסטן האָבן דאַן באַקומען איבער 600 שטימען. קיין גרויס כבוד האָט זיי, אָבער, שמעון גאַנסקי אין שטאָט־ראַט נישט אָנגעטאָן; ער פלעגט זיצן ווי א שטומער... די פּוילישע רעאַקציאָנערע מיטגלידער פלעגן האָבן מיט אים מיטלייד און די פּאָליציי האָט אים נישט געטשעפּעט, ווייל ער איז נישט געווען געפערלעך...

אין יאָר 1926, פאַר מאַי, ווערט אַרעסטירט זאַנוול זאַלצשטיין, פאַר פירן אומלעגאַלע ליטעראַטור קיין מעזריטש, וועלכע איז געווען געווידמעט דעם 1־טן

מאי. געוויינלעך פלעגט מען פירן ליטעראטור קיין מעזריטש דירעקט פון ווארשע. אָבער צוליב א דורכפאל פון א קאָמוניסטין, איז יענער וועג געווען שטארק באוואכט; האָט מען דערפאר אויסגעקליבן דעם וועג קיין מעזריטש דורך ראדזין. די אויפגאבע האָט מען ארויפגעלייגט אויף א געוויסן הבר זאלצשטפעניקיין וועלכער איז געפאָרן קיין מעזריטש מיט יאנטעלען, דעם בעל־עגלה. דער וועג איז אָבער אויך געווען באוואכט און ביי קאנקעלעווניצע איז די פור אָפּגעשטעלט געוואָרן און רעווידירט געוואָרן. די ליטעראטור איז געפונען געוואָרן און זאלצשטפעניקיין איז געשטעלט געוואָרן פאר א משפט. אין געריכט האָט ער זיך געהאלטן זייער העלדיש. ער האָט געזונגען קאָמוניסטישע לידער און אויס־געשריגן פארשידענע לאָזונגען קעגן דער רעגירונג; ער איז פארמשפט געוואָרן צו 5 יאָר תפיסה.

יאָר 1926, 13־טער מאי, בשעת דער איבערקערעניש פון פילסודסקין. יודל באַרכאָווסקי קומט צופאָרן קיין ראדזין און גיט א באפעל, אז אלע זאָלן זיין גרייט... יעדער חבר פון דער באוועגונג מוז טאקע ווארפן די ארבעט, זיין אין גאס און ווארטן אויף ווייטערדיקע אינסטרוקציעס. די לאגע איז אומקלאָר. אין ווארשע קעמפן די קאָמוניסטן, מיט ווארסקין אין דער שפיץ, אין דער זייט פון פילסודסקין. אין ראדזין איז די פאָליציי צעטומלט. די טעלעפאָנישע פארבינדונג מיט ווארשע איז איבערגעריסן. די קאָמוניסטן ווארטן יעדע מינוט אויף א באפעל איבערצונעמען די מאכט אין שטאָט — אָבער דערצו איז עס נישט גע־קומען...

אין יאָר 1927 ווערט יודל באַרכאָווסקי ארעסטירט צוזאמען מיט א גאנצע גרופע יידן און קריסטן פון ראדזין, ווהין און אומגעגנט; דער ארעסט איז פאָר־געקומען אויפן יסוד פון א מסירה. די גרופע מיט יודלען איז געזעסן אין ראדזי־נער ארעסט איבער א וואָך צייט. פרייטיק באקומט מען א ידיעה, אז שבת דארף מען יודלען פירן דאָס לעצטע מאָל צום אויספאָרשונגס־ריכטער, וועמענס ביוראָ האָט זיך געפונען ביי דוד ליכטנשטיין אין הויז. די קאָמוניסטן באשליסן צו באַ־פרייען יודלען פאר יעדן פרייז און גרייטן זיך צו אן איבערפאל. עס ווערן גע־מאכט אלע צוגרייטונגען. עס בלייבט נאָר איין זאך צו דערליידיקן, נעמלעך, ווי אזוי גיט מען יודלען צו וויסן וועגן דעם פלאן, כדי ער זאָל זיין דערצו צוגע־גרייט. מען פרובירט דורך פארשידענע וועגן — אָבער אָן דערפאָלג. צוליב דעם, ווערט דער גאנצער פלאן דורכגעפאלן, טראָץ דעם, וואָס אין פארשידענע איינ־צלהייטן ווערט ער גרינטלעך צוגעגרייט; באַרכאָווסקי איז פסיכאָלאָגיש נישט גרייט און אין פאסנדן מאָמענט קאָן ער נישט אנטלויפן — די פיס ווערן ביי אים ווי פאַראַליזירט... ביים פראָצעס באקומט ער 5־6 יאָר טורמע. נאָכן אָפּ־זיצן א צייט אין שעדלעצער טורמע, ווערט ער צייטווייליק באפרייט צוליב זיין

לתּגען־קראַנקהייט. ער נוצט אויס די הפסקה און עס געלונגט אים צו אַנטלויפן קיין רוסלאַנד. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין מזל — ביי דער רייניקונג אין די קאָמוניסטישע רייען ווערט ער אַרעסטירט און באַשולדיקט אַלס אָפּאָזיציאָנער. ער ווערט פאַרשיקט און פאַרשווינדן.

צווישן אַלע פירערס פון דער ראַדזינער אַרבעטער־באַוועגונג האָט פאַר־נומען אַ בכבודיקן אָרט אברהם שוכמאַכער. געשטאַמט פון אַן אָרעמער היים און באַוווּסט געוועזן אַלס אַן אַרבעטער־אינטעליגענט. צום „בונד" איז ער געקומען, ווי אַ סך אַנדערע, פון דער ישיבה, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מל־חמה. שפּעטער אַוועק מיטן קאָמ.־בונד. ער איז געווען דער ערשטער סעקרעטאַר פון פראָפעסיאָנעלן פאַריין און אַ געוויסע צייט סעקרעטאַר פון לוקאָווער פראָפ. פאַריין. גרויסע פאַרדינסטן האָט ער געהאַט אויפן געביט פון קולטור־אַרבעט. ער האָט אויך אויפגעשטעלט דראַמאַטישע קרייזן. די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ער געווען סעקרעטאַר פון האַנטווערקער־פאַריין. געשטאָרבן יונגערהייט (אין 1928 אָדער 1929), נישט ווייניק צוליב רעזולטאַט פון הונגער־יאָרן.

צו די פּעאיקע טוער דאַרף אויך צוגערעכנט ווערן מאָטל פּשעניצא. אָנגע־פאַנגען זיין טעטיקייט אין יוגנט־בונד „צוקונפט" אומגעפער אין 1923. פון פאַך אַ שניידער. זיין פאָטער, יאַנקל פּשעניצא, פון די אַלטע בונדיסטן, האָט גע־שטרעבט צו מאַכן מאָטלען פאַר אַ מוזיקער און קויפט אים אַ פידל; מאָטלס פאַרלאַנגען זענען, אָבער, שפּעטער געווען אַנדערע. ער פלעגט פיל לייענען און גלייכצייטיק שרייבן דערציילונגען. אין יאָר 1925 טרעט ער אַריין אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און שאַפט אַ יוגנט־קרייז פון עטלעכע צוואַנציק יוגנט־לעכע און לערנט זיי מאַרקסיזם. אין 1932־1933 באַזעצט ער זיך אין וואַרשע און זעצט פאָר זיין ליטעראַרישע אַרבעט. ער קומט אין קרייזן פון יונגע ליטעראַטן און באַמיט זיך אַרויסצוגעבן זיינס אַ בוך, אַ זאַמלונג דערציילונגען, אָבער עס פעלט אים פינאַנסיעלע מעגלעכקייטן. מיט גרויס מי געלונגט אים ענדלעך דאָס בוך אַרויסצוגעבן („פּיין"), אין וועלכן עס געפינען זיך פיל שילדערונגען פון ראַדזינער לעבן.

אין 1927 קומט פאָר אַ שפּאַלטונג אין „השומר הצעיר"; אַ גרופּע פאַר־לאָזט די אָרגאַניזאַציע. די שפּאַלטונג האָבן דורכגעפירט שאול אַקערמאַן און משה האָכבוים. אַ געוויסע צייט האָט זיך די גרופּע נישט געקאָנט דעצידירן וווהין צו גיין. די קאָמוניסטן ווי אויך דער „בונד" האָבן זיך באַמיט זיי צו באַאיינפלוסן; פּרעלעגענטן פון ביידע פּאַרטייען פלעגן אַ צייט לאַנג זיי באַאַרבעטן. ענדלעך זענען אייניקע פון זיי אַריינגעטרעטן אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

אין די לעצטע יאָרן, פאַרן צווייטן וועלט־קריג, זענען די קאָמוניסטן, נאָך אַ געוויסן צוריקשטאַנד, ווידער אויסגעוואַקסן צו אַ באַדייטנדן כוח אין שטאָט.

עס זענען ווידער צוגעקומען עטלעכע טעטיקע פון „השומר הצעיר". אומגעפער אין יאָר 1933־34 קאָנסטרואירט יואל לאָזער א פּאַרטיי־דרוקעריי מיט פּוילישע בוכשטאַבן. די דרוקעריי איז געווען זייער פּרימיטיוו, אָבער קלענערע פּראָקלאַ־מאַציעס האָט מען געקאָנט דרוקן. אזוי פלעגן טאַקע די ראדזינער קאָמוניסטן ארויסגעבן פון צייט צו צייט אייגענע אויפרופן מיטן אונטערשריפט ראדזינער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. בשעת דעם באָיקאָט אויף יידישע געשעפטן, צו וועלכן די אנטיסעמיטן אין ראדזין האָבן גערופן די פּוילישע באַפעלקערונג, האָבן די קאָמוניסטן ארויסגעגעבן אן אויפרוף צו דער פּוילישער באַפעלקערונג — „קויף דאָרט וווּ עס איז ביליק".



מאָטל פּשעניצא
(משמאל — לינקס)

אין יאָר 1937־38 ווערט פאַנאַנדערגעלאָזט די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין פּוילן; אויך אין ראדזין לייזט זיך די פּאַרטיי אויף.

אין יאָר 1939 בשעת דער מלחמה, ביים אדורכמאַרש פון די סאָוויעטן, שטעלן פאַר זיי אויף די געוועזענע קאָמוניסטן א טריאומף־טויער אויפן ווישני־צער וועג. אויך פאַרזוכן זיי צו אנטוואָפענען לעצטע דעזאָרגאַניזירטע גרופן פון פּוילישן מיליטער. דערמיט האָט זיך געענדיקט די לעצטע פּרשה פון די יידישע קאָמוניסטן אין שטעטל.

צבי ליבערזאָן (חדרה, ישראל)

# דער יידישער בעל־מלאכה און זיין ארגאניזאציע

נאָכן פאַרטרייבן די דייטשן אין יאָר 1918, ווען עס האָט אָנגעהויבן אויפ־לעבן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטאָט, ווי דאָס אַנטשטיין פון פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון אַרבעטער, ווי אויך יידישע פּאַרטייען און די יידישע זעלבסטפאַרוואַלטונג — האָט אויך דער יידישער האַנטווערקער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן זיינס אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע יידישע בעל־מלאכה׳ס אין שטאָט. זייער דראַנג נאָך אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע איז באַווירקט געוואָרן פון עטלעכע סיבות:

1) דער יידישער בעל־מלאכה האָט זיך געפֿילט באַליידיקט אין זיינע אייגענע פאַר־טרעטער אין דעם יידישן געמיינדע־ראַט, כדי זיי זאָלן זיי פאַרטיידיקן קעגן די גרויסע שטייערן;

2) זיי האָבן אויך געוואָלט האָבן פאַרשטייער אין דער קרעדיט־באַנק;

3) זיי זענען אויך באַווירקט געוואָרן פון אַ פּסיכאָלאָגישן מאָמענט — זיי האָבן געוואָלט מיטגיין מיטן שוווּנג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט צו יענער צייט.

פאָרמעל איז אַנטשטאַנען אַזאַ אָרגאַניזאַציע נאָך דער פּויליש־סאָוויעטישער מלחמה; דאָס האָט געהייסן אַ האַנטווערקער־פאַריין. דער פאַריין האָט אַרומגענו־מען אַלע פאַכמענער אין שטאָט, וועלכע האָבן געאַרבעט זעלבשטענדיק: שניידער, שוסטער, בלעכער, בעקער, פאַרבערס און זייגערמאַכערס; די גרעסטע פאַכן זענען געווען שוסטערס און שניידערס און האָבן טאַקע אָנגעפירט די גרעסטע טעטיקייט.

דער לאָקאַל פון האַנטווערקער־פאַריין איז צו יענער צייט געווען ביי שרה פייגע בערמאַן און זיין ערשטער סעקרעטאַר איז געווען אבא דאַנילאָק.

דער אָרגאַניזאַטאָר פון די שניידער איז געווען אברהם ניסנבוים, דער בעס־טער שניידער אין שטאָט; ער פלעגט ווידמען פיל ענערגיע פאַר דער אַרבעט. זיין וויכטיקסטער ציל איז געווען צו פאַרקלענערן די קאָנקורענץ צווישן זיך. ער האָט פאַרלאַנגט איינצושטעלן קאַטעגאָריע־פּרייזן — אָבער קיין גרויס דערפאָלג פלעגט ער נישט האָבן. שפּעטער איז ער איבערגעפאָרן קיין בריסק און די שניידער בעלי־מלאכה׳ס אין ראַדזין האָבן פאַרלוירן איינעם פון די בעסטע אָרגאַניזאַטאָרן. דער פאַריין פלעגט אויך פאַרמיטלען ביי קאָנפליקטן, וועלכע פלעגן פאָרקומען צווישן די׳ טאַנדייטערס און די שניידער־כאַלופּניקעס.

מער מצליח געווען צו יענער צייט זענען די שוסטער. אין יאָר 1924 האָבן די שוסטער געגרינדעט אַ לעדער־קאָאָפּעראַטיוו, וואָס האָט פאַרקויפט די שוסטערס

לעדער און אנדערע מאטעריאלן צו זייער ארבעטס־געצייג. דאָס געוועלב האָט זיך געפונען אין מארק, אין צענטער פון שטאָט. בוכהאלטער איז געווען שמחה ליבפריינט. די ערשטע צייט זענען די געשעפטן אין קאָאָפעראטיוו גאנץ גוט גע־גאנגען; די סחורה פלעגט געברענגט ווערן פון ווארשע און דער אומזאץ פלעגט זיך כסדר פארגרעסערן. אָבער נאָך 3 יאָר עקזיסטענץ האָט זיך דער קאָאָפעראטיוו אויפגעלייזט, צוליב שלעכטע געשעפטן. די שוסטערס פלעגן אויך רופן פארזאמ־לונגען און באהאנדלען, ווי אזוי אָפצושאפן כאָטש טיילווייז די שארפע קאָנקורענץ — אָבער תמיד פלעגט זיך עס ענדיקן מיטן זעלבן...

ווען אבא דאנילאָק איז אוועק קיין מעזריטש (און שפעטער קיין אויסלאנד), האָט דעם סעקרעטאר־אמט איבערגענומען שמחה פעסט (היינט אין פוילן) און איצל גאָטעסדינער. אומגעפער אין יאָר 1925 איז דער האנטווערקער־פאריין אי־בערגעטראָגן געוואָרן אין הויז פון הערשל האנדעלסמאן, אין דעם שיינעם הויז, וואָס האנדעלסמאן האָט צו יענער צייט אָפגעקויפט ביי עקיבא רובינשטיין.

דער פאריין האָט זיך אויך פארנומען מיט קולטור־ארבעט. צווישן אנדערע, האָבן זיי געשאפן א דראמאטישן קרייז. דאָס ערשטע, וואָס זיי האָבן פאָרגע־שטעלט איז געווען דאָס פאָלקסטימלעכע שטיק „מכירת יוסף", וועלכעס איז גע־געבן געוואָרן פון אויסשליסלעך שוסטער.

עס איז אויך געשאפן געוואָרן א צווייטער דראמאטישער קרייז, וועלכער האָט ווערבירט אין שטאָט פעאיקע פרויען און מענער. דער רעזשיסער פון דעם קרייז איז געווען אברהם שוכמאכער (נאָכן אָפפאָרן פון איצל גאָטעסדינער קיין ארץ־ישראל, איז ער אויך געווען סעקרעטאר פון פאריין) און צו אים האָבן גע־הערט צווישן אנדערע דריי טעכטער פון הערשל האנדלעסמאן (פייגע, העני און איטע), וועלכע פלעגן שפילן זייער געשמאקפול. אויך האָבן אין אים אָנטיילגענר־מען מאיר מיגדאל, וועלוול ווישקאָווסקי און נאָך אנדערע. דער קרייז פלעגט אָפט אויך גאסטראָלירן אין די ארומיקע שטעטלעך און די איינקונפטן זענען געווידמעט געווען דעם האנטווערקער־פאריין.

אברהם שוכמאכער האָט אויך אנטוויקלט א פיבערהאפטע טעטיקייט פון פאריין. אין זיין צייט האָבן די האנטווערקער ארייגעפירט זייערס א פארטרעטער אין שטאָט־ראט, דאָס איז געווען מאָטל סמעטאנקע. ער פלעגט זיך פיל באמיען צו פארקלענערן די שטאָטישע שטייערן פון בעל־מלאכה. אויך אין די קרעדיט־באנק זענען זיי געווען פארטרעטן דורך יוסף אפעלויג. פאָרשטייער זענען אויך געווען אין די גמילות־חסד קאסע. אויך ביים באשטימען איינקונפטס־שטייער פלעגן זיצן בעל־מלאכה'ס; זיי פלעגן זאָגן זייער וואָרט ווענגן די האנטווערקער.

אין די לעצטע יאָרן האָט דער „בונד" געפרווט שאפן א סאָציאליסטישן

האנטווערקער־פאריין, אָבער די פרווון אָפצורייסן מיטגלידער פון אלטן האנט־ווערקער־פאריין זענען קנאַפּ־וואָס געלונגען. א חוץ געשווירענע בונדיסטן איז קיינער נישט אוועק — און דער בונדישער סאָציאַליסטישער האנטווערקער־פאריין איז פארבליבן בלויז א פיקציע.

נאָכן טויט פון אברהם שוכמאכער זענען געווען סעקרעטאַרן עקיבא ליכ־טענבערג און נאָך אים יצחק בוטמאנס א זון.

אזוי האָט דער יידישער בעל־מלאכה געפירט זיין טעטיקייט צוויי צענדליק יאָר; געקעמפט פאר זיינע פארשטייער אומעטום, געפירט א סאָציאַלע און קול־טורעלע ארבעט און געקעמפט פאר זיין קיום ביז די לעצטע מינוטן פון לעבן פון פוילישן יידנטום.

**דב קצנלבוגן** (תל־אביב)

# גמילות חסד

בוקר חורפי השתרע בשוק. שלגי הבדולח, המוסיפים לרדת, מדאיגים מאוד את רבי יצחק, בעל החנות לסידקית — מן השמים לוחמים נגדו; דווקא היום יורדים שלגים ביתר עוז. מי יודע, אם יבואו איכרים ביום כזה. ר׳ יצחק השכים קום היום והקדים בפתיחת חנותו. התפלל שחרית, שלא כדרכו, עם המניין הראשון, אשר מתפלליו הם פשוטי העם, סבלים, בעלי־מלאכה ועובדי מנסרה, היוצאים השכם לעבודתם — וגם הוא הצטרף היום למשכימים, כי הרבה עניינים דחופים עליו לסדר היום. ראשית, עליו לפרוע את השטר לבנק הפולני, כי זה כבר היום האחרון למועד. ויותר לא יוכל לדחות אצל הגוי — כי הרי לא הבנק הפולני כבנק היהודי; ושנית, יש להחזיר את מאת הזהובים ליעקב הנגר, יהודי צר מידות, קמצן וקפדן בענייני ממון, וכשקיבל ממנו גמילות חסד, דרש במפגיע להחזיר אותו היום; והיה ולא יעמוד בדבריו — ואין הלז מכבד את הבריות, ויהיה זה אפילו הגדול בתורה ויראת שמים — יהיה מאוד לא נעים לשמוע טרוניות מפי עם הארץ, אשר עלה לגדולה; וגדולתו היא כספו. וכן יש לתת לגובה המסים מטעם הרשות, אשר כבר מתרוצץ בשוק, למרות השעה המוקדמת; בלי ספק ייכנס גם אליו — ויש לתת לו לפחות מפרעה. אבל מניין לקחת את כל זה ביום אחד? וכאן דווקא סופת שלגים, ועגלות האיכרים, שהגיעו העירה, מעטות; גם מאלו איש אינו פונה לעבר חנותו. כבר עברו כשעתיים מאז פתח חנותו ועדיין פנוי הוא להירהוריו — ומניין יבוא עזרו?

עומד הוא בפתח החנות ומהרהר במצבו. יודע ר׳ יצחק את חשבונו, כי

הכול שבחנותו לא שלו הוא. ועל הכול רובצים חובות כבדים וקיומו הוא רק על קרדיטים והלוואות — ואם חס ושלום לא יצליח לשמור על שמו הטוב, אשר הוא בלבד כל הונו ואונו הנהו עכשיו, הרי יאבד האמון, שנותנים בו הבריות. ואז... רטט עובר בנפשו בפני סכנה זו ומפיו פורצת כעין אנחת תפילה: „אל תשמח את אויבי עלי ואל תביאני לידי בושה וכלימה ואל תצריכני לידי מתנת בשר ודם". ובהרהרו כך, נזכר הוא בתפילת הבוקר, כיצד הזדמן למניין לא לו וגם לא מבני מעמדו. כיצד כיבדוהו פשוטי עם אלה; מיד ביקשוהו לעבור לפני התיבה כשליח ציבור שלהם, אבל הוא ויתר, כי רצה להיות כאחד מהם; ובאמת, האם לא טוב להיות כאחד מהם ?... מאוד התרשם מאורח תפילותיהם. מעין תפילה אחרת כביכול מזו של המכובדים, היושבים ראשונה ליד הקיר המזרחי; החושבים את עצמם ליחסנים גם אצל הקדוש־ברוך־הוא ומביאים לבית ד' מחדוות השובע. ומתוך כך שוכחים לפעמים את ה„לפני מי אתה עומד", ותפילתם היא מעין פירעון שטר חוב, שהעשירים עושים ללא מאמצים. אבל האם אפשר להשוותה לתפילתם של בני דלת העם, אשר ראה הבוקר ? או, מה עז רצונו להיות כאחד מהם ולהמשיך כמעשיהם גם אחרי התפילה; ללכת למנסרה ולהעמיס על שכמו לוחות כבדים וביגיע כפיים להרוויח לחם צר, אבל בטוח. ותמונה מצטיירת בדימיונו, כיצד יושב הוא לעת ערבית בבית הכנסת בין פשוטי העם, חבריו לעבודה, וכיצד אירגן ביניהם חברת משניות והוא גם מלמדם תורה. אבל מיד נזכר בבנו הבכור, מנדלי, בחור עלוי, חריף־מוח ובקי בש"ס ופוסקים; וכי לא זכאי הוא בזכות תורתו לבת תלמיד־חכם ?.. וגם שתי בנותיו, נערות יפות־תואר, שהגיעו לפרקן גם הן — האם לבור ועם הארץ ישיאן ?.. וחוזר ר' יצחק מרעיונו הקודם ונאנח. למען אלה, למען אלה...

שקוע בהרהוריו מתעורר הוא פתאום לקול גברי עבה והיה זה איכר, שניצב בפתח חנותו. ר' יצחק שמח מאוד לקראתו ובאדיבות רבה מזמין אותו אל תוך חנותו ונותן לו את כל מבוקשו. התחיל מקח וממכר, בהתחלה קשה מצד האיכר, אבל מתקדם ומוסיף הוא על המחיר אחת ושתים וזה משביע את רצונו של ר' יצחק, עד שמוכן הוא כבר לגמור את המשא־ומתן. ורעיון מתעורר בו בר' יצחק — אין זה, כי אם אליהו הנביא, אשר בא לעת צרה בדמות איכר... אבל חיש מהר התאכזב, כשהאיכר אמר לקרוא לאשתו, להיוועץ בה קודם. הגוי מתחרט...

הזמן עובר ור' יצחק מתחיל להתעצבן; לו, לפחות, היתה כאן אשתו, כי אז יכול היה לצאת ולסובב בעיר ולמצוא איזה גמילות־חסד. הוא רוגז כמעט עליה, אשר דווקא היום איחרה לבוא, אבל מיד נזכר על מעשיה בבית. אף־על־פי שהיא עוזר כנגדו בפרנסה הקשה, צופייה היא גם הליכות בית בקפדנות. וזכרונות העבר הרחוק עוברים לפניו. הנה נזכר הוא ביום כלולותיהם, כאילו היה זה רק אתמול. רעיתו בת־טובים ובת עשירים היתה וכבת יחידה גם מפונקת על ידי

הוריה ומאז באה לביתו, טרם ראתה חיי רווחה. ובכל זאת אינה מתלוננת אף פעם, כי אם עושה במלאכתה בבית ובחנות; בשקט ובעקשנות בתוך מחסור; מאזנת היא, מעשי פלאים, את צורכי הבית למען לא ייגרע כבוד המשפחה. והוא, בעת מצוקה, גוער בה לפעמים... חרטה תוקפת את כל ישותו, עד כדי השפלת עיניים בפני עצמו, וחוזר ומזקף קומתו ונושא את עיניו למרחקים, והנה מאחת הסמטות מופיעה דמות אשתו. מרחוק הבחין בה בצעיף הצבעוני אשר למותניה, מעשי ידיה, אשר רקמה לעצמה בימים שבין האירוסין והנישואין. ועדיין צורתה נשמרת, למרות שכבר עברו עליה כל"ג שנה. צועדת היא במתינות, אבל ללא רשלנות. שערותיה סרוקות בדייקנות, נעליה מצוחצחות וכולה אומרת כבוד. אפילו הסל שבידה, פרי עבודתה של ערבי החורף, מוסיף להדרתה. אבל לא לשם נוי היא מחזיקה בו, כי אם בכדי לערוך את קניותיה בשובה לעת ערב, להביא טרף לביתה. היא מתקרבת ובאה עד פתח החנות, שולפת ידה אל המזוזה ומנשקה ונכנסת פנימה בברכת בוקר־טוב. ר' יצחק מתלהב מכל הליכותיה, כאילו ראה אותה לראשונה ומפנה את פניו, לבל תרגיש בהתרגשותו כי רבה, ובלי להסתכל בה מודיע הוא במהירות: „טוב כי באת; עלי לצאת באופן דחוף העירה" — ונעלם תוך כדי דיבור.

בהימצאו ברחוב מנער הוא מעצמו את הרהוריו ומחשבותיו, כי עכשיו מתחילה העבודה היומיומית שלו, לחזור ולמצוא מקורות חדשים להלוואה, לצורכי היום הדחופים. הזמן חולף מהר ועד סגירת הבנקים נשארו כשעתיים בלבד. אין להסתכן עוד ור' יצחק מחליט, כי יש לפנות לרבקה. רבקה זו, אם גם אין לה, לא תשקוט ותטריח עצמה אצל שכנים ומכירים, עד אשר תמציא לו את מבוקשו, אבל לא נעים להטריח אותה עד כדי כך, לכן זו היא לו הכתובת האחרונה וכעין מנת הברזל שלו.



בשוק השני על יד חנותו של שלום פינקוס התגורר תופר בגדים מוכנים, משה אבמן שמו. פרנסתו היתה על נסיעות לימי השוק לסביבה הקרובה והרחוקה, כדי למכור בגדים, ובין יהיה ליריד יושב היה בביתו ותופר ומכין בגדים, למען יהיה לאיכרים הגויים מה ללבוש. אשתו רבקה, מלבד היותה עקרת בית ככל אישה, היתה גם עוזרת לבעלה במלאכתו, כגון תפירת כפתורים, רקימת לולאות מגהצת וגומרת מלאכת ידי בעלה. נוסף על כל אלה היתה גם המנהלת הפיננסית של העסק, היתה מרכזת את הכספים הדרושים בעת צורך נסיעה לוורשה, למען קניית אריגים ודואגת לפירעון שטרותיהם בזמן. אך לא רק לשטרות־חוב שלה דואגת רבקה, אלא בקיאה היא ויודעת את זמן פירעונם של שטרות מכיריה וידידיה ושל כל הפונים אליה. וככל שהורע המצב וכבד הזמן, כן רבו ידידיה; ובמרוצת הימים היו בין באי ביתה לא רק נשים בני מעמדה, אלא גם גברים

ומכובדים דווקא, יהודים יודעי ספר ובעלים בעמם מתמול שלשום. אלא, גישתם של האחרונים היתה שונה; נהגו להיכנס אליה לא דרך הדלת הראשית, כי אם בדלת האחורית, לבל ייראו על יד שוליות החייטים, כי הרי לא מדרך הטבע לנהל משא־ומתן עם אישה. היו פותחים את דלתה ואומרים: „בוקר־טוב רבקה" — ותו לא. ורבקה מקדימה לקראתם: „טוב, טוב ר' יצחק, ר' יוסף וכו', אני באה מיד"...

האיש היה מברכה לשלום ופונה לדרכו בביטחון, שרבקה בוא תבוא לחנותו וגמילת־חסד בידה. וברגעים כאלה היתה רבקה לזריזה מאוד. בתנועת־יד אחת היתה עוטה את עצמה בצעיף צמר כבד, פאטשיילה בלע"ז, והנה היא בחוץ. ולפעמים היתה מחזירה את ראשה דרך פתח הדלת ופונה לבעלה: „משה, השארתי את הבשר על הכיריים, תשגיח לבל יישרף, תבחש בו מפעם לפעם..." „טוב" — היה עונה משה בלעג של טוב־לב — „אהיה לעקרת בית". — „אין לי זמן אליך" — היתה תשובתה נמרצת — „תבחש את הבשר ותו לא, השמעת?" — „שמעתי, שמעתי". ובכל עת שאשתו יוצאת לשליחות מצווה מעין זו, היה משה נאלץ להפסיק עבודתו ולהסתכל אחריה ואי שם עמוק נוקף משהו, שאינו יודע משמעותו. הוא הכיר את מקומו בעולם על־יד שולחן עבודתו ואת הדרך מהבית אל חברת „מקרא", בית כנסת של החייטים, אליו היה הולך פעמיים ביום. שאר העניינים והדאגות, כגון קניות והלוואות, שטרות ואפילו כסף ממש היה משאיר בידי אשתו, כי אין כמוה בעניינים המסובכים האלה. ולא די לה בדאגר תיה היא, והנה גם בשביל אחרים היא טורחת וגם אנשי שם פונים אל אשתו. אך חיש מהר מתעורר משה מהרהוריו וממשיך בעבודתו, מתגאה ומתברך בלבו על אשתו הטובה ומתוך התרגשות מתחיל לזמזם לעצמו ניגון בקול דממה דקה, במשכו בחוט ומחט.

בסובבה בעיר למען הזולת, לא תדע רבקה קושי מהו ובלבד שלא תשוב הביתה, עד אשר תשיג מבוקשה. כי היא לא תשיב ריקם את כל הבוטחים בה. נכנסת היא לכל מקום ובשעת הכרח מבטיחה היא להחזיר אחרי יום ואחרי חצי יום — ואפילו לשעתיים בלבד לא תהסס ללוות. והבטחותיה של רבקה, מוניטין יצאו להן בכל מקום. במקרים אלה פועלת היא במשנה מרץ וכחץ מקשת ממהרת היא למסור את שללה לדורשיו, כדי שהלה יספיק לבנק, נושמת לרווחה לרגע קט וחוזרת למצוא מקורות חדשים; כשעתיים נוספו לה כדי לעמוד בדיבוריה.

והפעם היה ר' יצחק מאלה, אשר שם את פעמיו אל רבקה. כיאה לאיש כמוהו נכנס בדלת האחורית, מסר את הודעתו וחזר על עקבותיו לעבר חנותו. עכשיו הולך הוא בצעדים מתונים, מרוגע, אך בלתי מסופק, כאילו לא הצליח היום במשימתו. הרגשתו היא כלוקח מהמוכן, אותה ההרגשה, אשר היתה תוקפת

אותו, עת שהיה גורע בשעת הדחק לצורכי שבת מחסכונותיה של בתו התופרת המיועדים לתכלית...

מתקרב ובא הוא אל חנותו ושרה אשתו, המיטיבה לדעת עסקיו וכל תלאותיו, בראותה פניו כי שקטים הם, מרשה לעצמה לשאול מהנשמע. „הייתי אצל רבקה" — עונה הוא בהנמכת קולו. ואין היא זקוקה להסברות נוספות. בודק הוא את מצב הקופה — מה נכנס בזמן העדרו? — ומוצאה דלה. עכשיו ידועה לשניהם, למה הם מחכים, תשועתם היא על רבקה כי תבוא. בהסתר מעיני אשתו מוציא ר' יצחק את שעון הכיס אשר לו, מציץ במהירות — השעה קצרה למדי. והיה חס ושלום... — אבל לא ייתכן, רבקה לעולם לא תכזיב. מעודד הוא את עצמו. ורבקה מופיעה בריצה, ובנשימה עצורה הוא מושיטה את כספה...

ציפע ראָזנפעלד (נס־ציונה, ישראל)

## גרינדונגס פאַרזאַמלונג פון די פועלי־ציון

זומער 1917, א שבת נאָך מיטאָג, גייענדיק מיט פריידע רייכנבערג אויף דער אָסטראָוויעצקער גאַס, איז צו אונז צוגעקומען שמואל פאלשפאן מיט נאָך איינעם — כ׳געדענק שוין נישט איצט, ווער דאָס איז געווען — און געגעבן מיר אַ בראָשורקע: „אינהאַלט פון באַראָכאָוו־פּראָגראַם", און דערביי רופן זיי אונז אויף אַ פאַרזאַמלונג דעם קומענדן פרייטיק.

די דייטשן זענען נאָך דאַן פעסט געזעסן אין פוילן און מען האָט נאָר געקאָנט גיין אין גאַס ביז 9 אַזייגער אין אָוונט. די אָרגאַניזאַטאָרן האָבן אָבער ריזיקירט און געמאַכט די פאַרזאַמלונג אין אָוונט — פאַרשטייט זיך, אומלעגאַל — ביי חייטשע די באַרוועראַנס, און דווקא נעבן דער דייטשער קאָמענדאַנטור (די קאָמענדאַנטור איז דאַן געווען אין מאַלי־חוה׳ס הויז).

ווען מיר זענען געקומען פרייטיק־צו־נאַכטס צו דער פאַרזאַמלונג, האָבן מיר דאָרט שוין געטראָפן פיל פון ראַדזינער יוגנט. פון זיי געדענק איך: שמעון בערמאַן, חנינא געלערמאַנס שוואָגער, שרה זוסמאַנס פּאָטער, משה קאַפּטשאַק, וויינגאַרטן, חיים בער שפיגל, חיאל גאָלדוואַסער, צווי ברידער פינקלשטיין, לאה בערמאַן, טויבטשע ריכטער און נאָך אַ סך אַנדערע. צו דער פאַרזאַמלונג איז דאַן אַראָפּגעקומען אַ רעדנער פון לובלין; ער האָט אונז אַלעמען באַגייסטערט מיט זיינע רייד.

ס׳איז אָבער געשען אַן אויסערגעוויינלעכער פאַל. די דייטשן האָבן זיך, ווייזט אויס, דערוווּסט פון דעם גאַנצן ענין און אין מיטן פון דער רעדע האָבן

זיי אונז ארומגערינגלט — און חברה האבן גענומען לויפן... איך מיט פריידן האבן מיר דאן געמוזט לויפן ביז דער ווארשעווער גאס — פון איין עק שטאט ביז דעם צווייטן — און דא טאר מען נישט גיין נאך 9 אזייגער... מיר זענען דאן אלט־געווען סך־הכל 16־17 יאר און דער פחד איז געווען זייער גרויס... מיר זענען דאן געלאפן דורך אלע בית ־ המדרש גערטנער ביז מיר זענען דאן ענדלעך אהיימגעקומען נישט טויט נישט לעבעדיק. שבת אין דער פרי האב איך שוין געהערט, אז די ראדזינער חברים זענען זיך אלע צעלאפן און געכאפט האט מען נאר דעם לובלינער חבר; ארעסטירט אים און צוריק־געשיקט קיין לובלין...

זונטיק אין דער פרי קומט צו מיר צולויפן לאה בערמאן און איז מודיע, אז מיר זאלן זיך ערגעץ באהאלטן, ווייל מ׳זוכט ביי אלע חברים. כ׳געדענק, אז איך און פריידע האבן מיר זיך אנגעטאן מיטלער אויף די קעפ ווי גויעס — מ׳זאל אונז נישט דערקענען — און אוועק צו אונז אין גארטן און געפיילעט א גאנצן טאג...

דאס איז געווען דער אנפאנג פון די פועלי־ציון־פארטיי אין ראדזין. נאכדעם האבן מיר אנגעהויבן צו ווערבירן מיטגלידער, און אונזערע פארזאמלונגען געמאכט יעדעס מאל אויף אן אנדער ארט.

ווען די דייטשן האבן אין 1918 יאר אפגעטרעטן פון פוילן און די פארטיי איז געווארן לעגאל — איז אונזער ערשטער לאקאל געווען ביי נחום גאלדפארב. פון יענער צייט געדענק איך א פאקט, אז ווען איינער, א געוויסער חבר טאר־באטשניק איז ארויסגעטראגן געווארן — כמו ווארשע, ווייט אויס — האבן אים די בונדיסטן באגעגנט מיט שטעקנס...



לעאן ראכלים
מן המורים הראשונים והוותיקים של בית הספר העברי וממנהיגי „פועלי־ציון”.
לאנג־יאריקער לערער אין דער יידישער שולע און פירער פון „פועלי־ציון”.

אין דער פארטיי זענען דעמאלט אנטשטאנען פארשידענע קאמיסיעס, ווי קולטור־קאמיסיע, טעכנישע קאמיסיעס א.א.וו. שמעון בערמאן, לעאן ראכלים (פון ראוונע, א לערער אין דער יידישער שולע) און שלמה מושקאט, זענען געווען אין דער קולטור־קאמיסיע; חיים בער שפיגל, חיאל גאלדוואסער, הערשל

צוקערבלאט — אין דער טעכנישער קאָמיסיע.

ווען ס׳זענען אָנגעקומען אין פוילן די ערשטע סיים־וואלן, האָט זיך גע־נומען באוועגן אויף דער יידישער גאס. ס׳זענען דאן געווען דריי יידישע ליסטעס, 2 ארבעטער־ליסטעס און דער אלגעמיינער בלאָק, א פאראייניקטע ליסטע פון אלע בירגערלעכע פארטייען. מיר האָבן דאן געהאט א שווערן קאמף מיטן „בונד״ אין ראדזין און איבערן גאנצן לאנד. טראָץ דעם האָבן די פועלי־ציון אין פוילן דורכגעפירט דאן אן אייגענעם דעפוטאט — דעם ד״ר יצחק שיפער.

איך דערמאָן זיך איצט אין דעם רעדנער, וועלכן מיר האָבן אראָפגע־ברענגט קיין ראדזין פאר די וואלן — שורעק האָט ער געהייסן; ער האָט דאן גערעדט, ווי געוויינלעך ביי גרויסע מיטינגען, אין בית המדרש און געמאכט א גרויסן רושם אויפן עולם. נאָך זיין רעדע אין ראדזין איז ער קראנק געוואָרן און געשטאָרבן (אין ווארשע); שלמה צוקער האָט דאן פארפאסט א ליד וועגן אים און גאנץ ראדזין האָט עס געקלונגען...



קבוצת „פועלי־ציון״ — א גרופע „פועלי־ציון״

שפרינצע גאָטעסדינער (תל־אביב)

# פועלי־ציון אין ראדזין

די פאקטישע געשיכטע פון די „פועלי־ציון" אין ראדזין הויבט זיך אָן נאָך אין 1916 — נאָך פאר דער שפאלטונג אויף רעכטס און אויף לינקס. צו יענער צייט האָבן שוין פועלי־ציון געהאַט אַן „ארבעטער־היים", ווו פארטיי־חברים און סתם ארבעטער האָבן זיך צוזאמענגעטראָפן און באהאנדלט און דיס־קוטירט איבער פארשידענע פראָבלעמען. זיי האָבן אויך דאָרט געעפנט אָוונט־קורסן פאר דערוואקסענע, ווו א פועלי־ציון־חבר (דאָס איז געווען לעאָן ראבליס) איז געווען לערער.

אין 1926 בין איך שוין געווען אַן אקטיווע חברטע אין דער יוגנט־באוועגונג. מיט דער פארטיי האָבן דעמאָלט אָנגעפירט שלמה מושקאַט און אנדערע. די יוגנט־אָרגאניזאציע האָט דאַן געגרינדעט די אזוי־גערופענע „באָראָכאָוו־גרופן" — נאָך א מער יינגערע שיכטע. צוזאמען מיט עלטערע חברים האָבן מיר אָנגעפירט א פארצווייגטע אויפקלערונגס־ארבעט. די ראדזינער חברים האָבן אויך געהאָלפן אויפשטעלן די פארטיי־אָרגאניזאציעס אין די ארומיקע קלענערע שטעטלעך. מיר פלעגן אויך אראָפברענגען פון דער צענטראלע אין ווארשע פארשידענע רעפערענטן, וועלכע פלעגן רעפערירן איבער פארשידענע טעמעס — ליטעראריש־וויסנשאפטלעכע און דער עיקר פּאָליטישע.

פועלי־ציון האָבן זיך אקטיוו באטייליקט אין דער יידישער שול־אָרגאַניזאציע און געעפנט, צוזאמען מיטן „בונד", די יידישע שול אין הויז פון לאה'לע קליינמאַן.

גאָר אקטיוו האָבן מיר זיך באטייליקט אין די פארשידענע וואל־קאמפאַניעס, וואָס זענען פאָרגעקומען צו יענער צייט — מוניציפאַלע און פארלאמענט־וואלן. אין אונזערע דיסקוסיעס האָבן מיר זיך נישט איינמאָל צונויפגעשטויסן מיט אונזערע קעגנער, ווי מיטן „בונד", קאָמוניסטן און ציוניסטן פון רעכטס. מיר פלעגן הייס דיסקוסירן, הגם אונזער פּראָגראם איז געווען א קאָמפליצירטער (ווי האָט באָראָכאָוו געזאָגט ? — כדי צו זיין א פועלי־ציוניסט דארף מען זיין א האלבער פילאָזאָף...) ; מיר האָבן באוויזן צו באלויכטן אים ווי געהעריק.

יאָ, אלע פראגן, וועלכע זענען אין משך פון דער צייט געלייזט געוואָרן פון לעבן און זענען היינט אויס צו זיין זייער פארשטענדלעכע און געוויינלעכע — זענען צו יענער צייט געווען פארפלאָנטערט און שווער...

פועלי־ציון זענען ווירדיק געשטאנען אויף זייער פּאָסטן — דער פּאָסטן פון דער ציוניסטישער ארבעטער־באוועגונג.

**אבא דאנילאק** (טאָראָנטאָ)

# גאַטלאַקעס

## 1. דוד פישלס (ליכטנשטיין)

צווישן די גרויע, מיט מאָך־באוואָקסענע הייזלעך, האָט זיך גאוה'דיק אויסגעשטיילט א רחבות'דיק־גרויסע ווייסע מויער, צעלייגנדיק זיך מיט פארנעם איבערן האלבן מארק. פון אינדערפרי ביז שפעט אין דער נאַכט האָט זיך דער קלינג־קלאנג פון אייזן און בראַזג פון מעטאלן געטראָגן פון דאָרט, צעריסן די לופט און אָפּגעקלונגען מיט אן עכאָ, וועלכער האָט זיך פארלאָרן ווייט, ווייט אונטער די בוימער און פעלדער. א גאנצע רייע געמויערטע טרעפּ האָבן געפירט אויבן ארויף צום ארייַנגאנג. פון ביידע זייטן טרעפּ האָבן זיך, ווי אייזערנע ספינקסן, ארויפגעהויבן ריזיקע קאָוואדלעס, אויף וועלכע מ'האָט דאָס אייזן געהאקט און געשפּאָלטן. דער איבערפלוס פון עשירות־אָנגעפּראָפּטן אייזן־ און בוי־מאטעריאלן האָט ממש פארכאפּט דאָס אויג פון די דורכגייענדיקע, פּרנסה־פארדאגה'טע יידן. מיט גרויס דרך־ארץ און שטוינען אריבערגעוואָרפן א בליק אהין און מיט שפלות צו זיך אליין שנעל אוועק צום צווייטן זייט מארק. דאָס איז געווען דאָס איינציקע געוועלב אין שטאָט, ווו באַבערדלטע יידן־משרתים האָבן די קונים באדינט. פון גרויס דרך־ארץ און פריצישע חשיבות, האָבן די פּויערים, אריינקומענדיק, די היטלען מיט הכנעה געצויגן און ווי דערשראָקענע קוים פון מויל זייער פּוילישן גוט־מאָרגן ארויסגעוואָרפן. אָפט זענען גרויסע וועגענער, פּריצישע פאָרנאלעס, צום געשעפט פארפאָרן און אָנגעלאָדענע מיט סטויגן אייזן און אנדערע מאטעריאלן, זיך געלאָזט צוריק צו די פריצישע גיטער אינעם ארומיקן געגנט. יידישע קונים האָבן זיך געפילט נישט היימיש דאָרטן און אָפט אויסגעמיטן דאָס הורט־געשעפט. די משרתים, וועלכע האלטן אין איין לויפן ארויף און אראָפּ אין האוועניש און אין געפילדער, האָבן פון דער זייט צוגעוואָרפן בייזע בליקן צו די יידישע גראָשנדיקע קונים, וואָס פּלאָנטערן זיך בחנם אונטער די פיס. מיט דער ירושה'דיקער עשירות האָט פארוואלטעט דער עלטסטער זון פון די גאָטלאקעס, דוד פישעלס. אליין באשאָנקען מיט אן אויסער־געוויינלעכן אונטערנעמונגס־גייסט און שפּרודלענדיק מיט א קוואל פון אום־דערשעפּלעכער ענערגיע האָט ער דאָס רייכטום נישט נאָר אונטערגעהאלטן, נאָר אויך פארפילפאכט. אין זיין דראנג נאָך מאטעריעלער עשירות, האָט ער אויך אויפגעכאפּט דעם רוף פון דער צייט. ער האָט זיך באמיט אריבערברענגען אנדערע צווייגן פון מאָדערנער אינדוסטריע. די פּריצים, ווי אויך די פּויערים,

האָט ער באַזאָרגט מיט אַלע טעכנישע איינריכטונגען און מאָדערנע מאַשינען פון דער נייעסטער דערפינדונג. אַזוי אַרום האָט ער פּיאָנעריש פאַרשפּרייט ציוויליזאַציע אינעם געגנט און גענצלעך געענדערט דעם אַלטן שטייגער־לעבן אין דער שטאָט ווי אינעם דאָרף.

זיין קרוינונגס־אויפטו, אָבער, וועלכער האָט געפאָדערט פיל איניציאַטיוו און אינדוסטריעלער שווונג, איז געווען דאָס איינפירן עלעקטריע. דער לעצטער אַקט האָט כמעט אינגאַנצן געענדערט דאָס אויסזען פון דער שטאָט און געגנט. דאָס האָט נאָך מער אויפגעהויבן זיין חשיבות אין די אויגן פון די איינוווינער און צוזאַמען מיט זיין אומגעהויערע נאַטור איז אויך געוואַקסן זיין פּרעסטיזש און אָנערקענונג ברייט און ווייט.

אַליין נישט קיין גרויסער תלמיד־חכם, האָט אים לערנען נישט אימפּאָנירט. מיט בטול האָט ער באַטראַכט די תורה־[illegible] ייִדן אין געפילט זיך נענטער צו די [illegible] און פּראָסטער האַלטונג האָט ער [illegible] איז געווען פון זייער זשאַנער, [illegible] פאָלקסטימלעכע וויצן האָבן [illegible] און דערפאַר אים פאַררעגט ווי זייער [illegible] שטורמישע אויסברוכן פון [illegible] די, וועלכע זענען געקומען [illegible]

דאָס [illegible] רעפאָרמירט. די אייב־[illegible] רפן אין מאָדערניזירט זיי, [illegible] ירושה׳דיקער תקיפות אין [illegible] בייגעשטאַנען נישט נכשל צו ווערן אין דער נייער [illegible] אָרדענונג. אין מיטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געגרינדעט אַ מאָדערנע, עלעמענטאַרע ייִדישע־העברע־אישע שולע; דאָרט האָבן ייִדישע קינדער תורה געלערנט און אויך וועלטלעכע למודים באַקומען. זיין פּראַקטישער, סוחרישער חוש, מער פון זיין אינטעליגענץ, האָט אים באַוויגן צו שאַפן אַזאַ אינסטיטוציע. צו דעם צוועק האָט ער זיינס אַ הויז איבערגעגעבן. אָנשטאָט מלמדים האָט ער דערפאַרענע מאָדערנע לערער איינגעלאַדן און זיך באַמיט מיט אַלע כחות די שולע צו פאַרבעסערן און פאַר־שענערן. מיטן איינפירן דעם נייעם שול־סיסטעם האָט ער איבערגעריסן מיטן איינגעשטעלטן דרך אינעם ייִדישן חנוך פון הונדערטער יאָרן. אַזוי אַרום האָט ער צוגעגרייט דעם באָדן פאַר אַ נייער גענעראַציע פון אַ באַוווסטזיניקע נאָ־

ציאנאלע יוגנט. זיי, דורכגעדרונגען מיטן חלוצישן גייסט פון ציון האבן זיי עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

## 2. יהושע ליכטנשטיין

זיין ברודער יהושע, דאקעגן, האט אין זיך פארקערפערט דעם יידישן משכיל. זיינע אידעאלע געזיכט־שטריכטן מיט די גאלדענע ברילן אויף דער נאז און קורץ־אונטערגעשוירענעם בערדל האבן עדות געזאגט אויף דער איינגע־זאפטער השכלה און וועלטלעך וויסן.



יהושע ליכטנשטיין

עסקן תרבות מובהק. מייסד הספרייה היהודית. לאנגיאריקער קולטור־טוער. גרינ־דער פון דער יידישער ביבליאטעק.

מיטן בויג פון צוואנציקסטן יארהונדערט האבן אנגעהויבן אנקומען אין די פארווארפנסטע שטעטלעך אין פוילן עפעס משונה׳דיקע ידיעות וועגן א ציוניסטישער באוועגונג אין דער יידישער גרויסער וועלט. יידן האבן געהויבן מיט די פלייצעס, נישט פארשטאנען דעם באדייט פון די משונה׳דיקע קלאנגען, וועגן איינעם א ד״ר הערצל, וואס דרייט זיך אין די מלוכה׳שע הויפן און וויל ברענגען די גאולה פאר משיחן. פרומע יידן האבן זיך גלייך אפגעשאקלט, ווייסנדיק וואס, האבן זיי געטענה׳ט, א צווייטער שבתי־צבי׳ניק! און דריי מאל אויסגעשפיגן... דאקעגן די רייכע באלעבאטישע קעסט־קינדער, וועלכע זענען־

געוועזן געכאפט אויף דער מעשה, האָבן זיך שטארק איינגעשטעלט פאר דער אידייע און געזוכט אָנהענגער צווישן עמך־יידן. אזוי ארום האָט זיך געשאפן אן ענגער קרייז פון אויפגעקלערטע יונגעלייט, וועלכע האָבן מיט דער הילף פון מענדל מוכר־ספרים׳ניק אויסגעשריבן העברעאישע זשורנאלן און ביכער. דאָס איז געוועזן די ערשטע השכלה־ליטעראטור, וואָס האָט זיך באוויזן אין שטאָט און געוואנדערט פון האנט צו האנט. דער הויפט־איניציאטאָר פון דעם קרייז איז געוועזן יהושע ליכטענשטיין. ער האָט זיך אָבער געשטעלט א פיל־העכערע אויפגאבע אין לעבן — און דאָס, צו פארשפרייטן וויסנשאפט צווישן די אָפּגע־שטאַנענע יידישע יוגנט. ער האָט איינגעזאמלט די פאסנדע ביכער און ביי זיך אין הויז געעפנט א ליי־ביבליאָטעק. אזוי איז מיט דער צייט צו די בתי־מדרשים, אָנגעהויפטע מיט ספרים, צענטערס וואָס האָבן געשפייזט דורות־לאנג די יידישע יוגנט מיט רעליגיעזן וויסן, צוגעקומען א נייער קולטור־צענטער אין שטאָט. ער האָט דאָס געעפנט די אויגן פון דער יוגנט אין דער וועלט אריין און געררייצט ביי זיי דעם נייגער צו בילדונג און וויסנשאפט. פרומע טאטעס האָבן געקעמפט מיט ציין און נעגל קעגן דער טרפה־פסול פלאָג. אָפטמאָל דעם בוך ביים זון אָדער טאָכטער פון האנט ארויסגעריסן און אין פייער געוואָרפן. יידן האָבן געמאכט אסיפות יהושע׳ן, דעם ירבעם־בן־נבט, וואָס רייסט אוועק זייערע קינדער



אסתר פינקלשטיין
(ליכטנשטיין)
מנהלת הספרייה היהודית במשך עשרות שנים.
קולטור־טוערין; לאנגיאָריקע ליי־טערין פון דער יידישער ביבליאָ־טעק.

פון תורה און יידישקייט, פאר׳סמ׳ט זייערע נשמות פון אפיקורסות און געדראָט מיט חרם. ער האָט אָבער, פונקט ווי זיין ברודער, גע׳ירש׳נט דאָס זעלבע תקי־פות: זיך נישט אָפּגעשראָקן און פאָרגעזעצט זיין קאמף מיט די פאנאטישע און

אומוויסנדע קנאים. שפעטער א ביסל האָט זיין ארבעט איבערגענומען זיין פלע־מיעניצע, דוד׳ס טאָכטער, אסתר. מיט באזונדער אייפער האָט זי זיך אין דער ארבעט אריינגעוואָרפן און די ביבליאָטעק אין איר הויז איינגעאָרדנט. א דאנק איר מי און ענערגיע איז דער קולטור־צענטער זיך צעוואקסן אין כמות און אין איכות. א נייער דור פון א באוווסטזיניקע, קולטורעלע יוגנט איז אויפגעוואקסן. און פאר דעם דאָזיקן דור איז די ראדזינער אטמאָספער צו ענג געוואָרן צו אָטעמען. באהויכט פונעם דראנג נאָך וויסן, האָבן זיך די וווילקענער גערייסן אין די גרעסערע צענטערן, ווו זיי האָבן באררייכערט זייער בילדונג און קולטורעלן באגאזש. אנדערע האָבן סתם זיך אין דער וועלט ארייין געלאָזט, אום צו קאָנען זיך אויסלעבן ווי פרייע מענטשן אין א פרייע וועלט.

## 3. שמעון קליינבוים

דער דריטער זאל אין דער משפחה, וועלכער האָט נישט ווייניק בייגע־שטייערט צום קולטורעלן אויפשוווּנג פון דער יוגנט אין שטאָט, איז געווען זייער שוואָגער שמעון קליינבוים; ער איז דאָס געווען דער רואה־חשבון אינעם ירושה־געשעפט.

אונטערן קאנטאָר, געבויט אויף א הויכן פאָדיום, איז ער זיך געמיטלעך געזעסן מיט א ליבלעכן ווייכן בליק, מיטן פעדער אונטערן אויער און פארוואָרפן מיט פאפירן און ביכער פון פארשידענע קאָלירן, האָט ער זיך גע׳מח׳ט מיט ציפערן. אויבן־אויף האָט מען גלייך דערקענט, אז דאָס איז זיין געביט, ווו ער באלעבאטעוועט איינער אליין. זיין שוואָגער דוד האָט זיך אין דעם לאבירינט פון ציפערן פארלאָרן און דערפאר איבערגעלאָזט די רעכן־קונסט צו שמעון דעם אריסטאָקראט. געקומען פון דערהיים מיט א גאנצן באגאזש פון גויאישע תורה און נישט ווייניק יידיש וויסן, האָט שמעון באלד זיין בכבודיק אָרט אין דער אריסטאָקראטישער משפחה פארנומען. זיינע מאניערן און האלטונג האָבן ווי א מחיצה אָפּגעטיילט אים פונעם עמך־ייד. אין גאס האָט ער געשפרייזט ווי א פרעמדער צווישן פרעמדע. נישט קוקנדיק אויף זיין אָנגעשטייפטער קאלטער האלטונג, איז זיין הארץ אָפן געווען פאר יידישן צער און צרות. מיט זיין גראדן שׂכל און אויסשפּראך האָט ער נושא־חן געווען ביי דער ממשלה אין שטאָט און דאָס האָט ער אויסגענוצט צו טובות פאר יחידים, ווי אויך פאר מילדערן די גויאישע איינשטעלונג לגבי דעם כלל־יידן אין שטאָט. כדי צו פארגרינגערן די ביטערע מערכה פונעם קליין־הענדלער אָדער פונעם בעל־מלאכה אין שטאָט, האָט ער פיל בייגעטראָגן צו דער גרינדונג פון א לייי־ און שפּאָר־קאסע. ווי אן

אמתער עוסק־בצבור האט ער זיך אין דער ארבעט ארייגעווארפן מיט לייב און לעבן. פיל יארן אורעקגעגעבן זיין צייט, ענערגיע און וויסן כדי אויפצוהאלטן די וויכטיקע אינסטיטוציע. צווישןביידע וועלט־מלחמות איז ער געווען דער פארנעמסטער און אנערקענסטער חשובער פירער אין שטאט.

נחמן מייזיל (ניו־יארק)

# נתן שוואלבע *)

## (א פאר שטריכן צו זיין געשטאלט)

נתן שוואלבע איז געווען פון די ערשטע און וויכטיקסטע יידישע און יידיש־פוילישע זשורנאליסטן, וואס האט פון אנהויב אן זיך ספעציאליזירט אויף איין געביט, איין פאך. ער איז געווען דער זשורנאליסט מיט א וואך אויג און מיט אן אנגעשטרענגטן אויער בלויז און דורכאויס צו פאליטישע פראגן און פראבלעמען, וואס ער האט גוט געקענט און שטענדיק געפארשט און שטודירט. און אלץ — דורכאויס פון דעם ערשטשן קוואל. ער איז פון זיינע יונגע יארן, נאכן ענדיקן די רעאל־שול אין ווארשע און שטודירן אין קראקאווער אוניווערסיטעט, געווען ארייגעצויגן אין אנגעזעענע, פאראנטווארטלעכע פויליש־יידישע צייטונגען, און שוין גענומען אויספירן גאר וויכטיקע זשורנאליסטישע פליכטן און שליחותן און מיט דער גארער פאראנטווארטלעכקייט פאר דעם יידישן פאליטיש־געזעלשאפטלעכן לעבן, וואס אין פוילן האט עס געהאט פון אלע זייטן געגוג נישט־פארגינער, אפענע און באהאלטענע פיינט, וואס האבן נאכגעקוקט און נאכגעזוכט עפעס א פלעק, עפעס א סרחא, עפעס א שוואכן פונקט, וואס מען זאל קאנען עס אויסנוצן פאר נישטיקע, געמיינע בלבולים און אנפאלן ק... יידן און יידישער פאליטיק...

ער האט אנגעהויבן זיין זשורנאליסטישע טעטיקייט נאך אין 1913, די צייט פארן ערשטן וועלט־קריג, ווען די יידיש־פוילישע באציאונגען זענען געווען מורא׳דיק פארשארפט און פארשפיצט, און ער איז געשטאנען ביי וויכטיקע יידיש־פוילישע און אויך יידישע גרויסע צייטונגען בעת דער דייטשער אקופאציע און אזוי אלע וויטערדיקע יארן ביז 1938. ער איז געווען א וויכטיקער מיטארבעטער פון דער יידיש־פוילישער און אויך יארנלאנג גלייכצייטיק אין דער יידישער פרעסע, פאר אויסלענדישער פאליטיק, און אויך זייער רעפרעזענ־

*) אויסצוגן פון א גרעסערן ארטיקל.

טאַטיווער פּאַרשטייער אין דעם פּוילישן סיים, וואָס איז געווען אַלע יאָרן אַ קאַמף־אַרענע פאַר פּוילישע און פּויליש־יידישע פּראָבלעמען און אינטערעסן. ער איז אויך געווען דער ספּעציעלער שליח פון די צייטונגען אויף די זיצונגען פון דעם פעלקער־בונד אין זשענעווע, ווו ער האָט אויפגענומען אַלע פראַגן, וואָס זענען דאָרטן אויפגעהויבן און באַהאַנדלט געוואָרן, און עס דערנאָך אויף אַ קאָרעקטן, זאַכלעכן, פאַרנונפטיקן שטייגער, אָן שרייבערישע פליטערלעך, אָן זשורנאַליסטישע טריקן, איבערגעגעבן דעם עולם.

און זיכער וואָלט אַזאַ באַגאַבטער יידיש־פּוילישער שרייבער מיט גרויסע און וויכטיקע פריינדשאַפטן און פאַרבינדונג אין דער דרויסנדיקער וועלט, געקאָנט מאַכן קאַריערע אין דער גרויסער פּוילישער פּרעסע, ווי עס האָבן עס געטאָן אַנדערע, ווייניק־פּעאיקערע זשורנאַליסטן ווי שוואַלבע. ער איז אָבער טיף אינעווייניק געווען אַ ייד, אַ פעסטער ייד, מיט טיפער צוגעבונדנקייט צום יידישן לעבן, מיט נאַטירלעכן, אָרגאַנישן אינטערעס צו נאַציאָנאַלע פראַגן פונעם יידישן פאָלק און צו זיין ווייטערדיקן קיום. איז ער געבליבן כסדר אין דער יידישער סביבה, זיך געחברט און באַפריינדעט מיט יידישע קאָלעגן, און ווען נאָר ער איז געווען פריי, איז ער געווען דער שטענדיקער גאַסט, דער באַזוכער פון דעם ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13. אַנדערע יידיש־פּוילישע זשורנאַליסטן האָבן זעלטן זיך „אַראָפּגעלאָזט" פון זייערע „היכן" און געקומען און געווען אייגענע אין דעם זשורנאַליסטישן „שטיבל", וואָס איז געווען פיל מער ווי אַן אָרט, ווו מען עסט אָפּ אַ מיטאָג, נאָר עס איז געווען אַ מין „מקום קדוש", אויב איר ווילט — אויך אַ מין „עיר מקלט" פאַר די פאַרשיידענע שרייבער, זשורנאַליסטן, לערער, שוישפּילער, קינסטלער, קולטור־טוער און סתם פריינט און סימפּאַטיקער פון דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע. און אויך אין ליטעראַטן־פאַראיין, וואָס ז שטענדיק געווימלט מיט מענטשן און איז געווען דער צענטער, דער מיטלפּונקט פון אַלע ליטעראַריש־קינסטלערישע שטרייטן און קאַמפן, אויך אין ליטעראַטן־פאַראיין האָט זיך נתן שוואַלבע באַזונדערס אויסגעטיילט.

און ווי אין זיין צייטונג אָדער אין זיינע צייטונגען (אָפּטמאָל איז ער געווען מיטאַרבעטער בלויז פון דער יידיש־פּוילישער צייטונג, און אָפּטמאָל גלייכצייטיק אויך פון אַ יידישער צייטונג *), אַזוי אויך אין ליטעראַטן־פאַראיין

*) גענויער וועגן נתן שוואַלבעס מיטאַרבעטערשאַפט אין די יידיש־פּוילישע און יידישע צייטונגען זע זלמן רייזינס „לעקסיקאָן", ווילנע, 1929, באַנד 4, ז"ז 508־509.

וועגן נתן שוואַלבע — אָנהויב דעם וועלט־קריג, בעת דער גרוילעכער דייטשער אָקופּאַציע — זע ז. סעגאַלאָוויטשעס בוך „געבראָכענע טריט", בוענאָס־איירעס, 1947, ז"ז 7, 8, 35, 39, 67.

האָט ער זיך נישט געמישט אין אנדערע ענינים און זיך נישט געקאָכט, קיינמאָל נישט פאַרנומען קיין וואָסער ס'איז אמט אין א פירנדיקער אינסטיטוציע, סיי אינעם אלגעמיינעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן און סיי אין ליטעראַטן־פאַריין.
ער איז ראשו ורובו, אינגאנצן, געווען פארנומען און פארטאָן אין זיין פּאָליטישער וועלט, באמיט זיך צו זיין אָקוראַנט אין אלע ענינים, וואָס האָבן געהאַט א שייכות צו זיין געביט און ספּעציאַליטעט אין דער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער וועלט.

די יידישע סיים־דעפּוטאַטן האָבן גערן זיך צוגעהערט צו דער לאָגישער און באַזאָכלעכער מיינונג פון נתן שוואַלבע, וואָס האָט געקאָנט אָפט, איבער די היציקע דעבאַטעס און פארטייאישע חילוקי־דעות, געבן און ראָטן דעם גראדן וועג, דעם אויסוועג פון א שווערער פּאָליטישער לאגע. נתן שוואַלבע מיט זיין גראדליניקייט און קאַלטבלוטיקייט האָט טאַקע אָפט געבראַכט נוצן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן שטרייטן און קאַמפן פאַר יידישע רעכט, פאַר יידישע אָנגעלעגנהייטן. אויך צווישן די פּוילישע פּאָליטישע און זשורנאַליסטישע קרייזן האָט מען זיך צוגעהערט צו דער מיינונג פון זייער קאָלעגע, נתן שוואַלבע, וואָס האָט זיי אימפּאָנירט מיט זיין האַלטונג און שטעלונג. און זיכער נישט איין גוטער, פּראָ־יידישער ארטיקל איז דערשינען אין דער פּוילישער פּרעסע א דאַנק דעם איינפלוס און גוטהייטן און אויפפאָדערונג פון נתן שוואַלבע.

אָט ליגט פאַר מיר אַ פּראָטעסט, וואָס יידישע שרייבער האָבן פאַרעפנט־לעכט אין וואַרשע דעם 4־טן סעפּטעמבער 1922, ווען עס זענען געשלאָסן געוואָרן דורכן בילדונגס־מיניסטער 6 יידישע צ.י.ש.א.־שולן פאַר יידישע קינדער. אין דעם שאַרפן פּראָטעסט, וואָס איז דאַן אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער יידישער און יידיש־פּוילישער פּרעסע, זענען דאָ שאַרפע ווערטער, ווי „מיר פּראָטעסטירן קעגן דעם דאָזיקן אומרעכט און געוואַלט. די האַנט, וואָס האָט אכזריותדיק זיך אויסגעצויגן איבער דער יידישער שול, מוז צוריקגעצויגן ווערן" א.א.וו. און צווישן די 68 פאַרשיידענע יידישע שרייבער, ווו עס זענען אויך דאָ לינקע, האָבן מיר אויך דעם נאָמען פון נתן שוואַלבע.

און מען דאַרף עס באַטאָנען, — אויב די יידיש־פּוילישע פּרעסע אין פּוילן בכלל, און אין וואַרשע בפרט, איז דורכאויס געווען א נאַציאָנאַלע, פּראָ־יידיש־, אפילו א פּראָ־יידישיסטישע, איז עס זיכער אין א גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען דעם שטילן, אָבער פעסטן, אַנטשלאָסענעם נתן שוואַלבע, וואָס איז געווען דורך און דורך א יידישער מענטש, וואָס אַלץ וואָס איז געווען געזונט און שאַפעריש אין יידישן לעבן איז אים געווען נאָענט, אייגן און טייער.

צווישן די פאַרשיידענע יידיש־פּוילישע שרייבער איז נתן שוואַלבע געווען דער יידישסטער, אייגנסטער, און אזא וועט ער פאַרבלייבן אין דער רייכער

געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין פוילן, וואָס מען מוז און מען וועט פריער אָדער שפּעטער שרייבן.

העניך אפּלבוים (פּרדס־חנה)

## לייזערקע זשעלאזע און די ראַדזינער אַמאָטאָר־אַרטיסטן

יאָר 1901 און אפשר נאָך פריער. לייזערקע זשעלאזע, פון פאַך א שוסטער, א קליינער, א שווארצער, מיט קליינע אייגעלעך, זייער א פרענטקער ווי קוועק־זילבער — פלעגט קיינמאָל נישט זיין אין שטוב; גאנצע טעג פלעגט ער זיצן ביי נחמן־לייזערן אין שענק מיט די בעלי־עגלות און ווארטן ביז עס וועט ווער קומען און הייסן געבן א שנאַפּס־און־צובייסן און דערפאַר וועט שוין לייזערקע מוזן באצאָלן מיט עפּעס א פאָרשטעלונג...

ער האָט עס צוזאמענגענומען א חברה שוסטערס און שניידערס און אָנגע־הויבן מיט זיי צו שפּילן. געשפּילט האָט ער „שמענדריק”, „דער אלטער טאטע” און „מכירת יוסף”. א גאנץ יאָר האָט לייזערקע מיט די חברה געוואַרט אויפן גוטן פורים און אויפן שיינעם פּסח. דעמאָלט האָט לייזערקע אויסגענוצט זיין גאנצן טאלאנט און אָנגעהויבן „פליען” איבערן שטעטל. דאָס ערשטע איז מען ארויף צו פישל משה גאטלס, דערנאָך צו עקיבא רובינשטיין און צו אנדערע און צום לעצט איז מען ארויפגעפלויגן צום רבין ר' מרדכי־יוסף ז"ל — און דאָרט האָט לייזערקע באוויזן, וואָס ער קאָן. דער רבי פלעגט אים אָפּט זאָגן: „לייזער, פאַר אין א גרויסער שטאָט אריין, וועסטו ווערן א מענטש”.

און אזוי איז טאקע געווען. אין א שיינעם פרימאָרגן האָט לייזערקע פארלאָזט ראַדזין און אוועק קיין לאָדזש. דאָרט האָט אים געגליקט און ער איז דערנאָך געקומען קיין ווארשע און זיך באקאנט מיט פּרצן און איז געוואָרן דער גרויסער ארטיסט לייזער זשעלאזע — שפּעטער מיטגליד פון דער בארימטער ווילנער טרופּע.

די ראַדזינער חברה שוסטערס און שניידערס זענען געבליבן ווי שעפסן אָן א פּאסטוך און דאָך האָבן זיי באשלאָסן ווייטער צו שפּילן דעם „מכירת יוסף”. לאנגע יאָרן האָט מען אזוי געשפּילט, ביז א סך פון די שפּילערס זענען אויסגעשטאָרבן — דאַן איז „מכירת יוסף” אויך געשטאָרבן...

— • —

אין יאָר 1910־11 שפּילט מען אין ראַדזין „בר־כוכבא”. דאָס האָט געמאכט

די דעמאָלטיקע אינטעליגענץ, ווי בן־ציון גרינבוים, יאַנטשע גאָטעלעס, לייזער פּירשטענבערג, חנינא גלעזער, מאָטל גאָלדוואַסער און אַנדערע. אויך האָט מיט־געהאָלפן איינער א קאַמינסקי א יידישער זעלנער, וואָס האָט געדינט דעמאָלט אין ראַדזין. קיין טעאַטער־געביידע איז אין ראַדזין נאָך נישט געווען — האָט מען געשפּילט אין א שטאַל פון פערד אויף די רעיענטעווקע, נעבן הערשל שטריקנ־מאַכער. קיין אַפּישן האָט מען דעמאָלט נישט געקלעבט — און דאָך איז די שאָפּע געווען פול מיט מענטשן. קינד־און־קייט איז געלאָפן זען, ווי מען שפּילט „בר־כוכבא"; אפילו די „נאַטשאַלסטוואָ" איז געקומען. פּרויען האָבן נאָך דעמאָלט נישט גענומען קיין אָנטייל. דערפאַר האָט דעם חזנס כאָר באַוויזן זיינע קענטעניש.

נאָך טעאַטער־פאָרשטעלונגען זענען כמעט שוין נישט פאָרגעקומען ביז 1915־16, אויסער די פאָרשטעלונגען פון „תיקון תפארת". דאָס זענען געווען בית המדרש־בחורים, אָנגעטון זיך ווי רוסישע קאָזאַקן מיט נאַהייקעס אין די הענט און גערעדט רוסיש... אין די גאַסן האָבן זיי זיך נישט געטאָרט באַווייזן, ווייל די רוסישע סטראַזשניקעס פלעגן זיי גלייך נאָכיאָגן און שרייען „זשידזשי בונטאָוו־טשיקי..."; פלעגן זיי טאַקע לויפן דורך די הינטערגעסלעך. זיי פלעגן אריין אין



חוג דרמטי בהדרכת העניכל אפלבוים (ראשון מימין)

א שטוב אויסשטעלן זיך ווי זעלנער און איינער פלעגט געבן א געשריי אויף גריאיש: „מוזיקאַנטי, סעגריייטיע פּיערווי מאַסקאָווסקי דראַגאָווסקי מאַרש — און חברה האָבן אָנגעהויבן זינגען מיט קנאַק. נאָכן אָפּזינגען איז איינער פון זיי צוגע־גאַנגען צום טיש און אַוועקגעלייגט א טאָוול, אויף וועלכן עס איז אָנגעשריבן גע־

און ס'איז געקומען א שוידערלעכער טאָג פון דער „אקציע". געווען איז דאָס אין א זומערדיקן פארטאָג פון אויגוסט 1942, ווען דאָס שטעטל פּאַרטשעוו איז נאָך געלעגן אין טיפן שלאָף — און א קנאַלן פון א שטאַרקע שיסעריי האָט אונז אויפגעוועקט מיר האָבן גלייך פארשטאַנען, אז עפּעס שוידערלעכס קומט פאָר. איך בין ארויס נעבן שטוב און גלייך געזען ווי, עטלעכע הייזער ווייטער פון אונז, ליגט שוין דערשאָסן, אין זיין גאנצער לענג, ביי זיין שטוב, א היכער ייד. איך בין דאן גלייך צוריק אריין אין שטוב און דערציי'ט עס דעם שוואָגער און שוועסטער — און מיר זענען גלייך אראָפּ אין דער באהעלטעניש. אין דעם קליינעם גריבל איז נישט געווען קיין פּלאץ אפילו פאר איין מענטש זיך אוועקצוזעצן — אָבער אין דעם אומגליקלעכן פאל זענען מיר אלע דריי געלעגן צ'נויפגעדרענגט גאנצע צוויי שוידערלעכע טעג און טיילווייז אפילו געטון די מענטשלעכע באדערפעניש. איבער אונז האָבן מיר געהערט, אז מען קומט און מען פארלאָזט די שטוב. מען האָט ראבירט און געזוכט יידן. ביינאכט, ווי נאָר מיר האָבן געהערט, אז ארום איז שטיל, האָבן מיר געעפנט דאָס טירל פון לעבעדיקן קבר און איך איינע אליין בין ארויס אויף אויסשפּירונג, מיט דער אויסרעכענונג, אז קוים כאַפּט מען מיך — זאָלן כאָטש זיי בלייבן לעבן.

אין דרויסן איז א טונקל אויסגעשטערנטע זומער נאכט. ארום איז שטיל ווי אויף א בית הקברות. קיין שום סימן פון א לעבעדיקן וועזן — עס באפאלט אזש אן אימה. איבערצייגנדיק זיך, אז איצט איז נישטאָ קיין געפאר, בין איך אריין צוריק אין שטוב און ארויסגערופן מיין שוועסטער און שוואָגער, אז זיי זאָלן זיך א ביסל אויסגלייכן די צעבראָכענע גלידער און דערליידיקן די מענטשלעכע באדערפענישן. מיר האָבן זיך אויך א ביסל ארומגעוואשן — מיר זענען געווען זייער שמוציק — און באשלאָסן אראָפּצוגיין צוריק אין באהעלטעניש און אָפּצוווארטן דעם מאָרגנדיקן טאָג.

ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, איז די אקציע פון די דייטשן געווען פאָלגנדע: אין דעם ערשטן טאָג האָבן זיי ארומגערינגלט דאָס שטעטל און מיט שטאַרקער שיסעריי אָנגעהויבן כאַפּן יידן און טראנספּאָרטירן זיי קיין טרעבלינקי אויף פארניכטונג. נאָכדעם ווי זיי האָבן דערגרייכט דעם געהעריקן קאָנטינגענט פון מענטשן, זענען זיי צוגעטרעטן צונויפצוזאמלען דאָס האָב־און־גוטס פון די שטובן; און אזוי זענען זיי אריינגעקומען אויך צו אונז אין שטוב... ליגנדיק באהאלטן אינעם גרוב האָבן מיר געהערט, ווי מ'קומט אריין אין שטוב און מען הויבט אָן צונויפצונעמען אלע זאכן און ארויסטראָגן זיי אין דרויסן, כדי אויפצולאָדן אויף וועגענער. ביים זוכן האָבן זיי אויך אוועקגערוקט דאָס בעט און באמערקט די שניטן פון די פּאָדלאָגע ברעטער. זיי האָבן גלייך פאר־

שטאַנען, אז דאָ איז א באהעלטעניש און געגעבן א באפעל ארויסצוגיין גלייך פון דאָרט און ווען נישט וואַרפן זיי גלייך א גראנאט. מיט טויט־שרעק זענען מיר ארויס פון גרוב און לויט זייער באפעל ארויס אין דרויסן פארן הויז. א פאָלקס־דויטש האָט דאָן ארויסגעצויגן דעם רעוואָלווער, געריכטעט אים קעגן אונז און דערקלערט, אז איצט וועט ער אונז דערשיסן. מיין שוועסטער דבורה האָט דאָן אָנגעהויבן שטאַרק וויינען און בעטן דעם באנדיט, אז אויב שיסן זאָל ער שיסן איר מיט איר מאַן און מיר זאָל ער שענקען דאָס לעבן, ווייל איך בין נאָך יונג, סך־הכל 16 יאָר אלט, אז איך בין נאָך געזונט און קאָן ארבעטן... און א נס איז געשען. דער דייטש האָט צוריק אראָפּגעלאָזן דעם רעוואָלווער, געהייסן אונז גיין זיך ארומוואשן — מיר זענען געווען שרעקלעך שמוציק. מיין שוואָגער בערלען האָט ער געשיקט אויף ארבעט און אונז ביידן פרייגעלאָזן. נאָכדעם האָבן מיר זיך שוין געקאָנט פרייער באוועגן, ווייל נאָך אן אקציע פלעגט מען שוין זיך עטוואָס אָפּרוען, כאָטש נאָכדעם פלעגן אויך די דייטשן כאפּן פון צייט־צו־צייט יידן און אָן א פארוואָס זיי דערשיסן. האָבן מיר דאַן ווידער אָנגעהויבן טראכטן וועגן א מער זיכערע באהעלטעניש, ווייל מיר האָבן פארשטאַנען, אז עס וועט ווידער קומען אן אקציע און הונדערטער יידן וועלן ווידער געשיקט ווערן קיין טרעבלינקע אויף פארניכטונג. מיר זענען דאַן ארויף אויפן בוידעם, געמאכט א דאָפּלטע וואנט און צוגעגרייט זיך א באהעלטעניש.

און דער טאָג פון דער נייער אקציע איז געקומען און דווקא אין שמחת תורה. מיר האָבן זיך גלייך באהאלטן אויפן בוידעם אין דעם צוגעגרייטן באהעל־טעניש, געלעגן דאָרט עטלעכע טעג ביז מ׳האָט אוועקגעשיקט דעם געכאפּטן טראנספּאָרט. מיר זענען נאָכהער געוווויר געוואָרן, אז פארטשעוו און די ארומיקע שטעטלעך מוזן ווערן „יודענריין", און אז אין מעזריטש ווערט געשאפן דאָס געטאָ פאר די יידן פון דער גאנצער געגנט. און געלאָזט האָבן די דייטשן וויסן, אז יעדער וועלכער וועט זיך צושטעלן פרייוויליק, וועט אָפּגעשיקט ווערן קיין מעזריטש און וועמען מ׳וועט כאפּן באהאלטן — וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. מיר האָבן דאַן פרייוויליק פארלאָזט דאָס באהעלטעניש און אָפּגעשיקט געוואָרן קיין מעזריטש, אין געטאָ.

## אין מעזריטש

אין מעזריטש האָט מען אונז, ווי אויך די פריש אָנגעקומענע יידן פון ראדזין, אריינגעפּאַקט אין דער שול ווי הינער און פארשלאָסן פון אויסווייניק. אוועק־געשטעלט וואַך פון יידישע פּאָליציי און באוואָפנטע דייטשן. דאָס מענטשלעכע געברויך האָט מען געטון אויפן אָרט. פון דעם שמוץ און פון די לייז איז נישט

געווען אויסצוהאלטן. ווען מען האָט געוואָלט א טרונק וואסער, פלעגט מען אראָפּלאָזן דורך די קראַטן פון די פענסטערלעך פון דער ווייבערישער שול, א טעפל אויף א שטריקל — אריינלייגן דאָרט א גרעסערע סומע געלט — און דאן ארויפקריגן א ביסל וואסער. איין מאָל טעגלעך פלעגן די דייטשן עפענען א טיר און ס'פלעגט זיך דאן אויסשטעלן א לאנגע ריי; מען פלעגט טיילן א קליין שטיקעלע ברויט מיט א ביסל וואסער. פאַרשטייט זיך, אז דער געדראנג איז געווען א שרעקלעכער און די דייטשן פלעגן דאן „מאכן אָרדנונג" און דערשיסן דערביי יעדעס מאָל עטלעכע ייִדן.

אין א געוויסן טאָג, זוכנדיק צווישן די הונדערטער יידן באקאנטע מענטשן, האָב איך צו מיין גרויסער פרייד, זיך צענויפגעטראָפן מיט מיין פאָטער. מיר זענען זיך געפאלן אין די אָרעמס און זיך צעוויינט, ווי קינדער. ער האָט מיך געכאפּט אויף די הענט, ווי מ'כאפּט א קליין קינד, און מיט א ספּאזמאטיש געוויין געזאָגט: „מיין טייער קינד, זע ביי וואָסערע אומשטענדן מיר טרעפן זיך; אַנשטאָט דיך צו פירן צו דער חופּה, פיר איך דיך צום טויט!" איך האָב



מזריץ׳ — אחרי המצוד אחרי יהודים, מובילים אותם לתחנת הרכבת
(ביניהם רבים מרדזין)
מעזריטש — ראַדזינער און פון דער סביבה; נאָך דער אַקציע
פירט מען צום באַן-הויף

אים דאן געענטפערט: „אויב ס'איז פאראן א גאָט אויף דער וועלט — טאָ ווי קאָן ער דערלאָזן, דאָס זיין אויסדערוויילט פאָלק זאָל אזוי ברוטאַל אויסגעמאָר־דעט ווערן". דער ענטפער איז געווען, אז דאָס איז גאָטס ווילן און מסתמא דארף אזוי זיין — און קעגן גאָט טאָר מען נישט ווידערשפעניקן.

אויף צו מאָרגנס האָט מען אונז אלעמען ארויסגענומען פון שול, אויסגע־שטעלט מענער באזונדער און פרויען באזונדער און גענומען צוגרייטן דעם טראנספאָרט צו זיין לעצטן וועג — טרעבלינקי. אין דער פרויען־ריי, וועלכע איז געווען זייער א לאנגע, האָב איך זיך באמיט אָפצוזוכן מיין שוועסטער דבורה — נאָר וואָס אָנגעקומען פון ראדזין — וועלכע האָט זיך געפונען עטלעכע שורות ווייטער פון מיר. איך האָב זיך דאן געלאָזט אין דער ריכטונג צו איר, אָבער איך האָב באקומען דערפאר אזא שטאַרקן קלאפּ אין קאָפּ אריין מיט א נאהייקע, אז כ'האָב גלייך פארלוירן דאָס באוווסטזיין. נאָכהער בין איך מיט די לעצטע כוחות דאָך צו צו מיין שוועסטער און געבליבן שרין שטיין נעבן איר. פון דערווייטנס האָב איך צום לעצטן מאָל געזען אין דער מענער־ריי מיין פאָטער, אָבער ער האָט אונז, ווייזט אויס, נישט געקאָנט באמערקן.

און ס'איז געגעבן געוואָרן דער באפעל אָפּמארשירן צום באן־הויף, ווו ס'זע־נען שוין געשטאַנען גרייט פראכטוואַגאָנען — און מען האָט אונז אָנגעהויבן איינלאָדן אין זיי. איך האָב זיך באמיט צו פארכאַפּן אן אָרט נעבן א פענצטערל, כדי צו קאָנען אויפן וועג צו שפרונגען פון צוג. באשלאָסן האָב איך, אז געשען זאָל וואָס ס'וויל, נאָר לעבעדיק קיין טרעבלינקי אויף פארניכטונג — זאָל איך נישט גיין! נישט איינער פון וואגאָן האָט דאָס געטראכט, אָבער נישט יעדער איז געווען פון די גליקלעכע צו שטייען נעבן א פענצטערל...

## אין טויטן־וואַגאָן

דער וואגאָן איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט פרויען, ווי א פאַס הערינג און איז הערמעטיש פארמאכט געוואָרן. די וועלכע זענען געשטאַנען ווייטער פון פענצ־טערל זענען ביסלעכווייז דערשטיקט געוואָרן, און די איבעריקע לעבנגעבליבענע האָבן אויף זיי געטרעטן ווי אויף שמאטעס... מיר די גליקלעכע, וועלכע האָבן זיך געפונען ביים פענצטערל (נעבן מיר האָבן זיך דאן געפונען, אויסער מיין שוועסטער דבורה, זלמן מעכעלס אייניקלעך — יאספּע מיט די שוועסטערס), האָבן אויף די דלאָניעס פון די הענט אויפגעכאַפּט יעדן טראָפּן שווייס, וואָס איז אראָפּגערינען פון דער סטעלע און באנעצט מיט דעם די ליפּן. אויך האָט דאָס מזל צוגעשפּילט, וואָס ביי יאספּעס שוועסטער האָט זיך געפונען א קליין שטיקל ציטרין — האָט זי מיר אויך אָפּט געגעבן א לעק צו טון פון דעם. און ווען דאָס

האָט זיך אויך געענדיקט — האָבן מיר זיך באַנוצט מיט אונזער אייגענער אורין אויף צו לעשן דעם דורשט... קיין טעפּעלע איז נישט געווען — האָבן מיר אונ־טערגעשטעלט די הענט און אַזויערנאָך זיך באַנוצט...

צייטנווייז, ווען דער צוג פלעגט זיך אויף א ווײַלע פאַרהאַלטן אויפן וועג, פלעגן די דייטשן צוזאָגן פאַר געלט און גאָלד אַרויפגעבן א טרינק וואַסער; זיי פלעגן דאָס געלט צונעמען און קיין וואַסער נישט געבן.

און דער צוג האָט אָנגעהויבן זיך צו דערנענטערן צו טרעבלינקי. אינסטינק־טיוו האָבן מיר דערפילט, אַז ס'דערנענטערט זיך אונזער סוף און אַז מען דאַרף עפּעס טון. מיין באַגער איז געווען נישט אַזוי בלייבן לעבן — כ'האָב געוווּסט, אַז אומעטום איז יודענריין און ס'איז נישטאָ וווּהין צו לויפן — נאָר כאַטש זיך גוט אָנטרונקען מיט א סך וואַסער פאַרן טויט. און איך האָב זיך אָנגעהויבן גרייטן צום שפּרונגען פון צוג. איך האָב געטראַכט: וועל איך דערהרגעט ווערן, וועל איך דאָך במילא שוין גאָרנישט דאַרפן; אויב ווידער איך וועל בלייבן לעבן און די דייטשן וועלן מיר כאַפּן, וועל איך זיי בעטן, אַז פאַרן טויט זאָלן זיי מיר געבן א ביסל וואַסער זיך אָנצוטרינקען.

## איך שפּרינג פונם צוג

מיין שוועסטער דבורה האָט געבעטן, אַז זי זאָל שפּרינגען די ערשטע, און איך זאָל קוקן — אויב זי וועט געהרגעט ווערן זאָל איך שפּרינגען אויף אַן אַנדער אופן... מיין טייערע שוועסטער. אין די לעצטע מינוטן פון איר לעבן האָט זי נאָך געזאָרגט פאַר מיינעטוועגן! איך האָב זיך אָבער דעציִדירט. איך האָב זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן פענצטערל; מיין שוועסטער און יאָספּע רובינשטיין האָבן מיך אונטערגעשטופּט און ביים גאַנצן שנעלן לויף פונעם צוג, ביי דריי קילאָמעטער פון טרעמבלינקי, בין איך פון אים אַראָפּגעשפּרונגען. כ'האָב גלייך פאַרלוירן דאָס באַוווּסטזיין.

אויפגעוועקט מיך האָט אַן אָפּהילך פון א שאָס. כ'האָב זיך אומגעקוקט און אינסטינקטיוו גענומען רעווידירן די הענט און די פיס, צי זענען זיי נישט ערגעץ פאַרוווּנדעט — איך בין געווען גאַנץ. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און געזען, אַז איך ליג אויף אַן אָנשיט פון זאַמד. דאָס איז געווען די סיבה, וואָס איך בין געבליבן גאַנץ. דאָס איז געווען אין א דעצעמבער־נאַכט פון 1942. ווען איך בין געקומען צו זיך האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן בלויען אויף טאָג. פון דערווייטנס האָב איך באַמערקט א געשטאַלט פון א הייזקע און אויפן הויף א ברונעם... מיין באַגער איז געווען, וואָס עס זאָל נישט געשען, זיך אָנטרינקען מיט וואַסער. בין איך גלייך אוועק צום ברונעם, אָבער איך האָב אָבער נישט געטראָפן קיין עמער

און אויך די קאַריטע איז געווען ליידיק. ארום־און־ארום איז נישט געווען קיין טראָפּן וואסער — כאָטש שפּרינג אין ברונעם אריין. איך בין דאן גלייך אוועק ווייטער און באַמערקט א קליין שטיקל פלאַץ, ארומגענומען מיט א פּלויט פון שטעכל דראָט, ווו עס פליסט א קליינער קוואל וואסער. שנעל האָב איך זיך אוועקגעלייגט אויף דר'ערד, אונטערגעהויבן דעם אונטערשטן דראָט, אריינגעקראָכן אינעווייניק און צוגעפאלן צום וואסער. איך האָב געטרונקען ביז עס האָט מיך פארפעלט אָטעם. גלייך נאָך דעם האָב איך דערהערט ווי קולות פון א באנדע שיכורע אוקראַינער דערנענטערן זיך. כ'האָב באמערקט, ווי זיי פאָרן אויף א פורל אין דער ריכטונג צו טרעבלינקע — מסתמא צו פארברענען דעם אָקאָרשט אָנגעקומענעם טראַנספּאָרט יידן פון ראַדזין, מעזריטש און אומגעגנט. שנעל האָב איך זיך אויסגעצויגן אונטער א ביימל, דעם קאָפּ פארשטעקט טיף ארונטער, כדי איך זאָל נישט זען, ווי זיי וועלן שיסן אויף מיר... זיי זענען, אָבער, דורכגעפאָרן און מיך נישט באַמערקט און איך האָב זיך געלאָזט שנעל גיין אין דער ריכטונג פונעם נאָענטן יידישן שטעטעלע קאָסאָוו־טעלאַקי.

אויפן וועג ביים ראנד פון א וואלד, איז געשטאנען א קליין הייזעלע, ווו עס האָט געוווינט אן אָרעמער פּויער מיט זיין הויז־געזינט. איך בין דאָרט אהין אריין און פאר געלט באַקומען עפּעס אָפּצועסן. זיי האָבן מיר אויך דערלויבט צו בלייבן נעכטיקן אין דער סטאָדאָלע ביז צומאָרגנס אינדערפרי. באהאלטן אין היי. מער האָבן זיי מיר נישט געוואָלט האלטן אויס מורא — אזוי האָבן זיי מיר דערקלערט — פאר די אוקראַינער, וועלכע באזוכן זיי אָפט. פון זיי האָב איך זיך אויך דערוווסט, אז אין קאָסאָוו געפינט זיך נאָך א יידישער געטאָ — און איך האָב זיך געלאָזט גיין אהין. דורך די דראָטן האָב איך זיך דורכגעגנבעט אין יידישן געטאָ אריין און האָב דאָרט געטראָפן א סך יידן, וועלכע זענען אויך געשפּרונגען פון די צוגן. און אזוי ווי קאָסאָוו איז נאָענט צו טרעבלינקי, האָבן מיר פארשטאנען, אז לאנג וועלן די דייטשן נישט וואַרטן צום ליקווידירן קאָסאָוו — האָבן מיר זיך א גרופּע יידן געלאָזט, דורך סאָקאָלאָוו קיין שעדלעץ.

קיין שעדלעץ זענען מיר אָנגעקומען בשלום און זיך אריינגעגנבעט אין יידישן געטאָ, וועלכעס איז באשטאנען פון... איין הויז. נאָך עטלעכע טעג אָפּזיין זענען מיר אוועק צוריק אין מעזריטשער געטאָ. פון דאָרט האָבן מיר א גרופּע מענטשן באשלאָסן אוועק קיין וואָהין, כדי זיך קאָנען אריינקריגן אין די פארטשעווער וועלדער, צו די פּארטיזאנער. אין וואָהין האָב איך געטראָפן לייבל שטשופּאַק פון ראַדזין, מיט זיין פרוי און קינדער, ווי אויך זיין שוועסטער גאָלדע און מאַן. אלע האָבן מיר באשלאָסן צו גיין אין די וועלדער. מיר האָבן אָבער

נישט באוויזן דאָס צו טאָן. צוליב אן אנפאנגענדע אקציע זענען מיר אנטלאָפן צוריק קיין וואהין, ווו עס איז פאָרגעקומען אן אויסזידלונג... — און מען האָט אונז אלע אָפּגעשיקט ווידער קיין... מעזריטש אין געטאָ אריין.

## ווידער אין מעזריטש

אויפן וועג בין איך קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. אָנקומענדיק קיין מעזריטש בין איך קראַנקערהייט געבליבן ליגן נעבעטיקן אויפן גאַס. צומאָרגנס איז צופעליק אדורכגעגאנגען מיין קוזין פון מעזריטש, אברהם זאלצשטיין. איך האָב זיך געמאכט ווי איך זע אים נישט — אָבער ער איז גלייך שטיין געבליבן און שטארק זיך דערפרייט מיט מיר און גלייך מיך מיטגענומען צו אים אהיים. „וואָס איך וועל עסן, וועסטו אויך עסן" — האָט ער געזאָגט. אָבער איך האָב שוין נישט געקאָנט גאָרנישט נעמען אין מויל אריין, אויסער א ביסל וואסער מיט סאַכאַרין, ווייל איך האָב שוין געהאט הויכן פיבער. מיין קוזין האָט מיך אין קיין שפּיטאָל נישט געוואָלט אָפּגעבן, ווייל די דייטשן פלעגן דאָרט גלייך דערשיסן די טיפוס־קראַנקע. ער האָט זיך, און אויך די אנדערע ארומיקע, איינגעשטעלט — און ביי אים בין איך דורכגעגאנגען די קרענק.

אין יענע טעג זענען דערשאָסן געוואָרן א סך ראַדזינער, צווישן זיי אויך גאָלדע זשיטא. ביי באַזונדערע אומשטענדן איז אויך דערשאָסן געוואָרן מיין קוזין זאלצשטיין. ווען די דייטשן האָבן אנטדעקט א באהעלטעניש און גענומען אָפּפירן די גרופּע צום בית הקברות, כדי דאָרט זיי פאַרטיליקן, האָט ער געכאַפּט א האַק און מיטן גאַנצן כוח דערלאַנגט איבערן קאָפּ פון אן ס.ס.־ניק און אים אוועקגעלייגט אויפן אָרט; פארשטענדלעך, אז א קויל פון אן אנדער נאַציישן באַנדיט האָט באַלד זיין לעבן איבערגעריסן. ערע זיין אָנדענק.

אויפן צווייטן טאָג האָבן די דייטשן פאַרגעזעצט זייערע זוכונגען און דערביי דערקלערט, אז ווער ס'וועט זיך צושטעלן פרייוויליק, וועט ווערן אָפּגעשיקט קיין מײַדאַנעק — און מיט דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט בין איך אויך אוועק אַהין. דורכפאָרנדיק לובלין זענען צו אונזער צוג צוגעקומען א סך ראַדזינער זיי האָבן זיך אויף אונז נאָכגעפרעגט און דערזעענדיק אונז, האָבן זיי אונז אריינגעגעבן ברויט. אויך אין דעם טראַנספּאָרט האָבן מיר געמאכט פּאָר־בערייטונגען צו אנטלויפן. מיר האָבן אָנגעהויבן שניידן אַן עפענונג אין דעם פאַרקראַטעוועטן פענצטערל, אָבער די דייטשן האָבן אויף א געוויסער סטאַציע באַמערקט די זאַך און מיט א פּאָר דערשיסונגען אינעווייניק געמאַכט א סוף צום פּלאַן — און מיר זענען אָנגעקומען קיין מײַדאַנעק.

## אין מײַדאַנעק

דורכגייענדיק צופוס פון באַן־הויף ביזן אָרט, האָבן מיר געזען גרויסע

גריבער... מיר האָבן געמיינט, אז דאָ איז שוין אונזער סוף, אָבער געשען איז א ביסל אַנדערש. צוערשט האָבן די דייטשן דורכגעפירט אויף א קאָנצענטראַציע־פּלאַץ אַ סעלעקציע... מענער באַזונדער, פרויען באַזונדער; יונגע באַזונדער, אַלטע באַזונדער — און איך בין אויסגעקליבן געוואָרן צווישן א גרופּע יונגע מיידלעך צו דער אַרבעט.

און מיר האָבן זייער שווער געאַרבעט. מיר האָבן געשלעפּט שטיינער צום בויען נייע קרעמאַטאָריעס אין מיידאַנעק, כדי האָרט צו פאַרברענען יחדן אויך ביי אונז קאַצעטלער פלעגן פאָרקומען אָפטע סעלעקציעס. יעדער, ביי וועלכן מ׳האָט געפונען עפּעס אַ סימן פון שוואַכקייט; עפּעס אן אויסשיט אויפן לייב — גלייך צום פאַרניכטן. שוין אין אונזער ערשטער נאַכט אין מיידאַנעק האָבן מיר איבערגעלעבט דאָס שוידערלעכסטע: די אַלע מענער, פרויען און קינדער, וועלכע זענען סעלעקטירט געוואָרן אַלס אומפּעאיקע צו דער אַרבעט — זענען גלייך אין יענער נאַכט דערשטיקט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן און די איבעריקע דערשאָסן געוואָרן. אין אונזער באַראַק, ווו ס׳האָבן זיך געפונען יונגע פרויען און מיידלעך, איז קיינער אין יענער נאַכט נישט געשלאָפן. דערהערנדיק די געוואַלטן פון די אומגעבראַכטע האָבן מיר גענומען לויפן פון פחד און גע־שפּענסט דורך די טירן און פענצטער, אָבער די דייטשן האָבן אונז, מיט דער דראָאונג פון דערשיסן, צוריק אריינגעיאָגט אינעווייניק; ערשט נאָך האַלבער נאַכט, ווען די געשרייען האָבן זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט, זענען מיר פאַר־מאַטערטע איינגעשלאָפן. פאַרטאָג, ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען פון שלאָף, האָבן מיר אין אונזער באַראַק דערזען אַ שוידערלעך בילד. אויף צוויי פענצטער זענען געהאָנגען די קערפּערס פון צוויי יונגע מיידלעך, וועלכע האָבן ביינאַכט געמאַכט אַ סוף צו זייער לעבן.

## אין אושוויץ

ווי געזאָגט, פלעגן אָפט פאָרקומען ביי אונז סעלעקציעס. די שוואַכע פלעגן בלייבן אין מיידאַנעק צום פאַרניכטן און די געזונטערע האָט מען אַוועק־געשיקט קיין אָשוויענטשים (אושוויץ) — צווישן די לעצטע בין איך אויך אַוועק־געשיקט געוואָרן. געווען איז דאָס אין מיטן זומער 1943. ווען כ׳בין דאָרט אָנגע־קומען. דאָס ערשטע האָט מען אונז אָפּגעשוירן די האָר, איינקוואַרטירט אונז אין באַזונדערע באַראַקן אויף צוויי וואָכן און געגעבן אונז אָנטאָן. ווען כ׳האָב געבעטן, אַז מען זאָל מיר געבן אַן אַנדער קלייד — אַן אנדער מאָס — האָב איך באקומען דעם ערשטן פּאַטש פון די עלטסטע, אז דאָס פּנים איז מיר גלייך גע־שוואָלן געוואָרן. אונזער ערשטע אַרבעט איז געווען אַרויסצורייסן די אָנגע־וואַקסענע גראָז פון פיש־סאַדזשעווקעס; די גראָז האָבן וואַרשיינלעך געשטערט

די פיש זיך צו אַנטוויקלען. מיר פלעגן אַרייִנגיין אין וואַסער ביזן האַלדז און פיל פון אונז פלעגן קראַנק ווערן אויף מאַלאַריע. אַממערסטן האָבן געליטן פון איר די יידישע מיידלעך פון גריכנלאַנד, וועלכע פלעגן מאַסנווייז אויסשטאַרבן; יעדן טאָג פלעגט מען צוריקטראָגן פון דער אַרבעט טויטע קערפּערס. ערשט, ווען מיר זענען שוין געבליבן אַ גאַנץ קליינע גרופּע, האָט מען אונז איבערגעפירט צו אַן אַנדער אַרבעט.

אָבער דעם דאָזיקן פּלאַץ וועל איך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט פאַרגעסן. דאָס איז געווען בזשעזשינקע, אַ קוואַרטאַל פון אָשוויענטשים-לאַגער, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען די קרעמאַטאָריעס; מיר האָבן געוווינט אין אַ באַראַק, וועלכער האָט זיך געפונען געציילטע מעטערס פון זיי. אונזער אַרבעט איז באַשטאַנען פון סאָרטירן די מלבושים פון טראַנספּאָרטן מענטשן, וועלכע זענען פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן. ביי יעדן טראַנספּאָרט האָבן מיר געמוזט בלייבן אין די באַראַקן ביי פאַרמאַכטע לאָדנס, כדי נישט צו זען די דורכגייענדיקע מענטשן צום פאַרניכטן. מיר פלעגן דאַן שטיין און אַרויסקוקן דורך די שפּאַרעס;



יהודים מובלים לכבשנים
יידן ווערן געיאָגט אין די קרעמאַטאָריעס
ציור מאת / בעצייכנס פון מאנועל ליכטנשטיין (ניו־יאָרק)

און מיר האָבן געזען שוידערלעכעס — ווער האָט דאָס דען כוח צו ברענגען דאָס צום אויסדרוק?

איינמאָל האָב איך געזען א טראַנספּאָרט פון אונגאַרישע יידן, צווישן זיי אויך אַ סך קינדער. צוויי שיינע מיידעלעך, א 3־4 יאָר אַלט, האָבן זיך געפירט פאַר די הענטלעך און פאַרבייגייענדיק אונזער באַראַק, ווו ס'האָבן גע־וואַקסן בלומען, האָבן זיי אָפּגעריסן א פּאָר פון זיי און דערביי שטאַרק זיך גע־פרייט און קינדעריש געשמעקט צו זיי; די קינדערלעך האָבן נעבעך נישט גע־ווּסט, אז דאָס איז זייער לעצטער וועג צום גאַז־קאַמער...

און שוידערלעך פלעגט זיין דאָס פאַרגאַזן. ס'פלעגן דערגיין צו אונז די יאָמערלעכע געשרייען פון די זיך ווערגנדע פאַרגאַזטע קרבנות; אָנפאַנגס הויך, שפּעטער שטילער און דאַן גאַנץ שטיל — ביז, שטופנווייז, פלעגן זיך איגאַנצן איינשטילן... נאָך היינט דאַכט זיך מיר, אז איך הער נאָך יענע גע־שרייען. זיי פאַרפאָלגן מיך מיין גאַנץ לעבן. עס איז אוממעגלעך צו פאַרגעסן אויף איין מינוט יענע גרויליקע טעג, וואָכן און מאָנאַטן.

באַזונדערס שוידערלעך פלעגן זיין די נעכט. אוי־און־וויי די נעכט אינעם באַראַק אַנטקעגנאיבער די קרעמאַטאָריעס פון אָשוויענטשים! ווו ביזטו דיכטער, וואָס זאָלסט קאָנען באַשרייבן דעם שרעקלעכן גיהינום־קאָשמאַר; צו באַשרייבן מיט פעדער די שרעקלעכע גרויל־בילדער — מיין פעדער, אלנפאלס, איז צו אָרעם דערצו!

מיטנאַכט. עס איז שטיל און פינצטער אַרום. דורך דעם קליינעם פענצטערל פון דער טואַלעטע אין אונזער באראק זע איך איצט די קוימענס פון די זיך רויכנדע קרעמאַטאָריעס, וועלכע אַרבעטן איצט אויף דער גאַנצער פּאַרע... צוזאַמען מיטן געדיכטן רויך פליען אויך פונקען פון די זיך סמאַלענדע קערפּערס — דאָס אַרבעט איצט אין פולן טעמפּאָ דער טויטן־קאָמבינאַט פון אָשוויענטשים. אין יעדן פונק הער דעם לעצטן וויי־געשריי פון אַ נאָענטן — פון מיין מוטער און פאָטער, פון מיין שוועסטער און ברודער...

איך רייס זיך אָפּ פון אָרט און לויף אַרויס אין דרויסן — און אין אַ מרחק פון עטלעכע הונדערט מעטער זע איך אַן אנדער גרויל־בילד: גרויסע פייערן פלאַקערן ארויס פון גרויסע גריבער און מען זעט, אין שיין פונעם פייער, ווי מענטשן טראָגן טויטע קערפּערס און וואַרפן זיי אַריין אין די ברענענדע גריבער; דאָס ברענט מען איצט די פאַרגאַזטע מענטשן, וועלכע די קרעמאַטאָריעס באַוויזן נישט צו פאַרברענען. דער געשטאַנק פון די פאַרסמאַליעטע קערפּערס איז נישט איבערצוטראָגן. און אזוי האָבן זיך די בילדער איבערגעחזרט מאָנאַטן אויף מאָנאַטן...

## ווידערשטאַנד

אינטערעסאַנט, אז אין דאָזיקן טויטן־קאָמבינאַט האָט עקזיסטירט אַן אונטערערדישע באַוועגונג, וואָס האָט זיך געגרייט צו אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. אין דער אָפּטיילונג פון סאָרטירן די מלבושים פון די דערמאָרדעטע האָט זיך געפונען א יידיש מיידל פון טשעכאָסלאָוואַקײַ, מיטן נאָמען רוזשקע. די דאָזיקע רוזשקע פלעגט אין דער שטרענגסטער געהיימניש באַקומען געווער פון א וואַרשעווער יידיש מיידל, וועלכע פלעגט אַרויסגנבענען דאָס פון דער געווער־פאַבריק, אין וועלכער זי האָט געאַרבעט אויף דער טעריטאָריע פונעם לאַגער; רוזשקע פלעגט דאָס דאָזיקע געווער באַהאַלטן צווישן די גרויסע בערג מיט קליידער. אָבער די דייטשן האָבן זיי געכאַפּט. די געסטאַפּאָ האָט זיך גענומען צום פאָרשן מיט די שטרענגסטע אינקוויזיטאָרישע מיטלען, אָבער ס'איז זיי נישט געלונגען אַרויסצובאַקומען פון די צוויי מיידלעך קיין איין וואָרט. דאַן האָבן זיי באַשלאָסן עפנטלעך אויפצוהענגען זיי. מען האָט אַרויסגעטריבן אַלע קאַצעטלער צום עקזעקוציע־פּלאַץ, כדי מ'זאָל זען און מורא האָבן. דערביי האָבן די היטלעריסטן אָבסערווירט אַלעמען, אפשר וועט זיך ווער־עס־איז מיט זיי באַגריסן, כדי מ'זאָל קאָנען נאָך וועמען אויפהענגען... די צוויי יידישע מיידלעך זענען מיט אויפגעהויבענע קעפּ, נישט פאַראַטנדיק קיינעם, שטאָלץ אַרויף אויף דער תליה און מיט אַן אויסגעשריי „זעמסטאַ!" (נקמה) אויסגעהויכט זייערע הייליקע נשמות.



התנגדות — ווידערשטאנד

ציור מאת
געצייכנט פון
מאנועל ליכטנשטיין (ניו־יאָרק)

און א גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט האָבן די רוצחים נישט געלאָזט אראָפּנעמען די צוויי קערפּערס. פאָרגעקומען איז דאָס אין ענדע 1944.

## אָנהויב פון סוף

אָנהויב 1945. אָפטע אָנפליען פון אַליאירטע עראָפּלאַנען. די רויטע אַרמיי דערנענטערט זיך מיט שנעלן טעמפּאָ. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו ליקווידירן דעם טויטן־לאַגער און גרייטן זיך אָפּטראַנספּאָרטירן אונז קיין דייטשלאַנד. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אונזער לאַגער מאַרש צופוס קיין דייטשלאַנד. ווינטער 1945. אין די שנייען און קעלטן פלעגט מען אונז טרייבן בייטאָג און ביינאַכט. אָפּגעמאַטערטע און אָפּגעשטאַנענע זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. אָבער גראָדע איצט איז אַנטשטאַנען ביי אונז דער ווילן צום איבערלעבן. מיר האָבן שוין געזען די וויזיע פון דער דערנענטערנדער באַפרייאונג. אויך אין די דאָזיקע מאַרשרוטן פלעגן אָפּט אָנפליען אַליאירטע עראָפּלאַנען. די דייטשע העלדן פלעגן זיך דאַן אויסמישן צווישן אונז און אַראָפּלאָזן די ביקסן... און מיר פלעגן זיך באַגריסן מיט די פליענדע. זיי האָבן אונז נישט באָמבאַרדירט — וואַרשיינלעך האָבן זיי געוווסט, ווער מיר זענען.

און מיר זענען אָנגעקומען קיין ראַוועגסברוק. דאָ האָט מען אונז, עטלעכע טויזנט קאַצעטלער, אַריינגעטריבן אין אַ גרויסן באַראַק אָן א דאַך, פול מיט שניי און שמוץ. הונגעריק און מיד זענען מיר צונויפגעפרעסט געוואָרן. זעלטן־ווען פלעגט מען אונז צווואַרפן אַ קליינע פּאָרציע ברויט. ס'פלעגט אָבער ווערן דעמאָלט אַזאַ געדראַנג פון די קאַצעטלער, אַז מ'פלעגט זיך שיער נישט דער־קוועטשן. אין אָוונט פלעגט מען גנבענען רוי קרויט אין דער אומגעבונג און כאַפּן דערביי היפּשע קלעפּ. נאָך עטלעכע וואָכן אַפּזיין אין ראַוועגסברוק האָט מען אונז אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען אָפּגעפירט קיין מאַלכאָוו. דורכפאָרנדיק דייטשע שטעט, בשעת באָמבאַרדירונגען, זענען מיר אויך באָמבאַרדירט געוואָרן און געהאַט דערביי פאַרלוסטן. פון מאַלכאָוו קיין לייפּציג.

פון לייפּציג האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער פיינלעכער צופוסוועג איבער דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד. הונגעריק און טויט מיד. בייטאָג פלעגן מיר זיך באַהאַלטן אין די גריבער צוליב די אָפטע באָמבאַרדירונגען און ביינאַכט מאַרשירן. די דיסציפּלין איז ביסלעכווייז געוואָרן לויזער; די דייטשן האָבן שוין דערזען זייער דערנענטערנדע מפּלה. ביסלעכווייז זענען זיך די ס.ס.־לייט צעלאָפן און געוויינלעכע רייכסווער־סאָלדאַטן האָבן אונז עסקאָרטירט. איז שוין טאַקע אָפטער געשען, אַז גרעסערע מאַרשירנדע גרופּן פלעגן זיך אָפּרייסן פון אונז און זיך באַפרייען. און אַזוי האָב איך זיך אויך, מיט נאָך צען יידישע מיידלעך, באַפרייט.

מיר זענען אַריין אין א הויף אין אַ געוויסן דייטשן דאָרף. אויפן מיסט־קאַסטן האָבן מיר געפונען א שטיקל דאַר ברויט און מיר האָבן עס שנעל געכאַפּט און באַהאַלטן. מיר זענען אַריינגעקומען אין שטוב פון דייטשן — האָבן מיר דאָרט געטראָפן צוויי רוסישע פרויען, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט. זיי האָבן אונז צוגעזאָגט צו באַזאָרגן מיט עסן. זיי האָבן אונז אויך איינגעאָרדנט צו שלאָפן אויפן בוידעם, וווּ ס'איז געווען שטרוי. ווען דער בעל־הבית פלעגט אוועק אין פעלד אַריין, פלעגן זיי אונז קאָכן קאַרטאָפל און געבן אונז צו עסן.

נאָך א קורצן אָפּזיין אין דעם דאָרף, האָבן מיר זיך דערוווּסט — דורך איינע פון די צוויי רוסישע פרויען — אַז די אַמעריקאַנישע ארמיי איז שוין אַריין אין אַ נאָענטע שטאָט מיטן נאָמען אשאַף; מיר זענען גלייך אַוועק דאָרט אַהין. אין דער דאָזיקער שטאָט איז געווען א קאַצעטלער־לאַגער. מיר זענען דאָרט אַריין און געזען, ווי ער איז איבערפולט מיט טויטע קאַצעטלער — א טייל פון זיי זענען נאָך־וואָס געשטאָרבן, נאָך דער באַפרייאונג שוין... נעבן די באַשפּייזונגס־געשעפטן זענען געשטאַנען אַמעריקאַנישע און פוילישע מיליטער־פּאָליציי און געטיילט עסן און שאָקאָלאַד פאַר די געוועזענע קאַצעטלער.

און אַזוי איז ענדלעך געקומען דער לאַנג־דערוואַרטעטער טאָג פון באַפרייאונג; מיר האָבן אויף אים געוואַרט און געהאָפט פינף יאָרן, אין שווערע ליידן און פּיין.



בודקים את היהודים לפני העברתם לתחנת הרכבת
מען רעווידירט די יידן פאַרן אָפּשיקן צום באַן־הויף

# אין געראנגל פאר איבערלעבן

(דערציילט פון ליבער פארביאש)

ווען די דייטשן זענען צוגעטרעטן אין יאר 1942 צו ליקווידירן און אויסראטן אלע יידן פון שטעט און שטעטלעך אין פוילן, האב איך זיך געפונען — מיט נאך א סך ראדזינער — אין מעזריטשער געטא, אין וועלכן מען האט אונז פארטריבן פון ראדזין. צוזאמען מיט נאך הונדערטער יידן האט מען אונז אוועקגעפירט צו דער באן. דארט האט מען אונז אריינגעשטופט, אומגעפער א צווי הונדערט מאן צוזאמען, אין איין וואגאן, וועלכער איז געווען אנגעשיט מיט וואפנע, צו פארשטארקן די דורשטיקייט. די ענגשאפט איז געווען אומדערטרעגלעך. ביי א זיבעציק יידן האבן גאנץ שנעל אויסגעהויכט די נשמה פון דערשטיקעניש; די לעבעדיקע האבן געטראטן אויף זיי און אויך אויף די האלב־לעבעדיקע. די לעצטע האבן נאך א ביסל געזשיפעט, אבער האבן נישט געקאנט רעדן. זיי פלעגן ברומען ווי חיות אדער פלעגן קנייפן די שטייענדיקע אין די פיס. אזוי ארום פלעגן זיי אויסדריקן זייער געבעט נאך הילף. כדי צו שטילן דעם דורשט פלעגט איינער דעם צווייטן באנעצן די ליפן מיט אורין און דאס האט נאך מער פארשטארקט דעם דורשט.

דער צוג איז געלאפן מיט א שנעלן טעמפא. ביי מיינע פיס זענען געלעגן טויט־דערשטיקט מיין מאמע און מיין ברודערל פון זיבן יאר און נאך א קלענערס פון פיר יאר. די נאך־ביים־לעבן־געבליבענע האבן געוווסט, אז מען פירט זיי אין טויטן־לאגער טרעמבלינקא — האבן טאקע פיל יידן גענומען שפרינגען פון לויפנדן צוג, כדי צו געפינען בעסער דעם טויט אונטער די רעדער. אויך איך בין געשפרונגען, אבער דער גורל האט געוואלט, אז כ'זאל בלייבן לעבן. געווען איז דאס נאענט צו שעדלעץ אין האלבער נאכט. אויפן וועג האב איך געטראפן נאך צוויי מעזריטשער יידן און מיר האבן באשלאסן שנעל צוריקצולויפן אין מעזריטשער געטא. אויך האבן מיר געזען אויפן וועג פיל טויטע יידן, צעשניטן פון די איבערפארנדע באן־רעדער. מיט איבערמענטשלעכע געשווינדקייט האבן מיר באוויזן אנצוקומען קיין מעזריטש פאר דער זון־אויפגאנג.

אריינקומענדיק אין געטא בין איך גלייך אוועק אין אונזער דירה; דארט האב איך געטראפן מיין פאטער איינעם אליין. אויף דער פראגע „וווּ איז די מאמע מיט די קינדער", בין איך ארויס מיט א יאמערלעכן געוויין. מיר האבן ביידע באוויינט אונזערע נאענטסטע און ליבסטע.

יידן האבן גענומען גרייטן בונקערס צו באהאלטן זיך אין פאל פון ווייטערע „אויסזידלונגס"־אקציעס. אין דער זעלבער צייט האט מען ווידער גענומען ברענגען בייע טראנספארטן יידן קיין מעזריטש פון דער גאנצער אומגעבונג. אויך פון

ראדזין זענען אָנגעקומען אַ סך יידן. צווישן זיי האָט זיך געפונען משה איידלמאַן מיט אַ זון און צוויי טעכטער. כ'האָב די קינדער אריינגענומען דעמאָלט צו זיך אין בונקער, וווּ זיי זענען צוזאמען מיט מיר באהאלטן געווען עטלעכע נעכט. אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען דאָס כאַפּן האָט זיך אָפּגעשטעלט, זענען מיר ארויס פון בונקער; אויך איידלמאַנס קינדער זענען געגאַנגען צו זייערע עלטערן. אָבער גראָד אין זעלבן טאָג איז פאָרגעקומען די צווייטע אקציע. בשעת דער אקציע איז איידלמאַנס פרוי מיט די קינדער אַוועק אין וועלדל נעבן דער שטאָט; אויפן וועג זענען זיי אַלע דערשאָסן געוואָרן.

ביי דער דריטער אקציע האָבן די דייטשן אַנטדעקט מיין בונקער. מיר זענען דאָרט געווען זיבן יידן, צווישן זיי אויך מיין פאָטער. מען האָט אונז איבערגעפירט אין בית־מדרש אריין — וווּהין עס האָט מען איצט צונויפגעזאַמלט די יידן אָפּצו־טראַנספּאָרטירן זיי אין די טויטן־לאַגערן. מיין פאָטער האָט באַשלאָסן בשום אופן נישט צו גיין אין לאַגער אריין. נאָר אומצוקומען דאָ אויפן אָרט. נאָך צוויי טעג איז דאָס בית־מדרש ארומגערינגלט געוואָרן מיט אַן אָפּטיילונג פון זשאַנדאַרן, ס.ס.־לייט, ווי אויך פון פוילישע פּאָליציי. ס'איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל צו פאַרלאָזן דאָס בית־מדרש. בעתן פאַרלאָזן דאָס אָרט האָט מיין פאָטער זיך געוואָרפן אויף אַן ס. ס.־מאַן און גענומען אים שטיקן. איך בין צו צו־הילף מיין טאַטן. זשאַנדאַרן האָבן מיך אָפּגעריסן, נאָר כ'האָב באוויזן צו זען, ווי מיין פאָטער ליגט אויף דעם ס.ס.־מאַן און שטיקט אים מיט זיינע לעצטע כוחות. זיין סוף איז געווען אַ קויל אין קאָפּ.

— * —

מען האָט אונז אַלע אַוועקגעפירט אין די באַראַקן, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף די „פּיאַסקעס״, אויפן וועג קיין ראדזין. דאָרט פלעגט מען אַלעמען אויסטאָן די קליידער און רעוויזירן צי האָבן זיי נישט קיין געלט, גאָלד אָדער געווער; נאָך דעם פלעגט מען אָפּטראַנספּאָרטירן צום באַן־הויף.

אין זעלבן טאָג זענען געבראַכט געוואָרן נאָך יידן פון ראדזין — כ'האָב זיך געטראָפן מיט שלמה מיגדאַל און שלמה־לוזער פלייסיג. מיגדאַל האָט מיך געבעטן, אַז אויב איך וועל בלייבן לעבן און טרעפן זיין טאָכטער, זאָל איך איר איבערגעבן דאָס אָרט, וווּ ער האָט באהאלטן אַ ביסל געלט. דער אַלטער פלייסיג, ווידער, איז געשטאַנען און געוויינט ווי אַ קליין קינד — פאַרוואָס ער האָט נישט זוכה געווען צו שטאַרבן אויף זיין אייגן בעט. אַלע זענען מיר געשטאַנען ווי פאַראורטיילטע צום טויט.

אין אָוונט האָט מען אונז אַוועקגעפירט צום באַן — און ווידער קיין טרעב־לינקע. אין וואַגאָן אריין בין איך מיט מיגדאַלן און פלייסיקן. איך האָב באַשלאָסן ווידער צו שפּרינגען פון באַן און געבעטן זיי, אַז זיי זאָלן עס טאָן

גלייך מיט מיר. זיי האָבן זיך, אָבער, אָפּגעזאָגט דערפון. זיי האָבן זיך מיט מיר געזעגנט און געווּנטשן מיר, איך זאָל מצליח זיין איבערצולעבן און זוכה זיין צו דערציילן וועגן די גרויליקע צייטן.



על-יד הצריפים בפרבר „פיאסקי״ במזריץ׳
נעבן די באַראַקן אויף די „פיאַסקעס״ אין מעזריטש

און איך בין געשפּרונגען. איך בין געלעגן אויף דער ערד מיט פאַרמאַכטע אויגן און געהערט דאָס קלאַפּעדיי פון די רעדער. ווען די באַן איז שוין געהאַט פאַרביי, האָב איך געעפנט די אויגן און זיך געזען ליגן נעבן א וואַלד. איך בין אין אים אַריין און „איבערגעשלאָפן״ דאָרט די נאַכט. אינדערפרי האָב איך זיך איבערצייגט, אַז איך געפין זיך נישט ווייט פון שעדלעץ. ווען כ׳האָב אָנגעהויבן אַריינגיין טיפער אין וואַלד, האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף זיבן רוסישע פּאַרטיזאַנער, באַוואָפנטע מיט ביקסן. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז ביינאַכט וועלן זיי גיין באַפרייען דעם לאַגער מיט די דרייסיק טויזנט רוסישע געפאַנגענע, וועלכע האָבן זיך געפונען נישט ווייט פון שעדלעץ. די מעשה האָט מיר אויסגעזען אומגלויבלעך — ווי אַזוי קאָנען זיבן מענטשן, באַוואָפנטע בלויז מיט ביקסן, באַפרייען אַזא גרויסע צאָל? א גאַנצן טאָג האָב איך דערפון געטראַכט — אפשר איז דאָס בלויז א שפּאָס פון זייער זייט און אפשר ווילן זיי גאָר דערמיט מיך אויספּרובירן,

צי בין איך נישט קיין שפיאָן. ווען די נאכט איז צוגעפאלן, האָב איך אָבער געזען, אז זיי מאכן אלע הכנות אין וועג אריין. פאר מיר האָבן זיי קיין ביקס נישט געהאט, נאָר באפוילן פאָלגנדעס: ווען זיי וועלן אָנהויבן באשיסן די וואך־טורעמס, זאָל איך אָנהויבן שרייען הויך, כדי צו מאכן א טומל; איך בין, פארשטייט זיך, מסכים געווען.

ארום 10 אין אָוונט זענען מיר ארויס פון די טיפעניש פון וואלד און זיך געשאַרט מיט פאַרשידענע אומוועגן צום אָרט. די נאכט איז געווען זייער א פינצטערע און ארום 12 זענען מיר שוין געווען אין דער אומגעבונג פון לאגער. די טורעם־רעפלעקטאָרן האָבן באלויכטן דעם גאנצן שטח ארום און דאָך האָבן מיר זיך שטילערהייט צוגעשאַרט צו דער דראָטן־פארצוימונג. דער פלאַן איז געווען צו דערשיסן די וואך־סאָלדאטן און באפרייען די געפאנגענע. איינער פון די פארטיזאנער האָט געגעבן א באפעל און מיט איינמאָל איז געעפנט געוואָרן א שיסעריי. כ׳האָב געהערט ווי פון א טורעם קאָטשעט זיך אַראָפּ עפּעס א שווערע משא; דער אָפּהילך איז געווען ווי עס פאלט אן אָפּגעשניטענער בוים. מיין הארץ איז אָנגעפולט געוואָרן מיט פרייד. פלוצלונג, אָבער, האָבן די דייטשן אויף די טורעמס גענומען לענקען די רעפלעקטאָרן אויף אונזער ריכטונג. זיי האָבן געעפנט א שטאַרקע שיסעריי פון מאשין־געווער. צוויי פון אונז זענען געפאלן טויט. און מיר זענען אוועק צוריק אין וואלד. די דאָזיקע נאכט זענען מיר שוין נישט געשלאָפן, ווייענדיק אונטערן איינדרוק פון די געשעענישן און ריכטנדיק זיך אויף א דייטשן באזוך. די פארטיזאנער זענען אין מיטן נאכט אוועק אייבשאפן זיך עסן און מיך נישט מיטגענומען. איך האָב אויסגענוצט זייער אָפּוועזנהייט און ווידער אוועק אין דער ריכטונג פון מעזריטש.

אויפן וועג האָבן מיך געכאַפּט פיר גויים. זיי האָבן מיך געבונדן, ארויפגעלייגט אויף א וואָגן, כדי מיך אָפּצופירן קיין מעזריטש און איבערגעבן מיך די דייטשן און באקומען דערפאר א באלוינונג פון 4 קילאָגראַם צוקער. כ׳האָב זיי געבעטן מיך באפרייען און צוגעזאָגט זיי דערהביי מיין ווינטער־רעקל. כ׳האָב זיי דערקלערט, אז דאָס רעקל איז דאָך טייערער ווי 4 קילאָגראַם צוקער. זייער ענטפער איז געווען: זיי זענען דאָך 4 מאַן און ווי אזוי וועלן זיי זיך טיילן מיטן רעקל?... אָבער נאָכדעם ווי כ׳האָב זיי פאַרגעלייגט צוצוגעבן זיי מיינע שטיוול האָבן זיי שוין באשטאַנען, אויפגעבונדן מיך און באפרייט. בארוועס און נאקעט אין א פראָסטיקן און א שנייענדיקן טאָג בין איך אוועק קיין מעזריטש; די קעלט האָט מיך צוגעדריקט ביז חלשות. די פיס מיינע זענען פארוואנדלט געוואָרן אין צוויי געפרוירענע גלידער, וועלכע האָבן געמאכט אויף מיר דעם איינדרוק ווי צוגעזעצטע טיילן צו מיין קערפּער...

ווען כ׳בין אָנגעקומען קיין מעזריטש, האָב איך געטראָפן באקאנטמאכונגען אין די גאסן, אז די אקציעס זענען אָפּגעשטעלט; די אלע, וואָס געפינען זיך אין מעזריטש וועלן געשיקט ווערן נאָר אויף אַרבעט. און אזוי איז טאקע געווען. מען האָט אונז געשיקט פאַריכטן שאָסייען. איך האָב געאַרבעט, מיט נאָך א סך יידן, אין דער דייטשער פירמע „סטואג", וועלכע האָט פאַריכט שאָסייען און אויך געפלאַסטערט נייע. אָבער נאָכן אָפּאַרבעטן א חודש האָבן די דייטשן דורכגעפירט די פערטע אקציע.

אין דער נאַכט פון דער אקציע האָט אונז דער אַרבעטס־אָנפירער ני׳שט אהיימגעלאָזט, כדי מיר זאָלן איר אויסמיידן. איז אָבער אָנגעקומען פון ראַדזין דער הויפּט ס.ס.־מאַן, פישער, און פאַראָרדנט, אז מ׳זאָל אונז דאָך איבערגעבן אין טראַנספּאָרט אריין אוועקגעשיקט צו ווערן.

פון „סטואג" האָט מען אונז אוועקגעפירט אין מעזריטש צום מאַרק. דער באפעל איז געווען, אז אלע יידן מוזן שטיין קניענדיק; יעדער, וואָס האָט געוואַגט זיך אויפשטעלן איז גלייך דערשאָסן געוואָרן.



כורעים ומשתחוים
יידן וואַרטן קניענדיק

פאַרנאַכט האָט מען אונז רייענווייז געפירט צו דער באַן. פיל קריסטן זענען געווען אויף די גאסן צוקוקן זיך צו אונזער שוואַרצן טאָג. מיט שמייכלען אויף זייערע פנימער האָבן זיי זיך מיט אונז „געזעגנט". די רייען מיט די יידן האָבן זיך געצויגן לאַנג־לאַנג. אין ביידע זייטן האָט מארשירט זשאַנדארמעריע. ס׳איז

אויך געווען פוילישע און יידישע פא̇ליציי.

און ווידער הא̇ט מען אונז אריינגעפּאַקט אין א וואַגאָן. די טיר און פענצטער זענען פארמאכט געווען פון אויסנווייניק...



ושוב לתחנת הרכבת...
ווידער צום באַן-הויף

און מיר זענען אָנגעקומען אין לאגער מאַיידאַנעק. ביים טויער פון אריינגאַנג האָב איך געטראָפן דויד'שע זיסמאנס א טאָכטער פון ראדזין. איך האָב איר געפרעגט: „וואס טוט מען דאָ?" — אָבער זי האָט מיר נישט געענטפערט. דערווייל האָט מען אונז אלע צוגעפירט צו דער באָד... דאָרט האָב איך ווידער געטראָפן א ראַחזינער — יודל ראוועניאק. כ'האָב אים געזען קערן ארום שטח פון דער באָד. כ'האָב געפרווט צו אים עפעס רעדן, אָבער ער האָט מיר אויך נישט געענטפערט. א ביסל שפעטער איז ער צוגעקומען צו מיר, געגעבן מיט עטלעכע קאַרטאָפל און דערביי מיר אָנגעוויזן אויף וועלכער זייט זאָל איך זיך שטעלן ביים אָרדנען. כ'האָב געטאָן ווי ער האָט געהייסן. אונזער טראַנספּאָרט איז טאַקע צעטיילט געוואָרן אויף צוויי גרופּן.ביידע גרופּן זענען אריין זיך באָדן. איינע איז ארויס — צווישן די דאָזיקע בין איך אויך געווען — און די צווייטע איז געטויט געוואָרן מיט ציקלאָן.

—*—

זעקס מאָנאטן בין איך אָפּגעווען אין מאַיידאַנעק און נאָכער האָט מען מיך געשיקט אין א קוילן־גרובן־יאַוואָזשנע, אין זאגלעמביע. דאָרט האָבן מיר שווער

געארבעט און דערביי געהונגערט. ווען דער פראָנט האָט זיך אין יאָר 1945 אָנגערוקט צו אונז, האָבן די דייטשן עוואקואירט און איבערגעפירט אונז קיין בלאכאמרי. איך מיט נאָך צוויי יידן זענען אנטלאָפן און די איבעריקע זענען אממייסטנס אויסגעשאָסן געוואָרן אויפן וועג.

איך בין אוועק אין דער ריכטונג צו די רוסן. לויפנדיק בין איך צוגעקומען צו א טייך. פון ווייטנס האָב איך געזען, אז פון דער אנדערער זייט טייך שטייט דאָס רוסישע מיליטער און שווערע רוסישע טאנקען באוועגן זיך צו מערב־זייט. איך בין געגאנגען לענג־אויס דעם טייך און געזוכט א בריק אריבערצוגיין דאָס וואסער. אויפן וועג איז ארויס א דייטש פון די שוץ־גרובנס און געוואָלט מיך דערשיסן. איך האָב אים געבעטן, אז ער זאָל מיך פירן צום הויפט־שטאָב־פירער. ווייל איך האָב אים עפעס וויכטיקעס צו דערציילן. נאָך גרויסע תחנונים האָט ער מיין פארלאנג דערפילט. דעם הויפט־פירער האָב איך דערציילט פארשידענע מעשיות, און דער סוף איז געווען, אז ער האָט באפוילן מיך צו בינדן און אוועק־לייגן אויף דער בריק, וואָס דארף אויפגעריסן ווערן דורך די דייטשן — צוגעבנדיק דערביי, אז א קויל איז א שאָד פאר אזא יודע.

און מען האָט געטאָן ווי ער האָט געהייסן. איך בין געלעגן געבונדן אויף דער בריק ווי א בהמה צו שחיטה און די דייטשן האָבן געמאכט אלע צוגרייטונגען צום אויפרייסן. ווי א פילם־טאַשמע איז דורכגעגאנגען דורך מיין קאָפּ אלע פאקטן פונעם געראנגל פארן איבערלעבן. איך בין דורכגעגאנגען אלע מדורי גיהינום און געבליבן לעבן. און דאָ, ביי די לעצטע קלעפּ, וואָס דער היטלעריזם באקומט ממש פארן נצחון, ליגט מיין קערפער גרייט צו צעשפרונגען ווערן צוזאמען מיט אייזן פון דער בריק! מיינע אויגן זענען פארלאָפן געוואָרן מיט טרערן און דעם בלויען הימל האָב איך געזען ווי פאַרנעפּלט.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט פון דער מזרח־זייט א שטארקע שיסעריי פון שווערע האַרמאַטן. א ווײַלע האָב איך געווענדעט מיינע אויגן צום וואסער. כ'האָב געוואָלט אָפּווישן מיינע טרערן, אָבער די הענט זענען געווען צוגעבונדן אויף הינטן. פון דערווייטנס האָב איך געזען די גרינע ביימער פונעם אויפגייענדיקן פרילינג. א ווינטל האָט געגלעט מיינע צעשויבערטע האָר, ווי א ליבלעכע האנט, וואָס גלעט א גוסס, עס זאָל אים לייכטער זיין דער טויט...

און ווידער אומגעריכט האָט זיך דערהערט א שטארקע קלאַפּעריי פון אָנקומענדע שווערע טאנקען, וועלכע דערנענטערן זיך פון מזרח; איינער פון זיי איז געבליבן שטיין נעבן מיר. א סאָלדאט איז ארויס פון טאַנק, איבערגעשניטן די שטריק און מיך באפרייט...

שרה פאַס

# צווײ יאָר אין א פינצטערן גרוב

איך בין אין יענער, פאר אונז שרעקלעכסטע, צייט געווען איינע פון די לעצטע — און אפשר גאָר ממש די לעצטע — איינוווינער פון דער יידישער עדה, וועלכע איז אוועק פון אונזער געבורטס־שטעטל. איך, וועלכע קען ליידער וועגן זיך זאָגן, אז מיט מיין ארויסגיין פון ראדזין, האָב איך פארמאכט אירע יידישע קהילה־טויערן אויף אייביק, האָב מיטגענומען אין מיינע נשמה־טיפענישן די אנגעווייטיקסטע שרעקלעכע זכרונות; די טרויעריקע לעבנס־געשיכטע פון אונזערע טייערסטע קרובים און פריינט — די קדושי־ראדזין אין זייער לעצטן וועג. איך טראָג דאָס שרעקלעכע בילד פון יענע טעג, וועלכעס קען נישט אוועק פון מיינע אויגן נישט ביי־טאָג און נישט ביינאכט; וויל איך כאָטש א טייל פון מיינע זכרונות ארויסברענגען פון מיין געדאנק.

— * —

באלד ביים אָנהויב פון דעם אריינקומען פון די מערדערלעכע געסטאַפּאָ קיין ראדזין, זענען זיי אין א ווינטער־אָוונט פלוצלונג אריין צו מיר אין שטוב און מיט זייערע פארשיכור'טע קולות גענומען שרייען צו מיר, אז איך זאָל זיי געבן דעם „אקט פון ענגלאנד". די ערשטע מינוטן האָב איך גאָרנישט פארשטאנען וואָס זיי ווילן און פון שרעק האָב איך געשטאַמלט בלויז די ווערטער: „מיינע הערן, מיינע הערן.." באלד האָבן זיי, די זעקס באנדיטישע היטלעראָווצעס, מיט גרויס כעס ארויסגעכאפט זייערע רעוואָלווערן און געדראָט אונז אלעמען צו דערשיסן, אויב מיר וועלן נישט שוין געבן דעם אקט, וועלכן ענגלאנד האָט געמאכט מיט די יידן. ווען איך האָב אָנגעהויבן ביי זיי זיך צו בעטן, אז איך ווייס נישט פון אזעלכעס — צוטוליענדיק מיין קינד, וועלכעס האָט זיך געטרייסלט פון שרעק — האָבן זיי מיט רוגזה באפוילן, אז אלע מיינע יידישע שכנים זאָלן זיך שוין באלד צונויפזאמלען ביי מיר אין שטוב. זיי האָבן באלד אריינגעשלעפט מיינע שכנים העניך ניסנבוים („וואָלאָסאָווינסקער"), זיין זון יחיאל און זיין קראנק אייניקל פון דעם זון משה, וועלכער וווינט אין אַרגענטינע. אויך חעניכ'ס זון פון קאָצק מיט זיינע דריי קינדער, וועלכע האָבן דעמאָלט זיך געפונען אין שטוב. די דייטשן האָבן דאן באפוילן, אז אלע יידן זאָלן זיך שטעלן אין איין רייע, מיט די געזיכטער צו דער וואנט, און געשריגן צו אלע: „גיט שוין אהער דעם אקט פון ענגלאנד, רירט אייך נישט פון אָרט, ווען נישט וועלן מיר אייך דערשיסן דאָ באלד!" איך בין צופעליק געשטאַנען נאָענט ביי דער טיר און זעענדיק ווי מיין צען־יאָריקער זון ציטערט אינגאנצן, האָב איך זיך, כמעט אָן באוווסטזיין, ארויסגערוקט מיטן קינד פון שטוב. אָבער אין גאס בין איך געבליבן שטיין —

וווהין גייט מען, אז גיין אין גאס אזוי שפעט דראַט ווידער דערשאָסן צו ווערן דורך די מיליטערישע פּאַטרולן? בין איך דורך די הינטער־געסלעך, אוועק אין נאָענטסטן פעלד, נישט ווייט פון מיין הויז, וועלנדיק הערן, וואָס עס וועט זיין מיט די אלע אין שטוב. דערשטיקנדיק דאָס געוויין פון דעם קינד, און ציטערנדיק איבער דעם גורל פון די יידן אין שטוב, בין איך אזוי געזעסן אין פעלד א גאנצע נאכט. נישט הערנדיק קיין קלאַנג פון א שאָס האָב איך זיך אלץ מער באַרואיקט. און אויך באַרואיקט דאָס קינד, וועלכעס האָט געשוידערט פון קעלט. פאַרטאָג ווען עס איז שוין די מערדער אליין נמאס געוואָרן די דאָזיקע שפּיל, זענען זיי שיכור־מידע ארויס פון מיין שטוב, לאָזנדיק א באפעל, אז מאָרגן, ווען זיי וועלן ווידער קומען, זאָל דער אקט זיין צוגעגרייט פאַר זיי. צומאָרגנס זענען מיר שוין נישט געווען אין אונזערע היימען; מיר זענען אוועק ווו איינער האָט נאָר געקענט. ווען די רויבער זענען ווידער געקומען און קיינעם פון אונז נישט געטראָפן, האָבן זיי פאַר די פוילישע שכנים אונז באַשיט מיט קללות און דראָאונגען. אָבער מער זענען זיי שוין נישט געקומען.

—*—

אין ווינטער 1941 האָט דער עלטסטער געסטאַפּאָ־רויבער, פישער, באַפוילן, אז אלע יידן מוזן תיכף צושטעלן זייערע אלע פוטערס און פוטערוואַרג. די יידישע באַפעלקערונג, וויסנדיק שוין, אז פריער אָדער שפּעטער, וועלן זיי ווערן ארויס־געשיקט פון ראַדזין, האָט געוואָלט האָבן דעם פוטערוואַרג פאַר א נויט, טאָמער וועט מען ארויסגעשיקט ווערן אין ווינטער־צייט. האָט טאַקע יעדער גענומען אוועקגעטראָגן דאָס פוטערוואַרג צו באַקאַנטע פוילישע פאַמיליעס, צום באַהאַלטן עס דאָרט. טייל פּאָלאַקן האָבן דאָס נישט געוואָלט צונעמען, זאָגנדיק, אז זיי ווילן נישט, עס זאָל ביי זיי בלייבן דאָס לעצטע פאַרמעגן פון זייערע אומגליקלעכע יידישע שכנים, אָבער א גרויסער טייל האָט דאָס גענומען מיט קענטיקן פאַרגעניגן, צוגעבנדיק, אז אידער עס זאָל בלייבן ביי די דייטשן, איז בעסער אז זיי, די פּאָלאַקן, זאָלן דאָס האָבן... דערביי האָבן זיי נישט ארויסגעוויזן קיין שום מיטגע־פיל פאַר זייערע יידישע שכנים. איינע א ראַדזינערין, די פרוי שרה ניימאַן, וועמענס מאַן האָבן שוין די דייטשן געהאַט דערשאָסן אין סלאָוואַטיטש מיט נאָך עטלעכע פופציק אנדערע יידן און זי איז געבליבן מיט אירע צוויי יתומים — האָט גענומען איר פוטער און אריינגעטראָגן עס צו איר גאָר גוט באַקאַנטן שכן מיטן נאָמען „קאַטשקע". ער האָט עס ביי איר, ווי גאָרנישט, צוגענומען צום באַהאַלטן, אָבער מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער די זאַך געמאָלדן אין דער געסטאַפּאָ. באַלד איז שרה ניימאַן געוואָרן ארעסטירט און ביי דער טיר פון דעם אַרעסט־הויז דערשאָסן. עס איז געוואָרן א גרויסער רעש אין שטאָט. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, ווערנדיק זייער אָנגעפילט מיטן ווייטיק, האָט — נישט פאַרשטענ־

דיקנדיק זיך איינער מיטן צווייטן און דאָך ווי אויף א באַפעל — געכומען בייגאַכט צוריק די פּוטערס פון די פּוילישע שכנים און אריבער־געוואָרפן דורכן פּלויט אין הויף אריין, וווּ עס האָט געוווינט דער פּרעזעס פון יודן־ראַט, דוד ליכטנשטיין. און ווען דוד פישלס האָט איבערפרי געוואָלט עפענען זיין טיר, האָט ער נישט געקענט, צוליב די אָנגעוואָרפענע פּוטערס... די גזילה האָבן די מערדער מיט אויטאָס אוועקגעפירט.

נאָך די פילמאָליקע קאָנטריבוציעס פון געלט און לעצטע ווערטפולע זאכן; ווען די געסטאַפּאָ־מערדער האָבן שוין געוווּסט, אז מער האָבן זיי שוין נישט וואָס ביי אונז אויסצופּרעסן און מיר זענען שוין אַלע געווען פיזיש צעבראָכן און גייסטיק דערשעפּט; ווען שוין כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט פון דעם ביסל זופּ, וואָס עס האָט געגעבן די איינציק־געבליבענע יידישע אינסטיטוציע, די קהילה־קיך — האָט דער עלטסטער באַנדיט, פישער, גענומען אדורכפירן זיין טייוולאָנישן פּלאַן, די לעצטע אויסזידלונג פון די יידן. און אין הערבסט 1942, פינף אזייגער פאַרטאָג, זענען זיי פּלוצלונג אָנגעפאַלן אויף די יידישע שטובן, מיט זייערע אמתע פיר־פיסיקע הינט, און נאָך ערגערע צוויי־פיסיקע חיות, פרעמדע אוקראַינער און היימישע פּאָלאַקן, מיט שרעקלעכע בהלה־דיקע געשרייען. זיי האָבן אָנגעהויבן ארויסטרייבן האַלב־נאַקעטע יידן — אלט און יונג — פון זייערע אַלטע היימען. דאָס האַרצרייסנדע געוויין פון די קליינע קינדער און דער דערשטיקטער יאָמער פון די דערוואַקסענע האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם געבריל און טופּעריי פון די מערדער און מיט דעם האַווקעריי פון די סטאַדע הינט. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אויפגעוועקט די נאָך שלאָפנדיקע פּוילישע שכנים. די מער פשוטע און ערלעכע פון זיי זענען באַלד געלאָפן אויפן שול־פּלאַץ, וווּ די דייטשן האָבן אָנגעיאָגט די אומגליקלעכע יידן; די פּלויטן און דעכער פון די ארומיקע הייזער זענען געוואָרן פול מיט נייגעריקע פּוילישע צושויער. דאָקעגן, דער גרעסטער טייל פּוילישע שכנים איז גלייך געלאָפן פאַרכאַפּן דאָס נאָך נישט אָפּגעקילטע יידישע בעטגעוואַנט און אַנדערע זאכן, וועלכע זענען נאָך נאַס געווען פון די טרערן, וואָס די געפייניקטע יידן האָבן אויף זיי די לעצטע מינוטן פאַרגאָסן.

אויף דעם ראַדזינער שול־הויף האָבן דערווייל די פּיראַטן אָנגעטריבן די אָנמעכטיקע יידישע באַפעלקערונג. דער הערשער, פישער, האָט דעמאָנסטראַטיוו דערקלערט, מיט פול שפּאַס אויפן פּרצוף, אז פון איצט־אָן האָבן די יידן שוין נישט מער קיין רעכט צו זיין אין ראַדזין און אז דאָס קהילה־פאַרמעגן ווערט קאָנפיסקירט. צייטווייליק ווערן איבערגעלאָזט די נויטיקסטע פאַר זיי אַרבעטער, צווישן זיי דער פּרעזעס מיט זיינע מיטאַרבעטער און זייערע פאַמיליעס — אַלע צוזאַמען 38 פּערזאָן. אין עטלעכע וואָכן שפּעטער האָבן די דייטשן זיי אַלע קאָנ־

צענטרירט אין איין געביידע. ס'האָט לאנג נישט געדויערט און זיי זענען אומגע־בראכט געוואָרן מערדערלעך.

איך האָב דעמאָלט געוווינט אין א זייטיק געסל, דעריבער בין איך גאָר „פארגעסן געוואָרן" פון די באנדיטן; זיי זענען צו מיר אין שטוב־אריין נישט געקומען. אָבער דערוויסנדיק זיך, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט, בין איך מיט מיין קינד ארויס פון שטוב, נישט וויסנדיק ווו זיך אויסצובאהאלטן. מיר האָבן געוואָלט אריינלויפן אין א שטוב פון א באקאנטע פוילישע פאמיליע, אָבער זיי האָבן פאר מיר פארקלאַפּט די טיר. ווי האלב נישט נאָרמאל בין איך געלאָפן פון הויז צו הויז, אָבער אומעטום האָט מען מיר אָפּגעזאָגט אריינצולאָזן. דאן בין איך צוגעלאָפן צו אונזער אלטע באקאנטע ווֹשין, מיטן נאָמען אָקושט. זי האָט אונז באהאלטן ביי איר אין שטוב. אליין איז זי געלאָפן זען, צי עס איז שוין רואיק, צי די מערדער לויפן שוין נישט איבער די הייזער. נאָך עטלעכע שעה איז זי געקומען מיט דער בשורה, אז מיין מאן איז געלונגען ארויסצוקריגן זיך פון די געסטאפּאָ־הענט.

שפּעט אין אָוונט זענען מיר, גליקלעכגילטיקע און אַפּאַטישע צום לעבן, צוריק אריין אין אונזער שטוב. וויסנדיק, אז יעדע מינוט זענען מיר אויסגעשטעלט באמערקט צו ווערן דורך די דייטשן, אָדער היימישע אויסוורפן. אָבער זייענדיק שוין פאריתומט פון אלע יידן, זענען מיר געוואָרן גלייכגילטיק צו אלעם, וואָס קען געשען. און אזוי ארום זענען מיר געוועזן ביי זיך אין שטוב נאָך עטלעכע וואָכן. אין דער צייט האָבן זיך וועגן מיין זיין אין שטוב דערוווסט עטלעכע יידן, וועלכע, נישט אריינפאלנדיק אין די נעגל פון די דייטשן, האָבן זיך שוין נישט צוריקגעקערט אין דייערע היימען, נאָר זיך ארומגעוואָלגערט אין די נאָענטע וועלדער. ביינאכט פלעגן זיי קומען צו אונז אין שטוב אריין אריינכאפּן א ביסל וואַרעם עסן. נישט וויסנדיק וואָס דערמאָרגנדיקער טאָג וועט אונז ברענגען, פלעגן מיר יעדן טאָג הארציק און מיט שטיקנדיקע טרערן זיך געזעגענען. אין דער דאָזיקער צייט איז אויך געקומען צוריקצולויפן מיין שוועסטער זלאַטעס טאָכטער, שרה, וועלכע איז ארויסגעשפּרונגען פון צוג, וואָס איז געפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע; דאָס איז געווען שוין אכט קילאָמעטער פון דעם טויטן־לאגער. זי איז דעמאָלט געווען א קינד פון פופצן יאָר.

דאָס שרעקלעכע אויסזען פון דעם העלדישן קינד; דער האלב־נאקעטער קערפּער אירער; אירע קורצע, אָבער שוידערלעכע דערציילונגען וועגן די לעצטע מינוטן פון אונזערע נאָענטסטע אין דעם דאָזיקן וואגאָן; אירע איבערלעבענישן, לויפנדיק עטלעכע הונדערט ק"מ צופוס אן אָפּגעריסענע, הונגעריקע און פול מיט שרעק — האָט אונז פארגליווערט דאָס בלוט. אפילו אין יענער צייט, ווען מיר האָבן שוין אזוי פיל פיין און ליידן געזען און געהערט, האָט דעם קינדס

שילדערונגען איבערגעשטיגן אונזערע פאָרשטעלונגען און פאַנטאַזיעס. מיר האָבן מיט איר מיטגעקלאָגט, אָבער גליקלעכערהייט אין האַרץ זיך מיט איר געפרייט, וואָס זי איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט, ווייל מיר האָבן זיך שוין געגרייט צום ארויסגיין ביינאַכט אין דעם נאָענטן דאָרף ביאַלע, צו א געוויסן פויער, מיט וועלכן עס איז שוין געווען אדורכגעפירט א טראַנזאַקציע וועגן דעם אויסבאַהאַלטן אונזער לעבנגעבליבענע פאַמיליע. מיין שוועסטער מיט איר יינגערע טאָכטער אסתר איז שוין דאָרט געווען און מיר האָבן געוואַרט אויף א פינצטערער, אָן לבנה׳דיקע נאַכט, כדי זיך ארויסצוגנבענען פון שטאָט. צוויי טעג נאָכן קינדס קומען, זעענדיק, אז עס דראָט אונז יעדע מינוט אַנטדעקט צו ווערן, זענען מיר — איך, מיין מאַן, מיין זון און מיין שוועסטערס קינד — אוועק צום פויער אין דעם דאָרף אריין; דאָרט איז געווען צוגעגרייט פאַר אונז א באַהעלטעניש אין דעם שייער, וווּ עס איז אין דער מיטן פון היי געמאַכט געווען אַן אָרט פאַר אונז און ארום פאַרמאַסקירט מיט דעם ארומגעלייגטן, ביזן באַלקן, היי. דער אריינגאַנג אין דער דאָזיקער „וווינונג" איז געווען דורך א געמאַכטע נאָרע אין דער ערד, אין דעם חזיר־שטאַל, וועלכער האָט זיך געגרענעצט מיט דעם שייער. אַזוי, אז עס האָט קיינעם נישט געקאָנט איינפאַלן, אז דאָרט, אין מיטן דעם היי, לעבן זעקס יידישע נפשות.

— * —

דעם פויערס גאַנצע ווירטשאַפט איז געווען אָפּגערוקט פון דאָרף אויף א קאָלאָניע, דעריבער איז עס געווען מער געזיכערט און געשיצט פון פרעמדע אויגן. ביסלעכווייז האָט אָבער דער פויער ארומגענומען דאָס היי פאַר זיינע בהמות, ביז ער איז שוין צוגעקומען נאָענט פון אונזער באַהעלטעניש. אויך איז שוין געוואָרן פרעסט און עס איז געוואָרן פאַר אונז אוממעגלעך ווייטער דאָרט צו זיצן. אונזער פּלאַן ביים אריינגיין אין דעם באַהעלטעניש איז געווען — ווי ביי אלע יידן אין יענער פינצטערער צייט — אז אָט אין א חודש־צוויי ארום וועט דאָס סאָוויעטישע מיליטער, וועלכעס איז שוין געגאַנגען פאָרויס פאַריאָגן די דייטשן. דאָס האָט אונז געגעבן כוח צו ליגן אין די גאָר ערגסטע באַדינגונגען. אָבער זעענדיק, אז דער פאָרויסמאַרש פון די סאָוויעטן פאַרציט זיך און אז עס דראָט אונז די געפאַר אַנטדעקט צו ווערן, האָבן מיר צוגעטראַכט א נייעם פּלאַן וועגן אויסגראָבן א גרוב אין דער ערד און דאָרט איבערזיצן נאָך עטלעכע חדשים, לויט אונזערע דעמאָלסטיקע אויסרעכענונגען. און מיר זענען אין א פינצטערער נאַכט צוגעטראָטן צו דער ארבעט. אין פאַרלויף פון דער נאַכט האָבן מיר געמאַכט א גרוב, אין די פיר ווינקלען אויפגעשטעלט פיר הויכע קלעצער, און אין דער הויך פאַרדעקט מיט ברעטער. דערנאָך פאַרשאָטן מיט ערד אינדערהויך און ארויפגעשאָטן שניי, אז מען זאָל גאָרנישט דערקענען. אינדערפרי האָט דער

בעל־הבית אויף דעם אָרט איבער אונזערע קעפּ אוועקגעשטעלט זיין קערעט, צו שניידן פּאשע פאר די בהמות — אזוי ארום איז עס געוואָרן גוט פארמאסקירט. דעם אריינגאנג האָבן מיר ווידער געמאכט דורך א לאָך, וועלכער איז געווען געמאכט אין דעם חזיר־שטאַל, האַרט ביי דער ערד, אזוי אז מען האָט זיך קוים געקענט אריינשטופּן דורך אים אין דעם גרוב אריין. דאָרט האָבן מיר זיך באלד אָנגעהויבן פילן אזוי ווי האלבע מתים, נישט וויסנדיק ווען עס איז טאָג און ווען נאכט. אויך זענען מיר פון דעם דאָזיקן טאָג־אָן אָנגעוויזן געוואָרן אויף דעם פויערס קעסט, באַטירלעך פאר א גאנץ גוטער באצאָלונג — מיט אונזער גאנצן פארמעגן, וועלכעס מיר האָבן אים אוועקגעגעבן.

די ערשטע צייט פלעגט ער נאָך יעדן טאָג אראָפּגעבן ברויט פאר אונז אלעמען, אָבער מיט יעדער וואָך האָט ער אונז פארקלענערט די פּאָרציעס, ביז ער האָט אונז גענומען שפּייזן מיט בלויז קאַרטאָפל, אין די שאָלן, גענוי ווי ער האָט געשפּייזט זיינע חזירים; מער — האָט ער געטענה׳ט — קען ער אונז נישט געבן. מיר האָבן פארשטאנען, אז האָבנדיק שוין אלעס ארויסגעצויגן פון אונז, האָט ער חרטה אויף דעם געשעפט. אָבער וואָס לענגער עס האָט געדויערט, אלץ שטארקער איז געוואָרן ביי אונז דער ווילן צום לעבן און צו זען דעם סוף פון היטלערן, אויף וועלכן מיר האָבן געהאָפט, נישט קוקנדיק אויף דעם שטארקן הונגער, פון וועלכן מיר האָבן פרילינג־צייט שוין געליטן. אויך האָט אין פרילינג־צייט אָנגעהויבן אריינגיסן זיך, דורך דער ערד, דאָס וואסער פון צעגאנגענעם שניי און אויך האָט אריינגערונען דאָס אומריינקייט פון חזיר, וועלכע האָט דווקא ליב געהאט צו ליגן נאָענט פון דער עפענונג צו אונזער גרוב. דאָס אלץ האָט דורכגעוויקט דאָס ביסל בעטגעוואנט, אויף וועלכן מיר זענען געזעסן, ווייל אויפשטעלן זיך אין גרוב איז נישט מעגלעך געווען — נאָר ליגן אָדער זיצן האָבן מיר געמוזט.

אזוי איז אדורך דער ווינטער און עס איז אָנגעקומען דער זומער פון יאָר 1943 און קיין סוף צו אונזערע צרות האָבן מיר זיך נישט געקענט דערוואַרטן. אין א געוויסן טאָג אינמיטן דעם דאָזיקן זומער, האָט אונז דער בעל־הבית געמאָלדן, אז די דייטשן האָבן באפוילן, אז די גאנצע פּוילישע באפעלקערונג מוז גלייך פארלאָזן דאָס דאָרף און אז מען זאָגט, אז דייטשע פאמיליעס קומען זיך דאָ באזעצן. און עס איז אונז אין דעם גענוג פינצטערן גרוב נאָך מער פינצטערער געוואָרן פאר די אויגן. וואָס זאָלן מיר טאָן — צי זאָלן מיר ארויס פון דעם גרוב און גיין אויף א זיכערן טויט, ווען די באנדיטן וועלן אונז כאפּן, אָדער בלייבן דאָ אין גרוב און אויסגיין פון הונגער? מיר האָבן באשלאָסן צו בלייבן דאָ אין גרוב און נישט איבערגעבן זיך צו די דייטשן. אונזער פּויער האָט אונז, פאַרן ארויסגיין פון זיין היים, אראָפּגעגעבן עסן און ברויט, אויך וואסער, אויף עטלעכע

טעג. עס איז געוואָרן א טויט־שטילקייט ארום און ארום. מיר זענען שוין געווען גרייט, אז אין עטלעכע טעג ארום וועלן מיר דאָ אין דעם גרוב אויסגיין פון הונגער. עס איז אדורך איין טאָג און נאָך א טאָג און עס איז שטיל: מען הערט נישט און מען זעט נישט קיין דייטשן. אויפן פערטן טאָג האָבן מיר דערהערט פלוצלונג א שטארקן טומל, א טופעדיי פון פערד און שפּעטער אויך מענטשלעכע קולות; מיר זענען געווען זיכער, אז עס וווינען שוין דאָ דייטשן. צוהערנדיק זיך בעסער, האָבן מיר דאָך דערהערט פונדערווייטנס די פוילישע שפּראַך. דאָס האָבן מיר שוין נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס דאָס קען זיין. באלד אָבער האָבן מיר דערהערט די שטימען פון אונזער בעל־הבית, וועלכער איז צוגעקומען צו דער עפענונג פון גרוב און ארייַנגעשריגן צו אונז: „נו, וואָס איר לעבט נאָך?" ארויסגעוויזן האָט זיך, אז נאָך דריי טעג האָבן די דייטשן חרטה געהאט פון זייער פּלאַן צו באזעצן דאָרט דייטשן און געהייסן די אלטע איינוווינער צוריקגיין אויף זייערע ערטער. א שטראַל פון האָפענונג האָט פאַר אונז ווידער א שיין געטאָן — איבערצולעבן די אלע יסורים.

— * —

סוף זומער 1943 האָט אונז אונזער פויער דערקלערט, אז צוליב דעם וואָס עס זענען אים היי־יאָר נישט געראָטן די קאַרטאָפל, וועט ער אונז נישט קענען ווייטער אויסהאלטן מיט עסן און מיר מוזן זען צו באזאָרגן זיך מיט קאַרטאָפל אויפן ווינטער. דאָס הייסט, אז מיר מוזן גיין בייַנאכט אויסגראָבן קאַרטאָפל אין פרעמדע פעלדער און ברענגען צו אים — וועט ער עס אונז קאָכן. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן א רעכענונג מיט וואָס פאַר א סכנה דאָס איז פאַרבונדן, ווען עס זאָל אונז נאָר ווער באמערקן גייענדיק אין פעלד. אָבער וועלנדיק ראטעווען אונזערע קינדער, וועלכע האָבן שוין דעמאָלט אויסגעזען ווי סקעלעטן, בלייך און אויסגעדארט, און וועלנדיק אויך אליין לעבן — האָבן מיר זיך געלאָזט אויף דעם געפערלעכן וועג. צוליב פאָרזיכטיקייט זענען מיר געגאנגען יעדערער באזונדער אויף אן אנדער שטיקל פעלד. אויסגעקליבן האָבן מיר די פינצטערע, פאַרוואָלקנטע נעכט. דאָס הארץ האָט געציטערט פון שרעק. איך האָב איינגעהאלטן דעם אָטעם און געשלעפּט די קאַרטאָפל פון דער ערד ארויס. אָנקלייבנדיק אין זעקל ארייַן א ביסל קאַרטאָפל, האָב איך ווידער נישט געהאט קיין כוח זיך אליין צו פאַרוואַרפן אויף דעם אקסל־ארויף דאָס אָנגעקליבענע. און דערצו האָב איך זיך יעדעס מאָל אָנגעטראָפן אין עפּעס א שטיין און פאלנדיק ווידער אראָפּגעלאָזט פון אַקסל דאָס קוים ארויפגעלייגטע זעקל... פאַר די אויגן האָט מיר געגומען שווינדלען, פאָרלירנדיק דערביי די אָריענטאציע פון דער זייט, אין וועלכער איך דאַרף צוריקגיין אין דעם גרוב ארייַן. דערמאָנענדיק זיך, אָבער, אז דער אוצר וואָס איך טראָג, די קאַרטאָפל, וועלן אונז ראטעווען און געבן מעגלעכקייט ווייטער

צו לעבן — האָב איך באַקומען שטאַרקייט אויסצוהאַלטן די אַלע געפאַרן, וועלכע איך האָב געזען פאַר מיינע אויגן. מיר האָבן זיך טאַקע אָנגעגרייט עסן אויף א שטיקל צייט.

אָבער מיט יעדן חודש איז אונזער לאַגע געוואָרן ערגער. דער פויער האָט כסדר פאַרקלענערט דאָס עסן. אונזערע קינדער האָבן זייער פיל געליטן פון דעם הונגער. זייער אויסזען איז געווען שרעקלעך. איך און מיין שוועסטער האָבן מיר זיך זייער געשראָקן פאַר די קינדערס גורל. אזוי פיל האָבן מיר שוין געאָפּפערט פאַר זיי און וואָס טוט מען ווייטער, כדי זיי צו דערהאַלטן ביים לעבן? איך האָב ביי זיך באַשלאָסן איינצושטעלן מיין לעבן און גיין אין דעם נאָענטסטן דאָרף, וווּ איך האָב געהאַט א גוטע באַקאַנטע פויערטע, א מענטש מיט א גוט האַרץ. זי, האָב איך געטראַכט, וועט מיר זיכער געבן א ברויט פאַר די קינדער — מיר האָבן דאָך שוין קיין ברויט נישט געזען לאַנגע צייטן. איך האָב זיך אַרויסגעקריגן פון גרוב, נישט באַמערקט צו ווערן דורך אונזער בעל־הבית, וועלכער וואָלט מיך נישט געלאָזט גיין צוליב מורא פאַר זיך. און פאַרנאַכט בין איך אוועק אין דעם צווייטן דאָרף אַריין. שוין קומענדיק אין דעם דאָרף האָט מען מיך, ווייזט אויס, גלייך דערקענט, מעגלעך צוליב מיין זייער שלעכטן אויסזען. זיי האָבן אין מיר דערקענט דאָס גאָר שרעקלעכע וועלט־באַשעפעניש — דעם „יודע". די דאָזיקע בשורה האָט זיך, ווייזט אויס, גאָר שנעל פאַרשפּרייט איבערן דאָרף, אזוי, אַז ווען איך בין נאָר צוגעקומען צו דער פויערטעס כאַטע, האָט זי מיך מיט מורא געבעטן, איך זאָל שוין גלייך אוועק פון איר שטוב. זי האָט מיר מורא געהאַט עפּעס צו געבן. איך האָב גענומען צוריקגיין מיט גרויס ווייטיק נישט טראַכטנדיק וועגן דער געפאַר, וואָס דראָט מיר, נאָר וואָס וועט זיין מיט די הונגעריקע קינדער — איך האָב דאָך פאַר זיי גאָרנישט. פּלוצלונג האָב איך דערהערט, ווי אַן אַלטער מאַן רעדט צו מיר: „אַנטלויף גיכער, ווייל דער אַדמיניסטראַטאָר פון הויף האָט צוגעזען געגעבן טעלעפאָניש די דייטשן וועגן דיין זיין דאָ." ווי אויפגעוועקט האָב איך זיך דערמאָנט וועגן דער סכנה פאַר מיר; איך בין אַראָפּ פון וועג, אַריין אין פעלד און זיך אַראָפּגעלייגט אויף דער ערד. עס האָט מיך צוגעקלעמט ביים האַרץ, אָבער קיין כוח צו וויינען האָב איך שוין נישט געהאַט. ליגנדיק אזוי נישט לאַנג, האָב איך דערהערט א גערויש פון מאָטאָציקלען. איך האָב דערהערט דייטשע געשרייען צו די פויערים. זיי זענען געלאָפן מיט די מאָטאָרן איבערן וועג הין־און־צוריק. דערווייל איז די נאַכט צוגעפאַלן און איך האָב נישט געקענט דערקענען דעם וועג צו גיין אויף צוריק. בין איך געלעגן ווי צעטומלט א גאַנצע נאַכט אין פעלד. שפּעט בייטאָג האָב איך דערהערט א שיסערייַ. מיין געדאַנק האָט זיך שוין אָנגעהויבן צוגעווינען, אַז די דייטשן וועלן מיך דאָ געפינען און אַז איך וועל שוין צוריק אין גרוב אַריין נישט קומען. (נאָך

דער באַפרייאונג האָבן מיר פֿריערים פון יענעם דאָרף דערציילט, אַז אין יענער נאַכט איז געווען אַ שיסעריי צווישן די דייטשן מיט פּאַרטיזאַנער, וועלכע זענען ביינאַכט געקומען אין דאָרף אַריין). אַזוי בין איך געלעגן אַ גאַנצע נאַכט ביז איך האָב דערזען דעם אָנהויב פון טאָג. איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אָנגעהויבן אָריענטירן זיך וועגן דער ריכטונג צום גרוב. איך האָב זיך פּאַמעלעך גערוקט, האַלב־ליגנדיק, ביז איך בין צוריק אַריין אין אונזער באַהעלטעניש. פאַרשטענדלעך, אַז מיין מאַן און שוועסטער האָבן מיך שוין געהאַט באַוויינט, זייענדיק זיכער, אַז איך בין געפאַלן אַ קרבן, זוכנדיק אַ שטיקל ברויט פאַר אונזערע קינדער.

— • —

דער ווינטער פון 1944 איז פאַר אונז געווען אַן אַ שיעור שווער צום איבער־האַלטן. מיר האָבן שוין אַלע אָנגעהויבן פילן די סימנים פון די אויסגייענדיקע כוחות. דאָס פייכטקייט פון דעם גרוב איז אונז אַריין אין די ביינער. די אונטער־געשפּאַרטע קלעצער און ברעטער האָבן זיך גענומען אויסקרימען, עס האָט געדראָט אַז דאָס אַלץ זאָל גאָר אינגיכן איינפאַלן אויף אונז. פאַריכטן האָבן מיר שוין דאָס נישט געקענט, מיר האָבן זיך שוין נישט געפילט ביי די כוחות דאָס איבערצובויען אין איין נאַכט. אויך דער פויער האָט אונז נישט געוואָלט דערלויבן זיך צו ווייזן אויף דער ליכטיקער שיין, צוליב די באַנדעס „אַקאָווצעס", וועלכע האָבן זיך געדרייט אין יענע געגנטן. זענען מיר אַזוי געלעגן אויפן האַלב־צעפוילטן בעטגעוואַנט, דאָס וואַסער פון צעגאַנגענעם שניי האָט אַריינגערונען איבער אונזערע קעפּ. מיין זון האָט נישט געקענט האַלטן די הענט אַראָפּ נאָרמאַל, ווייל עס זענען אים צעפּלאַצט געוואָרן די הויט און דאָס פלייש צווישן די פינגער פון די הענט; זיין קרעכצן האָט אונז נאָכמער צעבראָכן. אפילו וויינען האָט ער נישט געטאָרט, ווייל אין דעם שייער, איבער אונזערע קעפּ, פלעגן זיך דעמאָלט זאַמלען פאַרשידענע פרעמדע מענטשן. מיר האָבן זיך שוין מתייאש געווען פון לעבן.

אָבער לעבן האָט זיך איצט נאָכמער געוואָלט, ווייל מיר האָבן געהערט, אַז דער פראָנט דערנענטערט זיך צו אונז; דער ווילן איבערצולעבן די מערדערלעכע דייטשן איז ביי אונז געווען אַן אַ גרענעץ שטאַרק. אַ גאַנצן ווינטער האָבן מיר זיך נישט געקענט אַרויסריידן פון דעם גרוב, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט קיין וואַרעמע קליידער. אָבער ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פרילינג, האָבן מיר זיך ווידער, נישט רעכענענדיק זיך מיט דעם לעבנס־געפאַר, אַרויסגעקריגן זיך שטילערהייט פון גרוב און געלאָזט זיך פון צייט־צו־צייט צו באַקאַנטע פוילישע פאַמיליעס, וועלכע פלעגן שוין אונז העלפן מיט ברויט. זעענדיק, אַז אונזערע קינדער ווערן פון דעם קליינעם שטיקעלע ברויט געשטאַרקט, האָט אונז דער אינסטינקט ווידער געטריבן צו גיין וווהין מען האָט נאָר געקענט, כדי צו דער־

האלטן די נשמות. צו אונזער אלעמענס גרויסע ווייטיק, איז מיין מאן איינמאָל געגאנגען ברענגען עפּעס צו עסן פאר אונז — און דאָס איז געווען שוין צען טעג פאר דעם פאריאָגן די דייטשן פון ראדזין — האָבן אים געטראָפן א באנדע „אַקאָוצעס" און אים אויף א מערדערלעכן אופן דערמאָרדעט. נאָך מיין מאַנס אומקומען, זענען מיר געוואָרן שוין איינגאנצן איינגעבראָכן. שוין גלייכגילטיק צו אלעם, וואָס עס וועט געשען. מיר האָבן געגלויבט, אז איצט וועלן אָט די באנדעס היימישע מערדער, פריער אָדער שפּעטער, אונז דערמאָרדן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר דערהערט א שטארק גערויש פון עראָפּלאנען און דאָס אויפרייסן פון באָמבעס. פארשטייענדיק, אז דער פראָנט דערנענטערט זיך, האָבן מיר אינסטינקטיוו מורא געהאט זיך וועגן דעם צו פרעגן ביי אונזער בעל־הבית. ער ווידער, אראָפּגעבנדיק אונז דאָס ביסל קאַרטאָפל, האָט אונז וועגן דעם גארנישט געזאָגט. ווען מיר האָבן אָבער דערהערט פון די פעלדער א טופּעריי פון פערד און וועגענער און א טומל פון מענטשן, האָבן מיר פארשטאנען, אז דאָס איז מיליטער פאראן נעבן אונז, אָבער נישט קענענדיק הערן די שפּראַך, האָבן מיר נישט געוווסט, צי זענען דאָס דייטשן אָדער שוין סאָוויעטן. ווען עס איז שוין אינגאנצן שטיל געוואָרן האָט אונזער פויערס אלטער פאָטער ארייגעגערעדט אין גרוב־אריין, אז די דייטשן זענען שוין נישטאָ, עס זענען שוין אריין קיין ראדזין די רויט־ארמייער, אָבער — האָט ער צוגעגעבן — איך ווייס נישט, צי איר האָט שוין „רעכט צו לעבן" און דעריבער קענען מיר אייך נישט ארויסלאָזן פון דאנען נאָך דערווייל... מיר האָבן זיך אָנגעהויבן נאָכמער שרעקן. דאָס שווייגן פון אונזער בעל־הבית האָט אונז נאָכמער געשראָקן, נישט וויסנדיק, וואָס ער טראכט מיט אונז צו טאָן... באַשלאָסן האָבן מיר, איך מיט מיין שוועסטער, אז מיר מוזן ארויסגיין פון גרוב שטילערהייט — אונזער פויער זאָל אונז נישט באמערקן. אָבער ווי אזוי גייט מען דאָס ארויס צווישן מענטשן, אז מיר זענען האלב־נאקעט? אונזערע אלע קליידער זענען פון נאַסקייט צעריסן געוואָרן. מיר האָבן אין שטאָט נאָך געהאט ביי פוילישע שכנים איבערגעלאָזט א ביסל מלבושים, האָבן מיר געקלערט, אז איינע פון אונז זאָל גיין און דאָס ברענגען. אָבער אין שיין פון אונזער נאָך פרישן אומגליק פון מיין מאַנס טויט, האָבן מיר באשטימט אויף ניין; באזונדער גייען מיר נישט, נאָר אלע צוזאמען; וואָס עס וועט געשען, זאָל געשען מיט אלע. אזוי זענען מיר פארטאָג, ווען אונזערע בעלי־בתים זענען נאָך געשלאָפן, ארויס פון גרוב. דאָס איז שוין געווען צען טעג נאָך דער באפרייאונג פון אונזער שטאָט ראדזין. געגאנגען זענען מיר פינף אומגליקלעכע נפשות איבער די פעלדער, אויסמיידנדיק דעם שאָסיי, ווייל מיר זענען געגאנגען איינגעוויקלט אונזערע אויסגעדארטע קערפּערס אין זעק. ביי דער שיין פון ליכט האָבן מיר ערשט דערזען דאָס טויטקייט, וועלכעס איז געלעגן אויסגעשפּרייט אויף

אונזרע קינדערס געזיכטער. נישט קענענדיק גיין אויף די פיס, האָבן מיר זיך געמוזט אַרויסציען אַפּרוען נאָך יעדע עטלעכע צענדליק מעטער, אַזוי, אַז די קנאַפּע פינף קילאָמעטער פון דאָרף אין שטאָט אַריין זענען מיר געגאַנגען אין דעם יולי־טאָג פון באַגינען ביז האַלבן טאָג. גייענדיק אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ סאָוויעטישן זעלנער, וועלכער האָט אונז ניייגעריק אָנגעקוקט. מיר האָבן אים געפרעגט, צי האָבן מיר רעכט צו לעבן. האָט ער אונז געענטפערט: „ביי אונז האָבן אַלע מענטשן גלייכע רעכט". דאָס האָט אונז געשטאַרקט און מיר האָבן זיך אַזוי פּאַמעלעך גערוקט נענטער צו ראַדזין.

אַריינקומענדיק אין שטאָט אַריין, איז אונזערע אייגנגעהילטע זעק, מיט אונזערע טויט־בלייכע פּנימער און זייענדיק די ערשטע יידישע נפשות, וועלכע האָבן זיך צוריק באַוויזן אין ראַדזין נאָך די דייטשן — האָבן די פּוילישע דורכגייער אונז שטאַרק אָנגעקוקט און זיך אָפּגערוקט פון אונז אין אַ זייט... ביז מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען פאַר דעם הויז פון אַן אַלטער פּוילישער שכנה, אונזער מאַמעס אַ פריינדין. דערזעענדיק אונז האָט זי מיט שרעקעוודיקע אויגן זיך דריי מאָל איבערגעצלמט און אַ געשריי געטאָן: „אָך גאָט מיינער, איר לעבט?!" זי האָט אונז זייער פריינטלעך אויפגענומען, אָבער זי האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט, נישט וויסנדיק אַליין פאַר וועמען. דעריבער האָט זי אונז אַריינגענומען צו זיך אין שייער אַריין, וווּ מיר זענען געזעסן נאָך עטלעכע טעג.

ביסלעכווייז איז פון אונזער געדאַנק אַרויס די אָנגעוואָרפענע שרעק־פּסיכיק און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אויף דער גאַס. דאָ אָבער האָט יעדע גאַס, יעדעס הויז, יעדער שטיין און ציגל פון די יידישע באַקאַנטע הייזער געוויינט צו אונז און מיר זענען אַרומגעגאַנגען ווי עלנטע יתומים נאָך די טייערסטע קדושים — די יידן פון אונזער באַליבט שטעטל ראַדזין.

## שרה באַשע וואַיאַזשער (פּאַריז)

# די צעשיידונג

ווען מיר זענען אָנפאַנג אויגוסט 1943 אָנגעקומען פון מיידאַנעק קיין אוישוויץ, האָבן מיר, אַ גרופּע היימישע מיידלעך, גענומען אַ באַזונדערן קאַמער. מיר איז אויסגעקומען דאָ צו שלאָפן צוזאַמען מיט צוויי ראַדזינער מיידלעך, צוויי שוועסטערן, מיטן נאָמען לובלינערמאַן. אָבער שוין נאָכן אָפּזיין פון אַ פּאָר חדשים איז ביי אונז פאַרגעקומען אַ גרויסע סעלעקציע און צווישן פינף בלייענדע פרויען און מיידלעך, וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון אונזער קאַמער, איז אויך געווען איינע פון די דאָזיקע שוועסטערן — די יונגערע. מיט גרויס מי און מאַטערניש איז מיר אָנגעקומען דאָס איינשטילן ווי־עס־איז פון דער על־

טערער שוועסטער, שרה, וועלכע האָט זיך נישט געלאָזט טרייסטן בשום אופן. זייט דאַן האָבן מיר זיך זייער באַפריינדעט און מיר זענען געוואָרן ממש שוועסטערן.

מיט דער צייט איז געקומען ווידער א סעלעקציע און די באַרבאַרן האָבן מיר אוועקגענומען די צווייטע שוועסטער, וועו די סאָוועטישע עראָפּלאַנען האָבן שוין געוואָרפן איבער אונזערע קעפּ. די צעשיידונג איז געווען זייער א שווערע. מען האָט אונז דעם דאָזיקן טאָג נישט געקאָנט צוזאַמענרייסן. מיט א שרעקלעך געוויין האָט זי מיר די לעצטע מינוט געזאָגט : „שרה־באַשע, איך בעט דיר, זאָלסט אין מיר נישט פאַרגעסן און זאָל איך שוין זיין דער לעצטער קרבן פון אייך אלע !".

דער דאָזיקער מאָמענט האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון און איך קאָן קיינמאָל נישט פאַרגעסן אירע ווערטער. ווו איך גיי און ווו איך שטיי דאַכט זיך מיר, אז זיי קלינגען נאָך אין מיינע אויערן. און איך גיב זיי טאַקע איבער אלע מיינע ראַדזינער דורך אונזער יזכור־בוך.

חנה בורשטין (רמת־גן)

# בתופת מבלי דעת*)

## (זיכרונות)

היה לילה. שכבתי על הקרקע כשלחיי בוערות. הקש המועט שימש לי מיטה. קור האדמה חדר לגופי, אך לי היה חם, חם יתר על המידה. פירפרתי על הקש, כאילו רציתי להשתחרר מדבר־מה המעיק עלי. עיני לא נעצמו כל הלילה — הוא היה ארוך מאוד. בעלות השחר מיהרתי לקום, רצתי יחפה אל הנהר ושם רחצתי מעט את ידי — הדודה התרתה בי, כי אסור להכין אוכל כשידי בלתי רחוצות. כעבור דקות מספר עמדתי על כיסא קטן, כדי להגיע לסיר שעמד על הכיריים ולבשל קפה לארוחת־הבוקר. דממה שררה בבית, הכול ישנו; יחידה הסתובבתי במטבח. חליפות תקפוני החום והקור וגופי רועד. ריח נעים נדף מן הקפה. זה עשרות פעמים שהתאוויתי לטעום מן הקפה, ולו לגימה אחת בלבד, אולם לא העזתי... שמעתי את קול הפרות מהרפת וידעתי, כי עלי ללכת להאכילן, אבל יצרי הרע התגבר עלי הפעם וטעמתי מהקפה... הוא ערב לי מאוד ועמדתי ללגום שנית... הקפה היה חם וחיכיתי עד שיתקרר וכבר הקרבתי את שפתי לכף והנה

---

*) כותבת הרשימה הזאת, נערה צעירה היא — וילדה היתה בהיותה בתופת הנאצי. כל משפחתה הושמדה והיתה מאומצת כבת אחות ל„דודתה" הנוצרייה. הילדה עצמה — וכן שכניה המבוגרים והצעירים, מלבד ה„דודה" וה„דוד" — לא ידעו, כמובן, כי מזרע היהודים היא...

מרגישה אני מהלומה פתאומית על לחיי; כוכבים רבים ניצנצו לפני עיני ונפלתי...

איני יודעת מה קרה אחר־כך. כאשר שבה אלי רוחי הרגשתי כאב איום בגבי; הוא צרב מאוד. ראיתי, כי ערומה אני, על ידי נראו פסים כחולים — עקבות מכות שספגתי. מאושרת הייתי כי לא הרגשתים בשעת המעשה ולא שמעתי את קולו הגס של אבי המשפחה — אדמוביץ. דמעות נקשרו בעיני — והירהרתי: „האם איני נוצרייה ככל הנוצרים. מדוע משפילים אותי. מדוע מכים אותי דווקא בשעה שאת הילדים האחרים אמותיהם מפנקות אותם? הא! ובאמת מדוע קוראת אני לזופיה — „דודה"; מדוע אין היא אמא? אך לא מצאתי מענה לשאלותי אלו. גם כשלקחוני ביום ראשון לכנסייה והתפללתי שם לתשובה — לא שמעתי כול מענה... פעם כשהיו לדודתי זופיה אורחים — ובמקרים אלה האירה אלי פנים — לבשתי עוז ושאלתיה את שאלתי. היא צחקה ואמרה: „אמך בשמים"... וחזרה לאורחים. מאז היה לי כבר ידוע מקום אמי. חשבתי: „גם אותי תנשק אמי פעם..." אמי היתה עכשיו בעיני ככוח עליון, גבוהה מן ישו עצמו. שוכנת היא בארץ השמיים!...

—*—

עברו שנתיים. המלחמה לא פסקה ועדיין נשמעו יריות תותחים רבים בלי קץ. הגרמנים עשו שמות בתושבים ובייחוד ביהודים. פעם בעמדי מאחורי הגדר של חוותנו, נראו להבות אש. „דודה!" — קראתי; „מה, ישו" — ענתה דודתי בכעס. רמזתי בידי לעבר הבערה. הדודה רצה מהר, אני אחריה. דבר נורא מזה לא ראיתי. הלהבות עלו מחוות השכנים הרחוקים. נשמנו בכבדות, בהגיענו לחווה הבוערת. עוד מרחוק ראינו בקרבת מקום הבערה את הגיסטפו. „ימח שמם!" — לחשה הדודה בכעס — „הם הציתו את החווה"... זופיה הצטערה, שבאנו לכאן ונזפה בי, כי בגללי באה. הדודה התקרבה לגרמנים והחלה מעמידה פנים כאילו גם היא שמחה בשמחתם. הגרמנים שוחחו אתה וצחקו. אחד מהם אף לקח אותי בזרועותיו ונתן לי חבילה שלמה של שוקולד! אבל אני, את מבטי נשאתי לעבר החווה הבוערת. מבעד לחלון הבית הבוער ראיתי את שכנתנו מזרע היהודים עם תינוקה הרך. היא התחננה לפני הגרמנים, כי יצילו את התינוק. הם לעגו לה והבטיחו כי יצילוהו. בראותה את זופיה החלה מתחננת אליה, כי תיקח את התינוק, אך דודתי משום־מה לא העיזה. אני כבר ידעתי, אף על פי שהייתי קטנה, כי במקרים כאלה אין שואלים שאלות... כך הוסבר לי לא פעם בבית. גרמני אחד הושיט את ידו לעומת התינוק ותפשו בידו הגדולה. האם הודתה לגרמני... עתה יכלה למות... היא עמדה בתוך האש, שערותיה התלקחו והיא היתה כולה להבה אחת. השמיעה צעקה נוראה ומתה... צחוק הגרמנים היתה התשובה למותה המר. בין צחוקם נשמע גם קול רפה — התינוק בכה. אני לא העזתי לבכות; ראיתי לא פעם מחזות דומים ודודתי ציוותה עלי, לא להראות שום סימן של צער...

להפך, לצחוק — אמרה — בצחוק הגרמני, כמו שהיא עשתה זאת עתה. עמדנו שעה ארוכה על יד החווה. האש דעכה. קיר אחד שרד. הגרמנים ניהלו שיחה ערה עם זופיה דודתי; הפריע להם התינוק שעדיין בכה. הגרמני החזיק בידו את רגלי התינוק, ראשו היה ירוד ואדום מאוד, נראה היה כאילו תלוהו ברגליו הקטנות. פתאום נשמע קולו של הגרמני: „התפצה לראות הצגה — הנה שעה כשרה!" ניגש עם התינוק לקיר, ששרד מן השרפה, הניף את ידו שהחזיקה בתינוק ובכול כוחו הכהו אל הקיר; ראשו של התינוק נהפך לרסק של בשר ועצמות. נדמה הבכייה, נאלם הקול שהפריע לצוחקים...

כל אותו היום היו מרקדות לפני התמונות. פעם ראיתי את האם בלהבות, פעם ראיתיה בשלחה לתינוקה נשיקה; ברגע זה קנאתי בתינוק... אך חיש פגה הקנאה בהיזכרי בסופו.

לילה. הירח דמה כאילו עטף את עצמו בגלימה שחורה משובצת אבני־חן נוצצים. הרחק הרחק ראיתי כוכב קטן מזהיר וצוחק אלי; שם עמדה אמי מלאת זוהר. עמדה בשמלה לבנה כשלג. הרוח בנשבה פיזרה את שערותיה הבהירות...

שרה אחיקם־פיין (תל־אביב)

## עם אבי הרב חיים פיין ברוסיה

### א

פרוץ המלחמה פקד אותנו בשלהי הקיץ 1939 בעיר הקייטנות נלנצ׳וב, ששם בילינו את חופשתנו; אבי הסכים להצטרף אלי לשם אחרי שידולים מצדי. עם הגיע הידיעה הראשונה, קמה בהלה בין המבריאים והחלה הבריחה לערי המגורים. בקשיים בלתי רגילים, תוך פגיעות אנטישמיות בדרך, הגענו עם חצות לוורשה, מקום שם גרה אחותי הבכירה. בהתאסף כל בני משפחתנו אצלה פנה אלינו אבינו: „ילדי, האש מתלקחת על פני תבל; אני מוכרח לחזור הביתה (לרדזין), אך אתם, ילדי היקרים, התלכדו יחדיו". פרצנו בבכי מר והפצרנו בו, שיישאר אתנו בוורשה. גיסי שאל אותו, כיצד מהין הוא עתה, אחרי הניסיון המר בדרכו מנלנצ׳וב לוורשה, לחזור לרדזין. אך כל ההפצרות והתחנונים העלו חרס. הוא בשלו: „ילדי, אינני יכול ואסור לי ברגע חמור כזה לעזוב לנפשה את עירי!" עוד ברגע האחרון ניסינו להתזירו מהחלטתו בהסבירנו, כי הרי לא נטש את עירו בעת צרה; כי אך מקרה הוא, שנתקע בוורשה ובאין אפשרות לחזור לעירו נשאר אצל משפחתו. אך הוא עמד איתן בהחלטתו, לא לעזוב את יהודיו, ששירתם בנאמנות כזאת יובל שנים כמעט. בלווית אחי יצחק יצא לדרך.

—*—

כעבור ימים מספר נודע לנו, כי עירנו רדזין נכבשה כבר על ידי הגרמנים.

לא מצאתי מרגוע לנפשי, כי ידוע ידעתי, שזעמם הראשון של הנאצים יישפך על ראש הקהל (אכן, נודע לי אחר־כך כי הם חיפשו אחריו מיד ודרשו, שיגלו להם את מקום מחבואו) וכן ידעתי, כי אבא יכריח את שני בניו, זיינבל ויצחק, להימלט על נפשם ולהשאירו לגורלו הוא. חרדתי היתה, על כן, גדולה והחלטתי לחזור לרדזין בכל מחיר. הקושי העיקרי היה חוסר באמצעי תחבורה. אולם במקרה נודע לאחותי, כי לוורשה הגיעה מרדזין עגלה, העומדת לחזור לשם מיד. אחותי התקשרה עם בעל העגלה, והוא הסכים לקחת אותי; היה זה במוצאי שבת. כבר בדרכי לרדזין הספקתי להכיר את הנאצים, שעיכבו את העגלה בכל קילומטר כמעט וערכו בה חיפושים; משלא מצאו כל דבר הרשו לנו להמשיך בדרכנו, כששטף של קללות מלווה אותנו. הנסיעה ארכה עד יום שני בבוקר.

בבואי לרדזין נודע לי, כי שני אחי זיינבל ויצחק נמלטו משם, לפקודתו החמורה של אבי, והוא בעצמו מסתתר אי־שם בסביבת העיר. מנוחה, עוזרת הבית הנאמנה, הביאתני בסתר למקום מחבואו זה, אשר היה באחת הסמטות המרוחקות של העיר. אחרי שבחננו היטב, אם אין מרגלים אותנו נכנסנו לחדר אפל בו הוטמן אבא. הבינותי, כי האיש הנמצא בו, לבוש בגדי חוטב עצים — אבי הוא: את גופו עטף מעיל המכוסה טלאים, ועל מתניו חגורת חבל פשוט. לראשו מצנפת איכר („מאציובקה") מקומטת, ופניו חבושות הן במטפחת, כדי להסתיר את חרפת הזקן המגולח... אבא התנשק אתי ופרץ בבכי. התאמצתי בכוחות בלתי אנושיים להעמיד פנים של אדישות ולעודדו לברוח מן העיר.

בתחילה הצעתי לאבא לברוח לוורשה, שכן זו היתה החלטה משותפת של כל אחיותי, אבל הוא סירב לעשות זאת, באמרו, כי בלאו הכי נמצאים הילדים בוורשה בצרה ובמצוקה ואין ברצונו להכביד עליהם. גם האפשרות השנייה, לברוח לרוסיה, גם היא לא מצאה חן בעיניו תחילה, ורק לאחר דיונים של ארבעה ימים נאות לבקשתי — לעבור יחד אתי את הגבול לרוסיה. היו אלה ארבעה ימים קשים מאד. העיר נראתה בעיני כבית עלמין ישן. אף לילה לא לנתי בביתנו, אלא אצל שכנים ומכרים שונים. מדי פעם בפעם התגנבתי לביתנו בלאט, כדי להוציא דבר מה מההלבשה לדרך בשבילי ובשביל אבא. ראשית כל הוצאתי את חלוק המשי של שבת והבאתיו לחדרו של אבא, כי חששתי שלא ירגיש עצמו בטוב בלי הלבוש הזה (אחר כך כשהיינו כבר בבריסק, בראותו את החלוק צחק ואמר אלי בחיבה: „וכי חשבת, כי הסובייטים יזמינו אותי לשמש אצלם כרב?...").

בהיותי בביתנו בפעם האחרונה הבחנתי פתאום בצעדים כבדים של גבר שנכנס לחדר. „היכן אבא?" — שאל אותי הישיש, הנשען על מקלו. ברגע הראשון התבלבלתי מפחד והתחלתי למלמל: „הוא... בוורשה..." האיש התבונן בי ופנה אלי בחיבה: „הלא שמך שרה'לה; אני מבקשך, הגידי לי את האמת. אני רשאי ומוכרח לראות את אביך". קשה היה לסרב לבקשתו של הישיש הנחמד, שכפי

שנתברר לאחר מכן היה זה ר' ישראל וינדרבוים, ידידו הנאמן של אבא. משאלתו הכנה היתה לראות את אבא בפעם האחרונה... אכן, אין ביכולתי לתאר במילים את פגישת הפרידה של שני הרעים, שנפגשו במחתרת. בזכרוני נחרתה התמונה של שני הישישים, שחיבקו איש את רעהו, הסתכלו זה בעיני זה, ולא הוציאו הגה מפיהם. ר' ישראל נגב את הדמעות מעל פניו ויצא מן החדר, מבלי לומר דבר. הפעם הרגשתי שאינני יכולה עוד להחזיק מעמד. פשוט, לא מצאתי עוד מילים בפי להרגיע את אבא, אחרי פגישה דרמטית זו. התבוננתי רק בפניו, שאיבדו צורת פני בן־אדם.

למחרת יצאנו לדרך. המרחק ממחבואו של אבא עד לעגלה היה בעצם קטן, אבל בעיני נראתה הדרך ארוכה מאד. בקוצר רוח הלכנו שנינו עד שהגענו למקום. זו הפעם הראשונה, לאחר שבועיים, שאבא יצא ממחבואו וראה אור השמש. הוא היה נרגש מאד כשהתקרבנו למקום העגלה, שעליה חיכו לנו כבר כל הנוסעים. אחרי שעות נסיעה הגענו לכפר נידח על יד הנהר בוג. חיש נזדמן לנו גוי, אשר, תמורת כל הכסף הדל שהיה ברשותנו, העביר אותנו בסירתו לעבר הנהר. הגוי הסתלק מהר מן המקום עם סירתו והשאיר אותנו על החוף. לא הס־פקנו להתקדם במאתים מטר והנה צץ לפני עינינו חייל משמר רוסי, אשר הצביע לנו בידו, כי עלינו לחזור מיד. אחרי בקשות ותחנונים הביא אותנו החיל לתחנת המשמר ושם הורשה לנו להמשיך בדרכנו למחוז חפצנו — לעיר בריסק.

## ב

נשמנו לרווחה, כאשר, אחרי שעות מספר, נמצאנו בתוך הרכבת, שהובילה אותנו לבריסק. קשה לתאר את השמחה ששררה בלבבותינו. צמודה לגופו של אבי היקר התנשקתי אתו ושנינו פרצנו בבכי, אשר נבע מרוב שמחה והודייה לשוכן במרומים, על החסד שגמל אתנו עד כה.

היה זה יום שישי ; עם כניסת השבת הגענו לבריסק. הצעתי לאבא להיכנס לביתם של אחד ממכריו, אולם הוא לא הסכים לכך בשום פנים ואופן „בגלל מראהו כחוטב עצים" והעדיף לסור בעילום שם לבית מלון קרוב, לבלות שם את השבת הראשונה בנכר. אך למרות הכול נודע לאנשי בריסק, כי הרב מרדזין הצליח להתחמק מצפורני הנאצים והגיע לכאן. אכן, עם צאת השבת, הופיע במלון אחד מידידיו הוותיקים — מר לוריא — והוציא אותנו לביתו, לאחר שי־דולים רבים.

ומבריסק — לביאליסטוק. אחרי ימים מספר הצליח אחי יצחק, שכבר קודם לכן הגיע לביאליסטוק, למצוא עבודה בבית החולים העירוני, כמו כן עלה בידו להשיג בשבילנו, באמצעות השלטונות, חדר מרווח, בו ייסדנו קן חדש בנכר.

אבא חזר חיש למסלולו הרגיל, התאושש מכל התלאות שעברו עלינו, וקיבל עליו את התפקיד „הנכבד" של גזבר המשק שלנו. הוא התידד עם אחד הרבנים המקומיים, שהכירו מקודם; כן מצא לו חוג מכרים וידידים שאצלם ביקר לעתים. בין אלה היה מר מוטיל וינדרבוים תושב חזין בשנים עברו, אשר הצטיין במסירותו הרבה כלפי אבא.

ככה עברו עלינו בביאליסטוק שבעה חדשים של שקט יחסי עד פרשת הריי־שום הידוע, שבוצע על ידי השילטון הסובייטי — רישום שלפיו היה על כל אחד ואחד להחליט: הלהישאר פה כאזרח סובייטי או לחזור לגרמניה. אחי יצחק התאזרח מיד עם בואו לביאליסטוק וכן קיבל כבר גם אבא את הדרכון הרוסי; גם אני עשיתי כבר את הצעדים הראשונים לכך. לפי הצו שפורסם היה על כל הפליטים לעזוב את המקומות הסמוכים לגבול הגרמני, ואכן התכונן גם אבא לעשות כן — הוא קיבל הזמנה מאנשי סטולין לעבור לעירם.

אולם תכנית זו לא יצאה לפועל, כי בינתיים החלו החפושים בעיר אחרי הפליטים שסירבו או לא הספיקו (כמוני) לקבל את הדרכון. ביום אחד נאסרו במבצע בעל ממדים גדולים כל הפליטים כמעט, וגם אני לא הצלחתי להתחמק מאנשי ה־נ.ק.ו.ד., למרות ניסיונותי להסתתר. הם מצאוני והוציאוני ממחבואי בבית החולים והעבירוני יחד עם אחי זייגבל — אשר חזר לא מכבר מהעיר גומל, בשמעו שאבא הגיע לביאליסטוק — למקום העברה ליערות סיביר. בהיוודע הדבר לאבא, החליט מיד לוותר על האפשרות להישאר כאזרח חפשי, ארז כהרף עין את תפציו הדלים (שק שהכיל גם כמה ספרי קודש, שהספיק לרכשם מחדש) והגיע לתחנת הרכבת להצטרף אלינו ולצאת אתנו יחד למקום הגירוש.

## ג

וככה נמצאנו שוב — שלושתנו — ברכבת, שהובילה אותנו ליערות ארכנגלסק הרחוקה אשר בצפון רוסיה. אחרי נסיעה של שבועיים, בתנאים שאין לתאר אותם במילים, הגענו למקום וסודרנו, בדומה לשאר המשפחות, בצריפים דלים ורעועים על מנת להתחיל בחיים חדשים על אדמת נכר. מיד סודרנו בעבודות שונות, שהת־נהלו בהשגחת משמר חזק. מובן, כי תנאי החיים היו קשים משוא, ומה גם שרוב הגרושים לא היו מסוגלים מעולם לעבודות קשות ביערות, באקלים כל כך חריף של הצפון הרחוק.

בגלל גילו, שוחרר אבא רשמית מחובת עבודה ובילה את רוב זמנו בלימוד תורה, קריאת עתונים וספרים בשפה הרוסית וכו'. יש לציין, כי הוא נהנה במשך כל הזמן מיחס טוב מצד שילטונות הכפר והמשמר, בידעם כי הנו „יברייסקי פופ" (איש כהונה יהודי). מנהלי העבודה ואנשי המשמר התרשמו מאוד מידיעותיו בשפה הרוסית והתייחסו אליו בכבוד. חיינו אנו בכפר היו מניחים את הדעת באופן

יחסי, שכן לא עזבונו מכריו וידידיו הנאמנים של אבא, שנשארו בעיקר בבריסק ובביאליסטוק, ותמכו בו בצורת משלוח חבילות מכל טוב; על כן לא ידענו כמעט רעב מהו.

בפורים התאספו בצריפנו כמעט כל תושבי הכפר ובעיקר הקשישים ושמעו מפי אבא את קריאת המגילה. אבא התרשם מאוד מן המאורע הזה ובדמעות בעיניו העיר, כי זוהי זכייה רבה לשמוע את קריאת המגילה, אפילו פה ביערות השוממים של רוסיה (את המגילה קיבל במתנה מאחד מידידיו, בשהותו בביאליסטוק).

דבר אחד העיק על לבו מיד עם גמר החורף: כיצד נסתדר בחג הפסח. השתדלתי לשכנעו, כי באין ברירה יצטרך כאן בנכר להסתפק בפסח סמלי, מבלי לשמור על כל הדקדוקים, ומה גם שהנהו איש חולני ואסור לו להתענות. הדבר הכאיב לו מאוד, אך לפתע קרה נס ממש: מיד אחרי פורים קיבלנו חבילה מבריסק מאחד מידידיו של אבא, ובה מצות, צימוקים לעשיית יין ומצרכי מזון אחרים כשרים לחג הפסח. גם שני כלים, כשרים לפסח, ארז הידיד בתוך החבילה. אבא התרגש מאוד והעיר: „בחבילה זו מצאתי לב יהודי!"

אולם חדשיים לאחר מכן, עם פרוץ המלחמה בין היטלר ורוסיה, פסקה עזרה זו. ניתק כל קשר עם העולם החיצוני, וכעת תלינו וכל תקוותנו במפלתו הקרובה של היטלר ימ"ש. גם היחסים בשטח העבודה הורעו מאד; מנהלי העבודה הציקו מאד למגורשים, שעבדו בתנאים קשים בלאו הכי.

## ד

והקיץ הקץ לעבודת הפרך. בסוף חודש אוגוסט שנת 1941, בעקבות משא ומתן בין רוסיה ובין הממשלה הפולנית שבלונדון, שבראשה עמד גנרל שיקורסקי, הגיע לכל המחנות צו שיחרור של כל נתיני פולניה לשעבר. הוכרז רשמית, כי כל אחד רשאי לעזוב את המקום ולבחור בכל מקום מגורים, לפי ראות עיניו. רוב התושבים היו אובדי עצות ולא ידעו כיצד להחליט ובאיזה מקום לבחור. אבי שאף מאוד לצאת מן המקום, מן היערות השוממים. וסיבה היתה לכך: תלאות השנה האחרונה נתנו את אותותיהן; הרגיש הוא, כנראה, שחייו מתקרבים לקצם — ורצונו הכביר היה לבוא לקבורת ישראל ולא למות ביערות ארכנגלסק. אך באין בידינו כל אמצעים כספיים, נאלצנו לדחות את יציאתנו עד לאחר החגים.

כאן עלי להזכיר מקרה מצער אחד, שלולא הוא עשויה היתה לגמרי להשתנות לטובה כל השתלשלות העניינים של חיי אבא ומשפחתנו הקטנה. באחד הימים הגיעתנו ידיעה — באמצעות אחד מתושבי כפרנו, שעבד בכפר הסמוך, בו היה מכשיר טלפוני — כי מטעם השלטונות האזוריים התעניינו ושאלו, אם הרב פיין נמצא עוד בכפר. המכר שנזדמן למשרד הטלפון, אשר קיבל את הידיעה השיב משום־מה, כי אנחנו עזבנו כבר את המקום. בדיעבד שמחנו לתשובת המכר, כי

התעורר בנו חשד שההתעניינות הזאת לרעתו היתה — ואולי בגלל המקרים שקרו עוד בביאליסטוק. אך לאחר פטירתו של אבא — שנתיים לאחר מכן — נודע לי מפי אחי זיינוול, כי היה היתה הדרישה ההיא לטובתנו דווקא. ומעשה שהיה כך היה: בסביבות בוכרה וטשקנט (למקום זה נקלע לאחד מכן זיינוול אחי) נתארגנה בימים ההם החטיבה הפולנית של גנרל אנדרס. אחד המארגנים, עו"ד מרכוס, אשר הכיר אישית את אבא, הציע אותו כמועמד למשרת רב צבאי — והידיעה הטלפונית האמורה לעיל נסבה בעניין זה...

## ה

ויצאנו לדרך. אחרי נסיעה ממושכת של עשרות קילומטרים בעגלה הגענו לתחנת הרכבת הקרובה. לפי עצת מכירנו, החלטנו לנסוע לקווקאז, אשר בדרום רוסיה, בגלל המקום הרצוי ביותר בעבור אבא מבחינת האקלים החם, וקיווינו כי שם יחזור במהרה לאיתנו לאחד הטלטולים והתלאות של שנתיים כמעט. אך עניין הנסיעה לא היה פשוט כל כך. בתחנה שהינו ימים מספר עד שנזדמנה לנו רכבת לכיוון דרום רוסיה. סוף סוף הצלחנו להידחף שלושתנו — גם אחי — לרכבת, אשר עשתה את דרכה לעיר גורקי, שעל יד הנהר וולגה.

השערותיו של אבא בנוגע למצב בדרום נתאמתו, לצערנו, במלואן. הנסיעה עד לגורקי עברה עלינו תוך שהיות ממושכות בתחנות שונות, ומיד לאחר השהייה הראשונה נאלצנו, לצערנו, להמשיך בדרכנו שנינו בלבד — בלי אחי: אחי זיינבל, בראותו, כי הרכבת מתעכבת זמן רב בתחנה ירד העירה לקנות מצרכי מזון בעבורנו. והנה פתאום ניתן האות — והרכבת החלה נוסעת... צערו של אבא היה לאין שיעור בדאגו לגורלו של אחי. בקושי עלה בידי להרגיעו, שבכל אופן יגיע גם הוא למקום מבטחים ויסתדר.

אך מצב בריאותו של אבא הלך הלוך ורע. התנאים הבלתי האנושיים של הנסיעה — מכל הבחינות — גרמו לתשישות כוחותיו ורגליו הנפוחות כבדו מיום ליום. ובמצב קשה כזה הודיעו לנו פתאום, כי עלינו להמשיך בדרכנו מגורקי אך ורק בתחבורת הנהר, בסירת קיטור; באין ברירה ירדנו בגורקי מן הרכבת למצוא מקום באחת הסירות, המפליגות דרומה.

והעיר גורקי, מרכז התעשייה הגדול, היתה מלאה וגדושה פליטים מכל קצות רוסיה, ונוסף לכך היה כבר חשש מבוסס, כי בקרוב יגיעו חיילות היטלר גם לשעריה. עצבנות תושביה גברה מיום ליום, בפרט בגלל הפליטים הרבים, שהכל ראו בהם כעין אבני נגף העומדות בדרכם של החיילים, שזרמו כתגבורת לחזית מוסקבה. ניסיתי להיכנס למרפאה, כדי לקבל עזרה רפואית לאבי ונתקלתי בתגובה שהטילה עלינו פחד: „כיצד הנכם מעיזים במצב קשה כזה להסתובב בעיר זו אף רגע?" — תשובת הרופא. הבינונו, איפוא, מה מסוכן להישאר פה ובהיעדר מקום

בסירת הקיטור, שעמדה להפליג, נאלצנו לעלות על סירת גרר של משאות, שלמראה בלבד העיר אבא: „הלא זהו קבר!" ואכן, בתוך הסירה, בין המשאות, היו שלוליות מים, אשר הגיעו עד הברכיים. הושבתי את אבא על אחת מחבילותינו, כשגם אני יושבת באותה צורה ומחבקת את שתי רגליו הנפוחות, ששמתין על ברכי; בצורה זו שטנו עד הגיענו לעיר סראטוב.

הקור והרטיבות שעל פני הנהר עירערו את בריאותו של אבא עד היסוד ובסראטוב התגורר מאז מלחמת העולם הראשונה אחד משארי בשרו, שכתובתו היתה ידועה לנו, ואשר לעתים קיבלנו ממנו אף חבילות בזמן שהותנו בגירוש בכפר של יערות ארכאנגלסק. אבא, כנראה, כבר הרגיש כי קרובה שעתו להיפרד מהעולם, ופנה אלי: „בתי היקרה, אין לי עוד כוח להמשיך — כאן אנו יורדים". ניסיתי לשכנעו, כי נשארו לנו רק יומיים, עד שנגיע למחוז חפצנו — העיר היפה והשקטה נאלציק, אשר בקווקאז, ושם יחזור לאיתנו. אך הוא בשלו. הסכיר, כי בסראטוב קהילה יהודית גדולה, ושם יוכל, בבוא הקץ, להגיע לקבר ישראל. הבינותי נימוקו ונכנעתי.

בחצות ירדנו — ואנו שנינו היחידים מקרב כל הנוסעים — אל החוף. טילטלנו אתנו את החבילות הכבדות, שראיתי בהן אז רק אבני נגף בדרכנו הקשה. הביננותי, שפנינו מועדות לבית מגוריו של קרובנו, אבל אבא החליט לא להטריד את האנשים בלילה ולכן חכינו בחדר ההמתנה של התחנה, אשר היתה מלאה נוסעים עד אפס מקום עמידה. בקושי מצאתי מקום עמידה אחד בעבור אבא ואילו אני שמרתי בחוץ על החבילות.

בבוקר השכם נכנסתי לחדר ההמתנה לקחת את אבא וללכת לדירתו של קרובנו. אולם אבא העיר, כי אינו יכול במצב כזה להיכנס לביתם של אנשים בטרם יסור לאחד מבתי המרחץ. ליוויתיו לבית מרחץ קרוב ומשם הגענו לקרובנו.

אשתו הזקנה של הקרוב — הבעל כבר היה בעבודה — קיבלה אותנו בסבר פנים. סידרה מיד מיטה בשביל אבא, שיכול היה להשתטח עליה ולנוח קמעה. אחרי הצהרים חזר הקרוב מעבודתו ואין לתאר את שמחתו בהכירו את אבא. היה זה בן אדם נחמד וטוב לב, ואם כי תנאי דיורו ומקור פרנסתו דלים מאד היו, מסר לרשותנו אחד משני חדרי הצרים, והחליט לארח אותנו בביתו עד יעבור זעם — אם היטלר ימ"ש, כה הוסיף, לא יגיע גם לסראטוב...

## ו

אך למרות המנוחה היחסית הלך ורע מיום ליום מצב בריאותו של אבא. ראיתי את כל הסימנים, שלא יחזיק עוד מעמד בתנאים קשים כאלה, בדירה רוסית פרימיטיבית, שקור חריף שרר בה והקירות היו מלאות רטיבות. אחד הקשיים העיקריים, שעמדו לפני, היתה הבעיה של הסקת החדר, שכן לא היה בו כלל תנור

כלשהי וחימומו נעשה באמצעות פתיליה קטנה, ששימשה גם למאור. הקרובים סיפקו לנו אמנם הכול, מה שנחוץ היה בעבור אבא, אבל שאלת אספקת נפט היתה קשה מאוד בזמנים אלה. והיה, איפוא, מתפקידי לעמוד בלילות בתור, כדי לקבל בבוקר, עם פתיחת החנות, פחית נפט קטנה. זכורני, באחד הלילות, בצאתי מזמן לזמן מהתור להציץ לחדרו של אבא ולשאול לשלומו, פנה אלי במילים אלו: „בתי, בצאתך את החדר, אנא, היפרדי מאתי"... עד כדי כך הרגיש הוא, כי מתקרב קצו. אכן, יש וניסיתי גם להאמין, כי בכל זאת יתגבר על מחלתו, ישוב עוד לאיתנו ונזכה לעזוב את רוסיה ולחזור הביתה...

מימי לא היה בשבילי כל דבר קשה למען אבא; החלטתי על כן לעשות כל מאמץ, כדי להביאו לבית חולים. הדבר נראה בעיני כחלום, שכן כל בתי החולים היו מלאים חיילים פצועים, ואי אפשר היה להעלות אפילו על הדעת, כי בזמן כזה יורשה אזרח זקן להיכנס לבית חולים. גם הקרובים לא נטו לרעיון זה וסיבת הדבר נתבררה לי רק לאחר פטירתו של אבא: הרופא הפרטי, שהקרובים הזמינוהו פעם בהיסתרי, קבע, כי אין כל תקוה, שאבא יוכל עוד להחזיק מעמד; עובדה זו העלימו ממני. אך בכוח אמונתי, כי אכן יבריא אבא, הצלחתי בכל זאת לשכנע את הרופאים במשרד הבריאות העירוני להיענות לבקשתי. הגם שלא ידעתי את הלשון הרוסית, פניתי אליהם בזעקה מרה ונואשת: „הצילו את אבי, כי הוא היחידי, שנשאר לי, לאחר שכל משפחתי נשארה בידי היטלר וגורלם ידוע לכם!" הרופאים הבינו לכאב לבי ונאותו לשלוח מיד אמבולנס להביא את אבא לבית־החולים.

ואבא היה כבר חלש עד כדי כך, שקשה היה לו לדבר. כשבישרתי לו על בית החולים, התפלא מאוד וכמעט לא האמין לדברי. הוא ידע, כי נוטה הוא למות. לא אכל עוד כל דבר, כי לא יכול היה עוד לעכל אף את המאכל הקל ביותר. זכורני מקרה אחד, אשר נגע מאוד ללבי: יומיים לפני הילקח אבא לבית החולים — ותנאי המחיה קשים אז מאוד ברוסיה — הופיע לעיני בדירתנו יהודי ובידו עוף שחוט. הביא את העוף לאחר שנודע לו בעיר, כי הרב דראדזין נמצא בסראטוב, והוא חולה מסוכן. כמה פעמים הדגיש, שהעוף כשר הוא למהדרין. „יאכל הרב את העוף ואת המרק — ויבריא".

גם שכהוכנס אבא לבית החולים, נודע הדבר מיד בכל האולמות, בהם נמצאו גם יהודים חולים רבים מקרב הפליטים, שהתגוררו כאן מזמן והכול התעניינו בגורלו עד הרגע האחרון לחייו. למחרת הורשה לי לבקרו לזמן קצר בלבד. אולם הצלחתי, בכל זאת, להישאר על יד מטתו, שנמצאה באחד הפרוזדורים הארוכים של בית החולים, במשך שלושה שבועות רצופים — עד מותו — וזה למרות האיסור המפורש להימצא שם וביחוד לגבי אזרח, שזהותו אינה די ברורה.

והוא לא החזיק מעמד. במוצאי שבת י"ד כסלו החלה הגסיסה. אבי היקר

הספיק רק להוציא בקושי מפיו מילים אלו: „בתי, עוד תראי בטוב...״ ומשלא יכול היה עוד להמשיך בדבריו, לחץ את ידי; נפל על משכבו והוציא את נשמתו.

משאלתו האחרונה נתמלאה. הובא לקבר ישראל כדת וכדין, ונקבר בבית העלמין של העיר סראטוב.



עמדה לי זכותו של אבי, מורי ורבי — מורה דרכי החיים המסובכים והקשים — וניתנה לי האפשרות (בעזרתו של בעלי היקר) להנציח זכרו בשורות אלו. כן ניתנה לי האפשרות להודות (והיתה זו משאלתו הכנה של אבי ז״ל) לכל אלה — שנשארו בחיים, באשר הם שם — על אשר התעניינו בגורלו בזמן גירושו ביערות ארכאנגלסק.

עטל קייטלגיסער (חולון, ישראל)

# מיין צוריקקער אהיים

געווען איז דאס אין 1939, עטלעכע טעג פארן קריגס־אויסברוך. כ׳האב מיך געזעגנט מיט דער גאנצער משפחה; אלע האבן מיך ארויסבאגלייט פון הויז. די פרומע מאמע האט עפעס שטיל געשעפטשעט, כ׳האב נאר געהערט דאס ווארט „שומר ישראל״. דער טאטע איז מיט מיר געגאנגען דורך דער ווארשעווער גאס ביז צום אויטאבוס; ער האט געשוויגן. אין שטאט איז שוין געווען א פאניק און איך בין געגאנגען אהיימפארן צו מיין מאן און קינדערלעך דארט אין גאליציע, ווו כ׳האב דעמאלט געוווינט. איך האב זיך ארומגענומען מיטן טאטן, צעקושט זיך און ארויף אויפן אויטאבוס. אז כ׳בין שוין געזעסן אויף אן ארט האט דער טאטע א זאג געטאן: „און עס וועט טאקע חלילה זיין א מלחמה, בעם דיין געזונטל און קום גלייך צוריק; אין אזא צייט לאמיר זיין אלע צוזאמען. למען השם, קום צוריק!



דער גורל האט מיך און מיין געזונטל פארווארפן קיין רוסלאנד. ווי היימלאזע הינט האבן מיר זיך געוואלגערט אין אלע עקן פונעם גרויסן לאנד. אבער אין יעדער נויט, און יעדער פיין איז מיין געדאנק מיין הארץ און נשמה געווען אין ראדזין.

ארבעטנדיק אין די געדיכטע וועלדער פון סיביר האב איך געזען מיין היים; שלאפנדיק ביינאכט אונטערן פרייען הימל אין קאזאכסטאן האב איך געזען די שטערן וועלכע לייכטן גלייכצייטיק איבער ראדזין; אין די לאנגע הונגער־חדשים, ווען איך האב געזען ווי מיינע קינדער צאנקען און גייען אויס, האב איך געהערט די תפילה פון מיין מאמען „שומר ישראל״. און אויסגעהאלטן האבן מיר, ווייל אין אונז האט שטענדיק געארבעט דער געדאנק, אז דארט אין פוילישן שטעטל

ווארט אויף אונז א היים, טאטע־מאמע, א שטוב; זיי ווארטן אויף דער פארוואָגל־טער טאָכטער...

און ס׳איז געקומען דער טאָג, ווען אן אויסגעמאטערטע, א הונגעריקע, א פארוואָלגלטע, א צעבראָכענע בין איך געלאָפן אהיים. די באן האָט זיך געשלענגלט איבער באקאנטע וועגן אין פוילן. כ׳האָב מיך געשלעפט פון שטשעטשין קיין לאָדזש, פון לאָדזש קיין ווארשע, שעדלעץ, לוקאָוו — ראדזין.

— • —

ס׳איז געווען אין א הערלעכן מאי־פרימאָרגן 1946, 5 אזייגער פארטאָג. איך בין געשטאנען א צוגעשמידטע צום וואגאָן־פענצטערל; דאָס הארץ איז פון אויפ־רעגונג שיעור צעשפרינגען געוואָרן. באקאנטע קלענערע און גרעסערע וועלדלעך. אָט איז דאָס בריקל איבערן טייכל... אָט דאָס קרומע שטעגעלע, וואָס פירט קיין בעדלנא...

אין וואגאָן איז געוואָרן א באוועגונג. גויים זענען אויסגעשטיגן און איך בין זיי נאָכגעגאנגען. א פורל מיט א פערד האָט זיך לאנג געשלעפט און מיך אָפ־געשטעלט אויף דעם זעלבן אָרט, וווּ דער טאטע האָט מיך מיט 6 יאָר צוריק באַ־גלייט...

כ׳בין געשטאנען און געפילט, ווי די פיס ברעכן זיך אונטער מיר. וווהין גיין, וואָס איז דאָ מיינס, און ווער דארף מיך דאָ? מיט שלעפעדיקע טריט בין איך ווי אן אויטאָמאט געגאנגען דורך דער רואינירטער ווארשעווער גאס. עס קו־מען מיר אנטקעגן פנימער, וואָס קוקן מיך נייגעריק אָן — פרעמדע גויאישע פנימער.

און אָט שטיי איך שוין פאר מיין טאטנס הויז, פאר מיין אויסגעבענקטער היים, פאר דעם כישוף, וואָס האָט מיך דערהאלטןביים לעבן דאָרט אין די סיבי־רער טייגעס — פאר מיין יוגנט־היים.

די לאָדנס זענען פארמאכט, א פנים מ׳שלאָפט נאָך... ס׳הויז, דער הויף, דער ברוגעס, דער האָלץ־קאמער. און אָט איז דאָס געסעלע און סאָד אריין. און אָט דער עפל־בוים, וואָס שטייט אונטערן פענצטער פון שלאָף־צימער; ער פארכאפט מיך דעם אָטעם מיטן ריח פון די פרישע עפל־בליעכץ. אלץ לעבט און בליט ווי פריער... אָבער וואָס איז געשען — נישטאָ קיינער פון דער גרויסער משפחה, וואָס זאָל אריינעמען די פארוואָגלטע טאָכטער?... און אפשר איז נישט פארבליבן קיין לעבעדיקער זכר פון שיע שאבאשינערס פאמיליע?..

די לאָדנס האָבן זיך דאָך געעפנט און... א יונגע שיקסע האָט מיך נייגעריק אָנגעקוקט. דאן איז ארויסגעקומען אן עלטערע גויע און מיך אריינגעבעטן אין שטוב; איך בין בלויז אריין אין קיך. ס׳האָט מיך גלייך א שווינדל געטאָן אין קאָפּ. ביי דעם ווינקל וווּ מיין מאמע פלעגט יעדן טאָג זיצן און דאווענען, איז געהאָנ־גען א גרויס קריסטלעך הייליק בילד. כ׳בין פון דאָרטן ארויס און גלייך צוגע־

גאנגען אין הויז פון מיין שוועסטער (פאמיליע לאזאר). די דרוק־מאשינען האבן שוין געקלאפט. אין אלע צימערן זענען געווען צעשטעלט די שריפט קאסטנס... דער עלטסטער ארבעטער האט מיך, ווייזט אויס, דערקענט, ווייל זיין ערשט ווארט איז געווען: „פאני זשיע?" (דו לעבסט?...) און מיך געבעטן זיצן. איך האב זיך אומגעקוקט און געזען אויף דער וואנט דעם גרויסן שפיגל פון מיין שוועסטער און אין אים האב איך געקאנט דערזען די לעצטע פארצווייפלטע בליקן און די פארפייניקטע געשטאלטן פון דער גאנצער משפחה לאזער.

א שכנטע, א גויע, האט מיך אריינגענומען צו זיך און מיך געפרווט באוו־איקן. דערנאך האט זי מיר דערציילט מיט א גלייכגילטיקן טאן, אז דעם טאטן מיט דער גאנצער פאמיליע האט מען אין יאר 1943, דעם 18־טן נאוועמבער, ארויפ־געזעצט אויף א פור און אוועקגעפירט אויפן וועג קיין מעזריטש. דער טאטע איז געווען בלינד און דער קאפ איז ביי אים געווען פארבונדן מיט א טוכל. אבער די פור האט זיך שנעל אומגעקערט, ווייזט אויס, אז מען האט זיי אויפן וועג גלייך דערשאסן.

און עס האט זיך מיט איינמאל געעפנט א קוואל פון טרערן און האט זיך א לאז געטאן און געפלאסן אן אויפהער — פאר די אלע יארן פון בויט, הונגער און פיין. פארוואס, טאטע, האסטו נישט מיטגענומען אויך די טאכטער, כדי מיר זאלן זיין צוזאמען?...

— • —

א צעבראכענע האב איך פארלאזט ראדזין און נאך עטלעכע טעג שלעפן זיך דורך פארשידענע חרובע שטעט, בין איך צוריקגעקומען צו מיין מאן און קינדער קיין שטשעטשין, מיטן פעסטן באשלוס צו פארלאזן פוילן אויף אייביק.

רחל זאלצשטיין—פרעטער (ראשון לציון)

## ראדזין נאכן חורבן

ענדע יולי 1944. קורץ נאך דער באפרייאונג פון ראדזין דורך דער רויטער ארמיי. געקומען בין איך מיט א לאסט־אויטא פון מעזריטש און איך בין שטארק צופרידן געווען, ווען דער אויטא האט זיך שוין אפגעשטעלט נעבן טשעפעלינסקיס מיל. דא, האב איך געגלויבט, וועל איך זיך גלייך טרעפן מיט סאלקע שטארקמאן און גאלדע פאל. מיט א פארכאפטן אטעם האב איך אנגעקלאפט אין דער טיר. דאס הארץ קלאפט אין מיר... די טיר וועט זיך באלד עפענען און פאר מיר וועט שטיין סאלקע... מיר וועלן זיך שטארק דערפרייען — שוין אזוי לאנג נישט גע־זען... אויך איר מוטער, באבע־זיידע, שוועסטערן וועלן זיך מיט מיר דערפרייען און זיי אלע וועלן מיר געוויס אויספרעגן מיט נייגער, ווי אזוי האב איך עס אי־

בערגעלעבט אין ראטנפארבאנד. אָבער פיל וועל איך זיי נישט דערציילן, ווייל איך וויל וואָס שנעלער זיין אין דער היים, ביי אונז אין שטוב... די טיר עפנט זיך אויף און פאר מיר שטייט — א יונגע קריסטין און פרעגט מיר, וואָס איך פארלאנג. וואָס קאָן איך פארלאנגען פון איר? — גאָרנישט. זי, זעענדיק, אז איך ענטפער נישט באלד, פארקלאַפּט די טיר פאר מיין נאָז און איך בלייב א ווײַלע אזוי שטיין און איך ווייס נישט וואָס ווייטער צו טאָן...

און עס לויפט מיר דורך א געדאנק: גיי אריין צו גאָלדע פאל און געוויס וועסטו זיך שוין דערוויסן וועגן אלעמען... איך לאָז זיך גיין צו גאָלדען און קלאַפּ אָן איר דער טיר. די טיר עפנט זיך און עס שטייט נישט גאָלדע, אויך נישט איר מוטער און אויך נישט ווער אנדערש פון איר פאמיליע, נאָר ווידער א קריסטין.

וואָס איז דאָ געשען, ווו זענען זיי?... איך קוק זיך ארום אויפן הויף, עס שפּילן זיך קינדער; איך זוך צווישן זיי א יידיש פּנימל, אָבער אומזיסט — איך געפין נישט... און עס פרעגט זיך מיר ווידער, ווו זענען עס די יידן פון דאנען? זיי האָבן דאָך אלע יאָרן דאָ געלעבט און געשאפן און איצט, מיטאמאָל, איז אלץ פארשוונדן? אפשר, טראַכט איך זיך, ווינען זיי גאָר איצט אין שטעטל גופא און איך לאָז זיך גיין מיט א קלאַפּנדיק הארץ אין שטאָט אריין. דער וועג — דער זעלבער. אזוי נאָענט און באקאנט און דאָך שרעקט ער מיר... און אזוי גייענדיק, גיי איך פארביי דעם פארק אונזערן, וועלכער איז מיר נאָענט געווען; די גאנצע יוגנט־יאָרן פארברענגט אינעם דאָזיקן פארק, אָבער איצט שטייט ער אזוי אומעטיק, אזוי ווי ער וואָלט עפעס טרויעריקס אָנגעזאָגט. און עס ווערט מיר אזוי שווער אויפן הארץ און אָנשטאָט צולויפן וואָס שנעלער אהיים און פרייען זיך, ווילט זיך מיר עפּעס נישט דערגיין... איך וויל וואָס ווייטער זיין פון דער היים; דער וועג זאָל וואָס לענגער דויערן...

און איך ווייס נישט אליין, ווי אזוי עס איז געשען. זייענדיק שוין נעבן מארק, ווו עס געפינט זיך אונזער שטוב, גיי איך גאָר ארויף אויף אָסטראָוויעצקי גאַס. איך גיי אזוי און זע, אז כמעט אלע געשעפטן זענען אָפן; אויף דער גאַס איז שטיל, זייער א שוואכע באוועגונג און קיין ייד זע איך נישט. וואָס איז געשען? ווו זענען זיי אונזערע ראדזינער יידן?... איך גיי אריין אין א געשעפט, אין א צווייטן און א דריטן — דאָס געשעפט איז ווייטער געשעפט, אָבער נישטאָ קיין יידן דערינען — אלץ פּאָליאַקן. צום סוף קום איך אריין אין מארק און איך טראַכט שוין, אז געוויס שטייט אויך א פּאָליאַק ביי אונז אין געשעפט, אָבער צום גליק האָב איך ביי אונז אין געוועלב נישט געטראָפן קיין קריסט — אונזער הויז האָט א באָמבע צעקלאַפּט...

און איך גיי ווייטער. ביי יצחק געלערמאַן אין געשעפט שטייט אויך א קריסט. ביי בערל רובינשטיין — די זעלבע שענק, דאכט זיך, אָבער נישט בערל

רובינשטיין שטייט אין איר, נאָר א קריסט, ביי יאָסל זשיטא אויך דאָס זעלבע... וואָס זאָל איך טאָן? וווהין גייט מען?... איך בלייב שטיין און טראכט, ווו געפינט מען פאָרט א ייד אין יידישן שטעטל ראדזין? אינעם דאָזיקן מאָמענט לויפט מיר דורך א געדאנק, אז איך זאָל ארויפגיין צו קאלושינסקין און פון זיי וועל איך זיך דערוויסן, צי געפינט זיך אינעם שטעטל כאָטש איין ייד. איך לאָז זיך גיין צו קאלושינסקין אין געשעפט אריין; ווייט פון אונז איז עס נישט. איך קום אריין און איך טרעף דאָרט די פרוי קאלושינסקא אונטערן בופעט. זי, דערזעענדיק מיך, דערפרייט זיך, כלומרשט, זייער שטארק. „זי איז צופרידן, זאָגט זי, וואָס כאָטש איך בין לעבן געבליבן". די דאָזיקע ווערטער האָבן מיר א האק געטאָן ווי מיט א האק איבערן קאָפּ. הייסט עס, אז איך בין געבליבן אליין... יאָ, אזוי האָט עס געהייסן. איך האָב דערפילט, אז די ערד, אויף וועלכער איך שטיי, נעמט ברענען אונטער מיר, מיינע פיס געמען זיך וואקלען.

איך האָב נאָר געפרעגט: צי געפינען זיך יידן אין שטעטל? — געציילטע, ענטפערט זי מיר. ווער זיי זענען, ווייסט זי נישט, זי קען נאָר פון זיי איינעם, מאיר טורקעלטויב. כ׳דאנק איר און פארלאָז דאָס געשעפט. ווי אזוי כ׳בין נאָך אויף מיינע פיס געגאנגען, ווייס איך נישט ביז היינט. איך לאָז זיך גיין אין דער ריכטונג צו מאיר טורקעלטויב און פלוצים דערזע איך א ייד, נאָר איך דערקען אים נישט. ער, דערזעענדיק א יידישקע, שטעלט מיך אָפּ מיט דער פראגע: „וווהין גייט איר?". איך בלייב שטיין ווי פארגליווערט. איז דאָס טאקע א ייד, פרעג איך זיך אליין, נאָך אזוי פיל ארומבלאָנקען זיך איבער די ראדזינער גאסן. ער פרעגט מיך ווייטער: „ווער ביסטו פון ראדזין?". איך ענטפער: „בערל פרעטער איז מיין פאָטער". „דאן קומזשע מיט מיר" — ענטפערט ער.

און איך גיי מיט אים גערן. ווער ער איז — ווייס איך נישט. איך טראכט, וואָס קומט מיט מיר פאָר. דוכט זיך, אלע יידן אין ראדזין האָב איך געקענט, און דעם ערשטן ייד באגעגנט און איך ווייס נישט, ווער ער איז... ווי עס האָט זיך דערנאָך ארויסגעוויזן, איז דער דאָזיקער ייד געווען דעם ראדזינער רבינס איידעם. איך גיי מיט אים, אָבער איך האָב מורא צו פרעגן אים די פראגע, צי לעבט מיין פאָטער... עפּעס עפנט זיך מיר נישט דאָס מויל... עס באפאלט מיר א שרעק. איך האָב מורא צו פרעגן די פראגע, ווו זענען אלע יידן פון ראדזין; די וואָס האָבן אזוי פיל יאָרן געלעבט און געשאפן — און מיט אמאָל פארשוווּנדן. אזוי שווייגנדיק פירט ער מיך אריין צו שרה פאס. עס עפנט זיך די טיר און איך זע... א פּאָר יידן. שרה פאס, איר שוועסטער, די קינדער און נאָך עטלעכע — דערזעענדיק מיך, זענען אלע צוגעלאָפן און אָנגעהויבן שטעלן פראגן. אָבער איך האָב זיי נישט געענטפערט; וואָס עס איז מיט מיר געווען, ווייס איך נישט...

ווען איך האָב די אויגן געעפנט, איז נעבן מיר געשטאנען שרה פאס. זי

האָט מיר געפרעגט, צי איך וויל עפּעס. איך האָב איר פראַגע גאָרנישט פאַרשטאַנען. וואָס איז מיט מיר געשען? וואָס ליג איך עפּעס אין בעט? און וווּ געפין איך זיך? ביסלעכווייז, האָב איך אַלץ אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז די עטלעכע יידן, וואָס געפינען זיך דאָ, זענען עס די אַלע געבליבענע יידן פון אונזער גאַנצן ליבן שטעטל ראַדזין. אַלץ איז אומגעקומען, צווישן זיי אויך מיין פאָטער און מוטער, שוועסטער און ברידער, זיידע, פעטער, מומע און קינדער. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז כ׳בין אַליין געבליבן... נאָר איין זאַך האָב איך נישט פאַרשטאַנען — נאָך וואָס בין איך עס אַזוי דווקא געבליבן?

און אַזוי זענען אַריבער אַ טאָג־צוויי־דריי. איך האָב זיך פיל אָנגעהערט דערציילן פון די לאַגערן מיידאַנעק, טרעבלינקע, אָשוויענטשים — וווּ די היטלער־בעסטיעס האָבן פאַרברענט זעקס מיליאָן יידן, וואָס זייער איינציקער פאַרברעך איז געווען, וואָס זיי זענען יידן... שפּעטער האָב איך זיך אויך דערוווּסט אַז אינעם „באַרימטן" אָשוויענטשים, איז אויך אומגעקומען מיין פאָטער בערל פּרעטער.

גייענדיק איינמאָל אין גאַס, האָב איך געטראָפן די פרוי פונעם פאַרשטאָרבענעם דאָקטאָר כאָמאַטשעווסקי, וועלכע „איז אויך צופרידן וואָס איך בין געבליבן לעבן". פון איר דערוויס איך זיך, אַז אַדוואָקאַט וויענצקאָווסקי, אַ קריסט, איז צוריקגעקומען פונעם לאַגער אָשוויענטשים, וווּ ער איז געווען צוזאַמען מיט מיין פאָטער. שוין פריער האָב איך געוווּסט, אַז מיין פאָטער איז אַרעסטירט געוואָרן אין ראַדזין צוזאַמען מיט נאָך 17 פּאָליאַקן, צווישן זיי דער אויבנדערמאָנטער אַדוואָקאַט וויענצקאָווסקי, דער געוועזענער ראַדזינער סטאַראָסטע און באַוווּסטער שונא ישראל. די פּאָליאַקן זענען געבליבן לעבן און צוריקגעקומען, אָבער אָן מיין פאָטער.

איך קום צו אים אַריין. ער נעמט מיך אויף זייער העפלעך. אויך „ער איז צופרידן, וואָס איך בין געבליבן לעבן". יאָ, איך ווייס מיט וואָס ער איז צופרידן. ער האָט זיין אַנטיסעמיטישן ציל דערגרייכט — ראַדזין איז „יידנריין".

אויף מיין פראַגע, וועגן די לעצטע טעג פון מיין פאָטער אין לאַגער, ענטפערט ער מיר אין אַ זייער רואיקן טאָן, ווי עס וואָלט געווען אַ גאַנץ נאָרמאַלע זאַך:

„געווען איז דאָס אין אַ זונטיקדיקן טאָג. מען האָט אונז צונויפגענומען אין אַ גרויסן זאַל. מיר אַלע זיצן אויסגעזעצט אויף בענק. אין מיטן זאַל שטייט אַ גרויסער טיש. עס קומען אַריין עטלעכע דייטשע אָפיצירן און פירן אַריין אַ גרויסן הונט, פון די וועלפישע ראַסע — און אויך מיין פאָטער. דאָס הויבט זיך עס אָן אַ פאַרוויילונג פאַר זיי. מיין פאָטער דאַרף קעמפן מיטן דאָזיקן גרויסן הונט. די „שפּיל" האָט לאַנג נישט געדויערט און מיין פאָטער איז שוין געלעגן אַ טויטער מיט אָפּגעריסענע שטיקער פלייש". מער האָב איך נישט געהערט, וואָס ער דער־

ציילט. איך בין געבליבן זיצן און פאר די אויגן מיינע האָב איך געזען מיין טייערן טאטעשי אין א קאלוזשע בלוט מיט אויסגעריסענע שטיקער פלייש — און דאָס בלוט רינט... צוזאמען מיט די לעצטע טראָפּנס בלוט, גייט אויך ארויס די נשמה אין זיינע לעצטע ווערטער הער איך: „נעם נקמה, רחל, פאר מיין בלוט״...



בעריל פרעטער

לאנג דערנאָך בין איך ארומגעגאנגען אויפן וועג פון די קאַשארן און געטראַכט וואָס צו טאָן, צו וועמען זיך ווענדן. פלוצלונג איז מיר דורכגעלאָפן א געדאנק: „מער וואָס צו טאָן אין ראדזין האָסטו נישט, גיי אויפן פראָנט, נעם נקמה פאר דעם פארגאָסענעם בלוט פון דיין פאָטער, און פון אלע יידן!״.

נישט אריינגייענדיק אפילו אין שטוב ארײן באשליס איך גלייך צו גיין אין דער רויטער ארמיי. דאָס אָנקומען אין דער ארמיי איז מיר נישט געווען אזוי לייכט. נאָר צוליב דעם, וואָס דער פּולקאָווניק, מיט וועמען איך האָב גערעדט, איז געווען א ייד, האָט ער פארשטאנען מיין דראנג נאָך נקמה און פארלייכטערט מיר מיין אָנקומען אין דער ארמיי — און איך בין געוואָרן א „קראנקן-שוועסטער״.

מיר האָבן זיך שטענדיק געפונען ביי א 120 קילאָמעטער פונעם פראָנט און אונזער סאַניטאַר־פולק האָט זיך גערוקט פאָראויס צו דייטשלאַנד, פאַראלעל מיט דער ארמיי — און נאָך א קורצע צייט זענען מיר אריבער די דייטשע גרענעץ.

אין א שיינעם פעברואַר־פרימאָרגן (1945), זענען מיר אריין אינעם ערשטן דייטשן דאָרף. די גאסן זענען געווען ווי אויסגעשטאָרבן. מען זעט נישט קיין מענטשן. די גאסן זענען ווייס פון אויסגעשיטע פעדערן; פאַגראָמירטע הייזער, צעפליקט מעבל. דאָס הארץ וואקסט אין מיר. אָט אזוי, טראכט איך זיך, האָט אויסגעזען אונזער שטעטל ראדזין, ווען די היטלער־בעסטיעס האָבן עס צעפאָגראָמירט — און זאָלן זיי כאָטש אויך פילן, אויפן סוף דעם דאָזיקן טעם. שפּעטער א ביסל, איז מיר אויסגעקומען זען אין אַן אנדער דייטשיש שטעטל, אין א פארק, ווי דייטשע קינדער שפּילן זיך... בין איך געבליבן שטיין פארגאַפט און ווייטער נישט געקאָנט גיין. איך האָב געטראכט, ווען איך וואָלט געהאט ביי זיך א רעוואָלווער, וואָלט איך דערשאָסן עטלעכע פון זיי אויפן פלאץ, כאָטש איך האָב גאנץ גוט געוווּסט, אז די קינדער זענען גאָרנישט שולדיק. איך וואָלט געוואָלט, אז די דייטשע מוטערס זאָלן פילן דעם ווייטיק פון אונזערע מוטערס, ווען מען האָט ביי זיי אוועקגעריסן זייערע קינדער און דערמאָרדעט זיי אין זייערע אויגן. איך ווייס, אז מען וואָלט מיך דערפאַר ארעסטירט, וואָלט איך כאָטש ביי א פּראָצעס געקאָנט פאַנאַנדערוויקלען פאר די ריכטער פון דער רויטער ארמיי די גאנצע שוידערלעכע געשיכטע פון אונזער אומקום. איך וואָלט זיי דערציילט, ווי מיין הארץ בלוטיקט נאָך אונזערע קינדער. פארוואָס האָבן אונזערע קינדער נישט געהאט קיין רעכט צום לעבן און צו שפּילן זיך ?... און מיט אראָפּגעלאָזטן קאָפּ בין איך פון דעם פארק אוועק און די קינדער האָבן זיך ווייטער געשפּילט.

— • —

9־טער מאי 1945. ארום 4 אזייגער פארטאָג, וועקט מיך דער דאָקטאָר. כאָטש ער ווייסט, אז איך בין אומגליקלעך, אז איך האָב אלץ פארלוירן, פונדעסטוועגן קומט ער מיר אָנזאָגן, אז די מלחמה האָט זיך געענדיקט, און עס גיסט זיך שוין נישט מער קיין בלוט. איך שטיי פאר אים מיט אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. „יאָ דאָקטאָר, זאָג איך, פאר מיר האָט זיך שוין די מלחמה פון לאַנג געענדיקט. אונזער בלוט גיסט זיך שוין נישט מער; אונזער שטעטל ראדזין האָט שוין פון לאַנג איר לעבן פארענדיקט".

אין א טאָג ארום זענען מיר אָנגעקומען קיין בערלין. אויפן רייכסטאַג פלאַטערט די רויטע פאָן, אלץ טאַנצט. מען קושט זיך און עס שפּילן אָרקעסטערס — עס איז פריילעך...

אָבער דאָס אלץ גיהערט נישט מיך... מיר איז טרויעריק. איך זע פאר מיינע אויגן דאָס אויסגעמאָרדעטע שטעטעלע ראדזין, איך זע מיין פאָטערס צעפליקטן

קערפער פון די וועלפישע הינט — און דאָס בלוט שרייט צו מיר: „דו האָסט נישט קיין רעכט זיך צו פרייען — דאָס איז נישט דיין פרייד!”. די טרערן שטיקן מיך, דאָס הארץ ווערט מיר צעריסן אויף שטיקלעך, עס ווילט זיך דערציילן אלץ, שרייען פאר ווייטיק — אָבער וועמען גייט עס אָן, אז מען האָט אויסגעהרגעט מיין פאָלק?!...

און איך באשליס צוריקצופאָרן קיין ראדזין. דאָרט איז פאָרט מיין היים. דאָרט געפינען זיך ווייניק יידן — אָבער דאָך יידן... מיט זיי האָב איך איין שפראך, איין געפיל, איין הארץ. איך גיי אריין צום פולקאָווניק (דעם ייד) און זאָג אים, אז איך וויל שוין אהיים און אז איך האָב שוין דאָ מער נישט וואָס צו טאָן. ער קוקט מיך אָן און מיר צעשמועסן זיך לאנג ווי א פאָטער מיט א טאָכטער. ער פארשטייט מיך זייער גוט און פילט מיין הארץ. ער באזאָרגט מיר אן עשאלאָן, וואָס פאָרט ביז לוקאָוו. כ'בין איבעראשט פון זיין פאָטער'לעכן זאָרגן פאר מיר. מיר געזעגענען זיך און ער ווינטשט מיר גליק אין דער צוקונפט — אָבער קאָנען שוין אזעלכע מענטשן ווי איך גליקלעך זיין אין לעבן?...

— * —

און איך געפין זיך שוין צום צווייטן מאָל אין אונזער ראדזין. איך טרעף שוין מער יידן אין ראדזין ווי פריער, אָבער קיין באָדמאל לעבן שטעלט זיך נישט איין. מען ווייסט שוין, אז ווער פריער, ווער שפעטער — וועט פארלאָזן ראדזין.

עטלעכע אנטיסעמיטישע פאָרפאלן, צווישן זיי דער מאָרד פון פרוי גרינבלאט (שוין געווען אָן ביידע פיס, אלמנה פון יחזקאל גרינבלאט) — עפענען אונז אויף די אויגן, אז מיר יידן האָבן שוין דאָ גאָרנישט וואָס צו טאָן און אז מיר דארפן נעמען דעם וואנדער־שטעקן... מיר האָבן געדונגען א פורל, כדי אָפּצופירן די פרוי גרינבלאט צו איר אייביקער רו אויפן ראדזינער בית־עלמין, באגלייט זענען מיר געוואָרן פון עטלעכע רוסישע זעלנער, מיט אויטאָמאטן אין די הענט. דעם בית־עלמין האָבן מיר כמעט נישט דערקענט. א האלבער פלאץ איז צעאקערט און עס וואקסט שוין קאָרן. אויפן אנדערן האלבן פאשען זיך קי. קיין סימן פון א מצבה זעט מען נישט. אויף אונזער פראגע, פארוואָס פאשעט ער עס דאָ קי — האָט אונז דער פאסטוך געענטפערט: „עס איז דאָ גוט גראָז”...

מיט גרויס טרויער פארלאָזן מיר צום לעצטן מאָל דאָס יידישע בית־עלמין — וואָס איז אמאָל געווען און עס עקזיסטירט שוין נישט מער. אומקערנדיק זיך, איז פאר אונז אלעמען געוואָרן קלאָר, אז מיר האָבן דאָ נישט מער וואָס צו טאָן. די לופט שטיקט. יאָרן האָב איך געטרוימט וועגן שטעטל, אָבער איצט איז עס מיר פרעמד און איך מוז אנטלויפן פון דאנען.

אויף דער סטאנציע בעדלנאָ וואָרט איך מיט אומגעדולד אויף דעם צוג, וואָס זאָל מיך וואָס שנעלער אוועקפירן אויף שטענדיק פון מיין געבורטס־שטאָט ראדזין.

צבי ליבערזאָן (חדרה, ישראל)

# אויף די חורבות אין מ״ין שטעטל

אויגוסט 1944. די שלאכטן דערנענטערן זיך נאָענט צו ווארשע. מיר ליגן אין א בונקער 18 קילאָמעטער פון ווארשע. נאָך העפטיקע שלאכטן, וואָס דויערן וואָכן, אין ביידע זייטן פון אונזער בונקער, געלונגט אונז מיט סכנות נפשות צו אנטלויפן פון אים און אריבערלויפן צום רוסישן מיליטער, אין מזרח־זייט. אויפן וועג ליגן פיל טויטע זעלנער און געהרגעטע פעחד. מיר לויפן צווישן פייער, רויך און שטויב. מען זעט נישט קיין מענטש — דאָס מיליטער איז אפנים פארגראָבן אין די שוץ־גרובנס.

אומגעפער א קילאָמעטער פון די ערשטע פראָנט־ליניע נעמען אונז איבער די סאָוויעטן און נאָך אן אויספאָרשונג שיקן זיי אונז איבער קיין מינסק מאזאָוויעצק; דאָרט טרעפן מיר די ערשטע געציילטע יידן, וועלכע זענען אויך ארויס פון פארשידענע בונקערס.

נאָך צוויי טעג באשליסן מיר — איך, מיין פרוי און אונזער זון, ווי אויך די פרוים צוויי שוועסטער — צו פאָרן קיין ראדזין. דער וועג איז זייער א שווערער. אלע וועגן זענען פול מיט מיליטער, וואָס ציען אין ביידע זייטן אריין. קומענדיק קיין לוקאָוו, באשליסן מיר אָפצושטייגן. ביים ראנד פון שטאָט נעמט אונז אויף איין קריסטין מיט דעם קבלת־פנים „יעשטשע זשיאָן” (זיי לעבן נאָך...) און אין שטאָט גופא א צווייטער קבלת־פנים, אויך פון א קריסטין — „זיי זענען ארויס פון וואלד, ווי שוואָמען נאָך א רעגן”....

דערמאטערטע פון וועג און דערשעפטע פון הונגער, האָבן מיר זיך ענדליך דערפרעגט צו די עטלעכע יידן, וועלכע זענען לעבן געבליבן אין לוקאָוו; זיי האָבן זיך ארומגעהרייט ווי שאָטנס אויף די חורבות פון זייער שטאָט. די ערשטע פראגע אונזערע איז געווען, צי ווייסן זיי עפעס וועגן ראדזין; צי איז ווער לעבן געבליבן; און צי זענען דאָ אין ראדזין עפעס יידן. מיר דערוויסן זיך, אז עטלעכע יידן זענען פאראן — אָבער מיר ווייסן נישט, ווער זיי זענען. די בייגעריקייט ווערט נאָך גרעסער. מיר זענען גרייט געווען גלייך צו פאָרן קיין ראדזין — די לוקאָווער יידן לאָזן אונז אָבער נישט פאָרן ביינאכט צוליב לעבנס־געפאר.

א גאנצע נאכט בין איך וויינענדיק וואָס געשלאָפן; דער פיבער אָנצוקומען וואָס שנעלער אהיים איז געווען זייער גרויס. אינדערפרי האָט אונז א מיליטערישער לאסט־אויטאָ מיט גרויסער געשווינדקייט געפירט אין דער ריכטונג פון ראדזין. די דערפער צווישן לוקאָוו און ראדזין זענען געשטאנען נישט גערירט. אין דעם דאָרף סטאך, וווּ עס האָבן געוווינט פיל יידן, סוחרים און לאנדווירטן; ווו יידישע

בעלי־עגלות פלעגן זיך אפשטעלן און געבן די פערד אפצועסן און אליין מאכן א שנעפסל אין א יידישער אכסניה — זעט מען איצט נישט קיין איין ייד. א ביסל ווייטער פארן מיר דורך דאס דארף אולאן. די יידישע מיל קלאפט דארט מיט איר ריטמישן גאנג — אבער אן יידן... מיר דערנענטערן זיך צום ביאלער סאסנע־וואלד; א פחד שלאגט פון אים. אין דער לינקער זייט קעגן וואלד צעהאווקען זיך די הינט פון די פויערשע כאטעס און א געדאנק קומט מיר אין קאפ — וויפיל יידן האבן געפרוווט זיך באהאלטן אין די טיפענישן פונעם וואלד; וויפיל ווייגעשרייען און קרעכצן האט דער וואלד־געדיכטש פארשלונגען...

און דער אויטא טראגט אונז ווייטער. די פריש־אפגעשניטענע תבואה אויף די פעלדער, געבונדן אין סנאפעס, צייגן אונז אויף וועגן דער שניט־צייט. פון דערווייטנס זעט מען שוין דעם טארטאק נעבן ראדזין — און א שרעק איז מיר באפאלן אט באלד וועל איך זען אין מיין היים־שטעטל פוסטע גאסן און פארברענטע חורבות, אדער גאר ליידיקע הייזער.

דער אויטא איז ראפטום א שטיי געבליבן נעבן אלטן טעאטער. לאנגזאם גייען מיר אראפ פון דער מאשין און מיט די לעצטע כוחות שלעפן מיר אונזערע מידע פיס. די קערפערס זענען פארמאטערט און דערשעפט אויסגעדארט ווי שטעקנס — שאטנס פון מענטשן. מיר גייען — אבער וווהין גייט מען?... ווו עפנט מען די ערשטע טיר?

אויפן וועג זע איך באקאנטע קריסטלעכע פנימער און זיי קוקן אונז נאך מיט פארוואונדערונג... זייערע הייזער, זע איך, שטייען אומבארירט, ווי קיינמאל גארנישט. די ווארענדעס באגרינט ביזן ראנד פון דאך; די בלומענטעפ צעשטעלט אין די פענצטער... קריסטלעכע קינדער לויפן ארום אין די גאסן און שטיפן; א מוטער רופט צו איינעם „סינקו” (זונעלע) — און עס איז גארנישט קענטיק, אז א ביסל ווייטער ליגט דאס יידישע ראדזין אין חורבות און אז א לעבן פון הונדערטער יארן איז אויסגעשניטן געווארן מיטן ווארצל. מיר פרעגן א קריסטין, צי איז פאראן עפעס יידן — מיר באקומען אן ענטפער: „ס'איז נאך דא גענוג”... מיר שפאנען מיט שנעלע טריט שוין לענג־אויס די ווארשעווער גאס. פון יידישע הייזער קוקן ארויס גויאישע פנימער... פיל קריסטן האבן מיר שוין געזען — אבער נאך נישט קיין איין ייד.

אין אייניקע מינוטן עפענען מיר די טיר פון ערשטן יידישן הויז; דאס הויז פון די בלומענקאפס. איך האב נאר געהערט א געשריי פון נעמען; שאטנס פון מענטשן האבן זיך צעקושט און געדרוקט; מינוטן א סך האט קיינער קיין ווארט נישט גערעדט — אלע האבן יאמערלעך געוויינט. אזוי האב איך זיך געפונען אין די ערשטע יידישע שטוב אין שטעטל, ביי די צוויי שוועסטערן, זלאטע און שרה פאס, די פרויען פון ביידע ברידער בלומענקאפ; די מענער זענען אומ־

געקומען — זיי איז געלונגען איבערצולעבן מיט זייערע קינדער.

צוזאמען זענען מיר געווען דארט 21 יידן. די נאכט האט צוגעשלאגן און אן אומעט באפאלט אונז אלעמען. אין גאס ווערט שא־שטיל. קיין באוועגונג. פון צייט צו צייט הערט זיך א ביקסן־שאס. עס דערטראגן זיך אפהילכן פון האר־מאטן־שאסן פון דעמבלינער פראנט־אפשניט. מיר זיצן אזוי, די שרידים פון די פיר טויזנט יידן אין שטעטל, און דערציילן די זכרונות פון איבערלעבונג. כאטש דער זייגער צייגט שוין נאך האלבער נאכט און מיר זענען מיד פון וועג — קאנען מיר נישט איינשלאפן, מיר ווילן וויסן אלץ... ביי וואסערע אומשטענדן באקאנטע זענען אומגעקומען; ווי אזוי האט יעדער פון זיי זיך געראטעוועט ביז די לעצטע מינוטן.

א שטארקע באוועגונג פון מיליטער האט אונז גאנץ פרי אויפגעוועקט פון נאר־וואס דערשלאפן ווערן און אין בלויען פארטאג זענען מיר ארויס אויף דער גאס. מאסן מיליטער מארשירט צוריק פון דעמבלינער פראנט. עס ווערט אונז קאלעמוטנע אויפן הארצן... קריסטן האבן איבערגעגעבן פון מויל צו מויל, אז די דייטשן האבן איינגעבראכן דעם דעמבלינער פראנט; מיר פרווון פרעגן די רוסי־שע זעלנער, אבער זיי שווייגן. מיר הויבן אן צו טראכטן, אז מיר קאנען נאך צוריק ארייגפאלן אין דייטשע הענט... ענדלעך ווערט די שפאנונג לייכטער. עס קומט אן פריש מיליטער, וואס באוועגט זיך אין פארקערטער ריכטונג, אין ריכטונג קיין דעמבלין...

אין זעלבן טאג בין איך ארויס באקוקן די חורבות. די יידישע גאסן שקאלני, קשיווע, קאטלארסקע, קאלען, ערשטער און צווייטער מארק און כמעט די גאנצע קאזשע גאס — אלץ איז פארברענט. פון די געמויערטע הייזער שטייען די ווענט און פון די הילצערנע כאטעס איז גארנישט געבליבן. אויף פיל פלעצער טליעט נאך א פייער — פון די בראנד־באמבעס, וואס די דייטשן האבן געווארפן פון די לופט ביים אפטרעטן שוין. איך שפאן אויף שקאלנע און בלייב שטיין ביי מיין געבורטס־הויז — א חורבה. איך גיי ווייטער און בלייב שטיין ווי א צוגעשמידטער צו דער ערד אויף די חורבות פון דער יידישער שולע. פאר מיינע אויגן בליצט אויף דאס אמאליקע בילד, ווי יידישע קינדערלעך פלעגן ציען אהער אין שולע אריין פון אלע עקן שטאט. די לערער פרידמאן און בלאכאוויטש... א ביסל ווייטער זע איך די חורבה, וו עס האט אמאל געוווינט בנימין יורש רובינשטיין, א גרויסער טאנדייט־שניידער, די גרעסטע פאמיליע אין שטאט. 14 קינדער, צווישן זיי 12 טעכטער, אלע אויסגעגעבן — אזויפיל אייניקלעך... — און קיינער איז נישט גע־בליבן. און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

אין א פאר מינוטן שפעטער שטיי איך צווישן די פארברענטע ווענט פון דער שול און בית־המדרש — וו איז דאס פאלק פון זיי?... איך בלאנקע נאך ארום

אזוי, אָבער די פּוסטקייט יאָגט מיך צוריק צו די פּאָר יידן, וואָס זיצן דאָרט און וואַרטן אויף מיר. די נאַכט האָט אונז ווייטער גרופּירט צוזאַמען אינעם ענגן שטיבל.

— • —

א שטיקל צייט זענען מיר נאָך אָפּגעווען אין ראדזין. די אַטמאָספער איז געוואָרן פאַר אונז אַלץ ענגער און ענגער. מיר האָבן געוואַרט, אז די מלחמה זאָל זיך ענדיקן וואָס שנעלער, כדי מיר זאָלן קאָנען פאַרלאָזן די פאַרשאָלטענע פּוילישע ערד, וואָס האָט אזוי פיל יידיש בלוט איינגעזאַפּט אין זיך.

**זאוול זאלצשטיין** (ראשון לציון)

# ראדזין אין 1946 — נאכן חורבן

באַלד נאָך מיין צוריקקער פון ראַטנפאַרבאַנד קיין לאָדזש (פּוילן), אין פּסח 1946, האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין ראַדזין. איך האָב געוווּסט, אז דאָס איז פאַרבונדן מיט לעבנס־געפאַר, ווייל די לובלינער וואָיעוואָדסטווע איז געווען די געפערלעכסטע, און אז גענעראַל אַנדערס באַנדעס האָבן באַהערשט דעם געביט נאָך דער מלחמה און געמאָרדעט די רעשטלעך איבערגעבליבענע יידן.

אין א שיינעם פרילינגס־אָוונט, ענדע אַפּריל, בין איך מיטן צוג אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע און פון דאָרט קיין ראַדזין. אין וואַגאָן טולע איך מיך איין אין א ווינקל, איך זאָל זיין וואָס ווייניקער אָנזעעוודיק, ווייל איך בין דאָך א ייד... ווען מיר דערנענטערן זיך צו ענדלעך קיין ראַדזין, הויבט שוין אָן אין דרויסן צו טאָגן. איך דערמאָן זיך, אז אין אזעלכע פרילינגס־באַגינענס פלעגן מיר זיך אויפהויבן אויף מאַיוווקעס. ווען אַלץ אַרום איז נאָך געשלאָפן, פלעגן מיר אומ־באַמערקט פון די שטובּיקע אַרויסשאַרן זיך פון די הייזער און אַוועק צום וויש־ניצער שאָסיי. אין די הענט — ביכלעך און צייטונגען. די לופט אַרום האָט פאַרשיכּורט מיט אירע ריחות. אזוי פלעגט מען אָפּזיצן אין פעלד עטלעכע שעה און לייענען...

דאָס האַרץ הויבט אָן האַסטיקער צו קלאַפּן. וועל איך טרעפן אין שטעטל וועמען פון אָט די אַלע, מיט וועמען די דאָזיקע געדאַנקען זענען פאַרבונדן?

דער צוג האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו גיין לאַנגזאַם און שטעלט זיך אָפּ — בעדלנאַ! יאָ, דאָס איז עס. איינגאַנצן מיט זעקס און א האַלבן יאָר צוריק איז עס געווען. א מידער בין איך דאַן אָנגעקומען קיין ראַדזין צופוס פון וואַרשע, פון וועלכער כ׳בין אַנטלאָפן פאַרן אָנקומענדיקן שונא. דאָס איז געווען דער ערשטער בלוטיקער שבת אין שטעטל, ווען די דייטשע עראָפּלאַנען האָבן געזייט טויט און פאַרוויסטונג. איך האָב דאַן גלייך ווייטער גענומען דעם וואַנדער־שטעקן, געזעגנט

זיך מיט די עלטערן און אוועק צו די מזרח־גרענעצן. איצט קום איך צוריק — ווצל איך כאָטש ווצמען טרעפן ?... דער ראדזינער וואָקזאַל גיט ווייניק אָפּטימיזם — ווו זענען אלע ייִדישע דראָזשקאַזשעס ?... פארשטייט זיך, אז איך האָב קיינעם נישט געוואגט פרעגן אזא פראגע.

די דראָזשקע, וואָס האָט מיך געפירט פון דער סטאציע, איז געבליבן שטיין אין מיטן שטעטל. אין די גאסן איז שאַ־שטיל. מען זעט נישט קיינעם. איך גיי פאמעלעך, נישט מאכנדיק קיין טומל, ווי נישט וועלנדיק אויפוועקן פון שלאָף מיינע טייערע ראדזינער יידן... איך גיי אריין אין דער ווארשעווער גאס און פארקערעווע צום הויז פון שרה פאס. נאָך אין לאָדזש האָבן מיר ראדזינער געזאָגט, אז נאָר איין שטוב איז דאָ אין ראדזין ווהין מען קאָן קומען — צו שרה פאס. זיי האָבן עס דאָרט גערופן דער ראדזינער קאָלכאָז... איך קלאפ אָן אין דער טיר — און באלד דריק איך שוין די הענט פון שרה פאס און עטלעכע לעבנגעבליבענע יידן; שרה איז ווי א מוטער צו זיי אלעמען.

אין צוויי שעה שפּעטער בין איך שוין ווידער אין דרויסן אויף דער אָסטראָוויעצקער גאס. איך גיי און דאָס הארץ קלאפט ראשיק. אָט איז דאָס געסל, ווו עס האָט געוווינט מיין מלמד דוד חנא׳ס; אָט איז די בעקעריי פון יוסף אהרן קאוועבלום. ווייטער האָב איך עס מורא צו גיין... עס איז מיר שווער צו דערנענטערן זיך צום הויז, ווו איך בין געבוירן געוואָרן און מיינע יאָרן פארבראכט. איך שרעק זיך צוצוגיין דאָרט אהין — אָדער אפשר איז דאָך ווער לעבן געבליבן?..

איך גיי צו נאָענט; אָט איז דער אריינגאנג, אָט זענען ביידע פענצטער, פון וועלכע איך פלעג אָפט ארויסקוקן אויף דעם שפאצירנדן עולם. עטוואָס ווייטער איז דאָס געסעלע פון ישראלקע סאלצער; דאָרט זענען אויך געווען זיינע שוועסטער און עלטערן. אויך מאטע־באשעס מיט די זין און טעכטער — אלץ איז געווען אזוי נאָענט און היימיש. ווהין איז אַנגעקומען דאָס זאפטיקע לעבן?...

און איך קלאפ אָן אין דער טיר פון מיין געבורטס־הויז. אן עלטערע קריסטין עפנט מיר די טיר און פרעגט מיר ווער איך בין. איך ענטפער, אז אין דער דאָזיקער שטוב בין איך געבוירן געוואָרן... זי איז איבערראשט, אָבער פארלירט זיך נישט. זי דערקלערט מיר גלייך, אז פיל געלט האָט זי אריינגעלייגט אין רעמאָנטירן די צימערן. זי פארגעסט נישט צו לויבן די היטלער־לייט; זיי זענען געווען פיינע מענטשן, געוווסט צו האלטן אָרדענונג, נישט ווי די נייע פוילישע רעגירונג. לאנג האָב איך נישט געקאָנט איינזיצן און גלייך אוועק... אדורכגייענדיק דאָס געוועלב, וואָס האָט געהערט פריער צו נעכע קאָפּעלמאן (אין אונזער הויז), זע איך ווי דער קריסטלעכער קרעמער פאקט איין די סחורה מיט בלעטער פון גמרא׳ס — אזוי זעט אויס די ווירקלעכקייט.

נאָר א קורצע צייט בין איך פארבליבן אין שטעטל, ווו איך האָב קיין רו נישט געקאָנט געפונען; און איך בין אוועק פון דעם אָרט אויף שטענדיק...

צבי ליבערזאָן (חדרה)

# ראַדזינער ייִדן אין פּאַרטיזאַנער־גרופּן

שוין פון די ערשטע ידיעות וועגן דער ליקווידירונג פון וואַרשעווער געטאָ, דער צענטער פון פּוילישן יידנטום, האָבן יידן אין ראַדזין אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן ליקווידירונג פון פּוילישן יידנטום בכלל. פיל יידן האָבן פריער געגלויבט די דייטשע הבטחות, אַז די יידן, וועלכע וועלן אַרויסגענומען פון די שטעט ווערן געפירט אויף אַרבעט; די לעצטע ידיעות האָבן באַשטעטיקט, אַז מען פירט אַרויס יידן, כדי זיי צו פאַרגאַזן און פאַרברענען.

און אַ סך יידן אין ראַדזין האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן ווידערשטאַנד אָדער געראַנגל. אויך די וועלדער אַרום שטעטל, וועלכע ציען זיך צענדליקער קילאָמעטערס אין אַלע ריכטונגען, זענען געווען אַ גינסטיקע פּלאַץ פאַר פּאַרטיזאַנער־גרופּן. עס איז דעריבער אַנטשטאַנען אַ דראַנג ביי דער ראַדזינער יוגנט נאָך געווער. דאָס געווער איז אַזוי אַרום געוואָרן דער חלום פון דער יוגנט, וועלכע האָט נישט געוואָלט גיין צו דער שחיטה ווי שאָף.

אין ווינטער 1942 זענען געשאַפן געוואָרן די ערשטע פּאַרטיזאַנער־גרופּן און אַ סך יונגע יידן זענען אַוועק אין וואַלד. די באַדייטנסטע גרופּע איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דורך יצחק קליינמאַן און אין יאַנואַר 1943 האָט זי פאַרלאָזט די שטאָט און באַפעסטיקט זיך אין צוויי בונקערס אין די וועלדער צווישן ראַדזין און קאָצק, נישט ווייט פון דאָרף סטאַרא וויעש; אין יעדן בונקער האָבן זיך איינגעאָרדנט 15 מאַן.

אין אַ קורצע צייט אַרום איז איינע פון די דאָזיקע צוויי גרופּן, מיט קליינמאַנען אין דער שפּיץ, אַוועק אין אַ גאַנץ ווייטן וועג, כדי צו דערוואָרבן געווער פאַר געלט. די אויסרעכענונג איז געווען, אַז אויב זיי וועלן מצליח זיין, וועט דעם זעלבן וועג מיטמאַכן אויך די צווייטע גרופּע. דער פאַרמיטלער פון דער דאָזיקער קניה איז געווען אַ פּוילישער פּויער, וועלכער האָט דערפאַר באַקומען אַ גרויסע באַלוינונג. פאַר אַ גרויסע סומע געלט האָט די גרופּע דערוואָרבן 15 ביקסן.

דער וועג צוריק איז געווען זייער אַ שווערער. ביי טאָג האָט מען געמוזט ליגן אין פריער צוגעגרייטע באַהעלטענישן און ביי נאַכט האָט מען פאָרגעזעצט דעם צוריקוועג צום בונקער. אָבער ווען זיי זענען סוף־כל־סוף צוריקגעקומען האָבן זיי שוין זייערע חברים פונעם ערשטן בונקער נישט געטראָפן — דער בונקער איז געווען אויפגעריסן פון גראַנאַטן. שפּעטער אַ ביסל האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן זענען געפאַלן אויף די שפּורן פונעם בונקער און 13 יידן זענען געהרגעט געוואָרן דורך אַן אַריינגעוואָרפענעם האַנט־גראַנאַט. די צוויי איבערגעבליבענע יידן — איינער משה שטשעטשינאַזש און דער צווייטער אַ וואַרשעווער

בחור — זענען פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט דורך די דייטשע בעסטיעס.

די פּאַרטיזאַנער גרופּע מיט קליינמאַנען בראָש האָט אָנגעהויבן אָפּערירן אין יענער געגנט סוף פעברואַר. אין זייער ערשטן דרייסטן איבערפאַל האָבן זיי געטויט צוויי געסטאַפּאָ־לייט. אין מערץ האָבן זיי געמאַכט אַן איבערפאַל אויף א דייטשיש פאַבריקל פון מילך־פּראָדוקציע, וואָס האָט זיך געפונען אין פּריצישן גוט אין סטאַרא וויעש. דער דירעקטאָר פון פאַבריקל, א פאָלקס־דייטש איז דערשאָסן געוואָרן און פעסער קעז און פוטער זענען צוגענומען געוואָרן און אריבערגעפירט געוואָרן מיט א פערד־און־וואָגן פון פּריצישן גוט אי וואלד אריין; דאָס פערד־און־וואָגן איז שפּעטער אָפּגעלאָזט געוואָרן דורך אנדערע אומוועגן, כדי צו פאַרווישן די שפּורן.

אינעם זעלבן וואלד האָט זיך געפונען נאָך א בונקער מיט 16 קאָצקער יידן. איינער א פּויער האָט דאָס באַמערקט און זיי איבערגעגעבן די דייטשן. די דייטשע זשאַנדאַמעריע האָט זיי לעבעדיקערהייט געכאַפּט און אין זעלבן וואלד זיי דערשאָסן. קליינמאַנס פּאַרטיזאַנער גרופּע האָט דאַן באַשלאָסן צו נעמען נקמה פונעם דאָזיקן פּויער. אין א געוויסער נאַכט זענען זיי אַלע, באַוואָפנט, אוועק צום דאָזיקן פּויער, פאַרשפּאַרט זיין הויז פון דרויסן און אונטערגעצונדן עס פון אַלע זייטן; דער פּויער מיט זיין גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען אין פלאַמען.

אין דער זעלבער צייט כמעט האָבן זיי אויך דורכגעפירט א גאָר דרייסטן איבערפאַל אויפן ראַדזין־קאָצקער שאָסיי. א טעקסי, וואָס האָט געפירט דריי הויכע



בית החולים היהודי במזריץ׳
יידישער שפּיטאָל אין מעזריטש

מיליטער־לייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך פאַרשפּאַרן דעם וועג; די דריי דייטשן זענען דערשאָסן געוואָרן דורך דער גרופּע און זייער געווער און מיליטערישע קליידער זענען צוגענומען געוואָרן.

דר גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז יצחק קליינמאַן זאָל קראַנק ווערן אויף טיפוס. ער איז דאַן געצוווּנגען געווען צוריקצוגיין אין מעזריטשער געטאָ און אַריין אין יידישן שפּיטאָל. ביי אַן אַקציע צו ליקווידירן די יידן אין מעזריטש זענען אויך אַרויסגענומען געוואָרן די קראַנקע פון שפּיטאָל און אַזוי אַרום איז דער ראַדזינער פּאַרטיזאַן און העלד אומגעבראַכט געוואָרן.

— • —

אין די וועלדער צווישן ראַדזין און ווישניץ האָט אָפּערירט אַ צווייטע פּאַרטיזאַנער־גרופּע מיט לייבל לעוו און לייזער פּאַנטשאַק בראָש. אין אַ שלאַכט מיט אַ גרופּע דייטשן ווינטער 1943 זענען געפאַלן אַ סך ראַדזינער, צווישן זיי אויך לייזער פּאַנטשאַק. לייבל לעוו און אַנדערע ראַדזינער איז דאַן געלונגען צו אַנטלויפן און איינאָרדענען אַן אַנדערן בונקער. די גרופּע האָט אָפּערירט אין דאָזיקן געגנט ביז זומער 1944, דעם זומער פאַר דער באַפרייאונג אָבער זי איז ליקווידירט געוואָרן דורך די פּוילישע אַנטיסעמיטישע פּאַרטיזאַנער „אַרמיא קראַיאָווא" (א. ק.).

אַ סך ראַדזינער יידן האָבן אויך געקעמפט אין פאַרשידענע פּוילישע און אוקראַינישע געגנטן, וווּהין דער שיקזאַל און די אומשטענדן האָבן זיי פאַרטראָגן. אַזוי האָט אין ווילנער קרייז גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל דינה ראָזנוואַלד; לײַדער זענען מיר נישט באַקאַנט די פּרטים פון איר טעטיקייט.

אַ גרויסן אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג — אין פאַרשידענע פּוילישע געגנטן האָט אויך גענומען, דער אין תּל־אביב טראַגיש־אומגעקומענער, דורך אַ פאַרקער־אומגליק, יעקב פּאַנטשאַק. נאָך דער באַפרייאונג איז ער באַלוינט געוואָרן דורך דער פּוילישער רעגירונג מיט גרויסע אויסצייכענונגען פאַר זיינע העלדן־טאַטן. אויך אין פּוילישן מיליטער האָט ער פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט.

אַן אָנפירנדע ראָל ביי די פּאַרטיזאַנער אין אוקראַינע האָט פאַרנומען דער ראַדזינער משה אגמאַן. די דייטשן האָבן באַשטימט אַ גרויסע געלט־פּרעמיע פאַר זיין קאָפּ און ער איז, צום באַדויערן, געכאַפּט געוואָרן; ער איז אויפגעהאָנגען געוואָרן און דריי טעג נאָכאַנאַנד איז זיין קערפּער געבליבן הענגען.

אַזוי האָבן ראַדזינער יונגע יידישע העלדן באַגעשטייערט מיט זייער בלוט, וואָס זיי האָבן פאַרגאָסן אין די פּוילישע וועלדער, צום געראַנגל מיט דער דייטשער בעסטיע. זייערע מעשים וועלן איינגעקריצט ווערן אינעם פאָלקס־זכרון אויף אייביק.

שפרה לב (תל־אביב)

# לייבל לעוו — פירער פון א ראדזינער פארטיזאנער־גרופע

לייבל לעוו — געבוירן אין ראדזין אין 1912. די קינדער־יאָרן געלעבט אין פוילישן דאָרף פאשקי, נעבן ראדזין. שפעטער אין ווארשע, ווו ער איז טעטיק אין די ארבעטער־רייען באזונדערס אין לעדער־פאריין; געוועזן אנגעזען און באליבט אין די פראָלעטארישע קרייזן.

א גאנץ לעבן האָב איך זיך צוגעקוקט צו מיין ברודער לייבל לעוו פון דער נאָענט און אים באוואונדערט, ווי א געשטאַלט געקומען פון דער ווייט — אויסערלעך און אינערלעך ווי פון בראָנז אויסגעהאקט, גראַדליניק, ערלעך און מוטיק אין טראכטן ווי אין מעשים. ווי קומט עס — פלעג איך טראכטן — צו אָט דעם באשיידענעם בחור, אויפגעהאָדעוועט אין א קליין פויליש דאָרף, אזא אינערלעך רייכע וועלט, אזא זעלבסטווירדע, אזא שטאָלץ? שפעטער, דער עיקר די לעצטע חדשים, אין יענע פינצטערע לאנגע נעכט פון סוף 39־טן יאָר, און מוראדיקע נעכט פון חשבון־הנפש, האָב איך אים נאָך טיפער דערקענט. איך בין איבעראַשט געוואָרן פון זיין גלויבן, פון זיין רעוואָלוציאָנערער באגייסטערונג, ווי אויך פון זיינע אומגעהויערע ליידן פארן גורל פון זיין געפייניקט פאָלק.

דעריבער, ווי פינצטער עס איז מיר געוועזן צו פארלירן אזא ברודער, האָט נאָך דערצו געפייניקט דער געדאַנק: איז עס מעגלעך, אז אויך ער האָט זיך געלאָזט פירן ווי שאָף צו דער שחיטה?... איז טאקע געוואָרן פאר מיר א טרייסט און דערמוטיקונג דאָס דערוויסן זיך, אז מיין וואונדערלעכער ברודער האָט דער־האלטן זיין שטאָלץ און מענטשלעך געשטאלט ביזן סוף; אז ער איז געוועזן טעטיק אלס פארטיזאַן אין די ראדזינער וועלדער ביזן 43־טן יאָר; אז אויף זיין חשבון איז צו פארצייכענען פיל העלדישע מעשים...

און אָט וואָס עס דערציילט וועגן אים פייגעלע פאנטשיק, דאַן אלט געוועזן 14 יאָר:

„אין נאָוועמבער 1942 האָט מען צוזאמענגענומען אלע יידן פון ראדזין צו דער שול און מען האָט זיי אוועקגעשיקט קיין מעזריטש; געבליבן זענען בלויז 200 יידן, וועלכע האָבן געארבעט אויף דייטשע פלאצוווקעס. אויך איך בין איבערגע־בליבן און געוועזן נאָך א חודש־צייט צוזאמען מיט מיינע פעטערס גרשון העניך פאנטשיק און הערשל פאנטשיק מיט זייערע משפחות. אין יענער צייט איז געקו־מען צו אונז פון וואלד אונזער קוזין לייבל לעוו, מיט א ביקס אויפן אקסל — ער איז שוין א לענגערע צייט געוועזן ביי די פארטיזאַנער — און האָט אונז אלעמען גערופן אין וואלד... ער איז געוועזן מוטיק און זיכער, אז מיר וועלן אויסהאלטן.

ער האָט דערציילט, אז זיי זענען א גרעסערע גרופּע מיט געווער און אז זיי פירן דורך וויכטיקע אקציעס. צוזאמען מיט אים האָבן מיר באשלאָסן, אז ער זאָל קומען נאָך אונז פאר דער לעצטער „אויסזידלונג". צו דער באשטימטער צייט זענען טאקע אוועק מיט אים אין וואלד אריין גרשון־העניך פּאַנטשיק, לייזער פּאַנטשיק, אברהמעלע און בערל פּאַנטשיק פון פּאשקע, צוויי ברידער טונקלשווארץ און נאָך א סך ראדזינער יינגלעך.

פאר מיר האָבן זיי געשאפן א בונקער ביי א פּאָליאַק אין דאָרף בראניץ; דאָרט האָב איך אויך געטראָפן גדליה גאָלדוואסערס פרוי. נאָך א קורצער צייט האָט דער פּאָליאַק אײַ צוגענומען, כלומרשט אין א צווייטן בונקער אריין, און אין עטלעכע טעג ארום האָט מען מיך אויך געזאָלט אריבערפירן צו דער דאָזיקער פרוי. איינמאָל, א זונטיק אינדערפרי, ווען דער פּאָליאַק איז אוועק אין קלויסטער אריין, איז צו מיר אריין זיין מוטער, אן אלטע פרוי, און מיט טרערן מיר געזאָגט: „אנטלויף מיין קינד, וואָס שנעלער, ווייל מען וויל דיך היינט דערטרינקען אין טייך, ווי זיי האָבן דערטרונקען יענע פרוי; איך קאָן נישט קומען אויף יענער וועלט מיט אזא זינד אויף דער נשמה".

כ'האָב שוין גאָרנישט געהאַט קיין געלט, אלץ האָט מיר דער פּאָליאַק שוין געהאַט צוגענומען, נאָר איך בין גלייך אנטלאָפן, נישט ווי סנדיק קיין וועג. אזוי בין איך אנטלאָפן ביזן שטעטל וואהין און פון דאָרט קיין מעזריטש, אין געטאָ. דאָרט האָב איך געטראָפן גרשון פּאַנטשיקס פרוי, חוה קאַץ; אויך זי איז געווען באהאלטן אין א בונקער, נאָר דער פּאָליאַק האָט זי ארויסגעיאָגט. נאָך 6־7 חדשים איז אויך צוריקגעקומען גרשון פון די פּארטיזאנער און איז פארבליבן אין געטאָ פארבינדנדיק זיין גורל מיטן גורל פון זיין פרוי און קינדער. ער האָט אונז דאָן פיל דערציילט וועגן די העלדישקייטן און אויפטוען פון אונזער לייבל לעוו.

פון מעזריטש האָט מען אונז אוועקגעשיקט קיין מיידאנעק. דאָרט האָט מען גלייך אומגעבראכט חוה קאַץ מיטן יינגערן קינד. מיך מיט חנהלען — זייער עלטערע טאָכטער — האָט מען איבערגעשיקט קיין אוישוויץ. דאָרט איז חנהלע קראנק געוואָרן אויף טיפוס; מער האָב איך זי שוין נישט געזען. איינמאָל, גייענדיק דאָרט צו דער ארבעט, האָב איך צופעליק באגעגנט גרשון העניכן אין א שוידערלעכן מצב — אויסגעזען ווי א שקעלעט, ער איז קוים געגאנגען. ער האָט ביי מיר געבעטן א שטיקעלע ברויט, נאָר ליידער, האָב איך נישט געהאַט. זיינע לעצטע ווערטער צו מיר זענען געווען — „האלט זיך!".

און צביה פּאַנטשיק, הערשל פּאַנטשיקס פרוי דערציילט:

„אין 1942 איז אונזער קוזין לייבל לעוו געווען באהאלטן ביי זיין שול־פריינט, א פּאָליאַק אין דאָרף פּאשקע. מיר האָבן אים געשיקט ביסלעך עסן און וועש, אָבער עס איז אים נמאס געוואָרן צו זיצן באהאלטן. האָט ער זיך דאָן פארבונדן

מיט פּאַרטיזאַנער אין וואַלד און איז צו זיי אוועק. עטלעכע מאָל איז ער נאָך דעם געקומען קיין ראַדזין און גערופן די יוגנט צו גיין אין וואַלד אַריין און פיל זענען טאַקע מיט אים אוועק. פאַר דער לעצטער אויסזידלונג האָב איך זיך באַהאַלטן אין אַ בונקער, ביי אַ קאָלאָניסט אין דאָרף בראָסאָווע, ביים וואַלד.

לייבל לעווס גרופּע האָט אין דער צייט דורכגעפירט פאַרשידענע אַקציעס. וועגן איינע אַזאַ אַקציע ווייס איך גענוי: די גרופּע האָט „אַרויסגעפירט" צוויי פערד ביי אַ געוויסן רייכן פויער פּאַשקאָווסקי. די גויים האָבן דאַן אויסגעגעבן זייער פּלאַץ און די ס. ס. האָט זי געפּאַקט נעבן דאָרף ביאַלקע, נאָענט צו ראַדזין עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ שטאַרקער קאַמף. עס זענען געפאַלן דייטשן. פון די פּאַרטיזאַנער איז דעמאָלט געפאַלן לייזער פּאַנטשיק; די איבעריקע איז געלונגען צו אַנטלויפן.

צו מיין „בעל הבית" אין שטוב, ביים וואַלד, פלעגן זיך אָפט צוזאַמענקומען פוילישע פּאַרטיזאַנער פון די אַנטיסעמיטישע א. ק.־אָפּטיילונגען. ליגנדיק אין מיין באַהעלטעניש, אין קעלער אונטער דער שטוב, פלעג איך מיט אָנגעשפּאַנטע נערוון זיך צוהערן צו אַלץ, וואָס זיי רעדן. אין אַ געוויסן טאָג, נאָוועמבער 1943, האָבן מיר אונטערגעהערט, ווי די שקצים פון די א. ק. טרינקען און דערציילן מיט פרייד, אַז עס איז זיי שוין געלונגען צו ליקווידירן אַלע יידישע פּאַרטיזאַנער פון פּאַשקע (אַזוי האָט מען גערופן די ראַדזינער פּאַרטיזאַנער — אויפן נאָמען פון דעם האָרף, ווו זיי האָבן זיך אין אָנהויב אויפגעהאַלטן) און אויך דעם העלד לייבל לעוו האָבן זיי געהרגעט. און זיי האָבן ווייטער דערציילט: ווען זיי האָבן אַנטדעקט זייער באַהעלטעניש אין וואַלד, האָבן זיי געפאָדערט ביי די יידן, זיי זאָלן זיך אונטערגעבן, אָבער יענע האָבן עס קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ שווערער קאַמף און אַלע יידישע פּאַרטיזאַנער זענען אומגעקומען, אויפגעריסן געוואָרן מיט גראַנאַטן..."

אַזוי האָט געלעבט און אַזוי איז אומגעקומען מיין איינציקער ברודער לייבל לעוו.

# די שארית הפליטה פון ראדזין

## אין וועג צו איר היימלאַנד ישראל און אנדערע לענדער

(לויט מאַטעריאַלן פון צבי ליבערזאָן)

פרילינג 1945. די קאַמף־ליניע רוקט זיך אַלץ טיפער אין דער דייטשער טע־ריטאָריע אריין און די פוילישע געביטן ווערן אַלץ שיטערער פון סאָוויעטישן מיליטער; די סאָוויעטן גרייטן די גרויסע אָפענסיווע אויף בערלין, כדי צו דער־לאַנגען דעם לעצטן קלאַפּ דעם היטלעריזם.

די רוסישע פליער־אָפּטיילונג, וועלכע האָט סטאַציאָנירט אין ראַדזין אויפן אַעראָדראָם פון דער מאַריאַנקע־פאָרשטאָט, זענען איבערגעשיקט געוואָרן אויף מערב; אין שטאָט זענען נאָר פאַרבליבן יחידים פון סאָוויעטישן מיליטער. די רעאַקציאָנערע פוילישע אונטערערד־אָרגאַניזאַציע ווי אויך די פּאַרטיזאַנישע „אַרמיא קראַיאָווא" האָבן אויסגענוצט די סיטואַציע און פאַרשטאַרקט די מלחמה קעגן די רעשטלעך יידן, וועלכע האָבן איבערגעלעבט דעם גרויסן שטורעם און געווען צעשפּרייט איבער שטעט און שטעטלעך.

און אַ גרויסער פּחד איז געפאַלן איבער די געציילטע יידן אין ראַדזין. פאַר זייערע אויגן האָט געשוועבט דאָס טרויעריקע בילד פון די באַר־וואָס דערמאָרדע־טע זיבן יידן אין שטעטל וואהין, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן פון די אוי־בנדערמאָנטע פוילישע מערדערס. און ווידער איז די אומגעגנט אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַ נייעם מאָרד איבער יידן, דאָסמאָל אין טשעמערניק; צווישן די




הכו את היהודים

שלאָג יידן!

אומגעבראכטע איז אויך געווען דער ראדזינער הערשל פּאַנטשאַק.

דאָס לעבן פון די יידן אין לובלינער געגנט איז געוואָרן אלץ אומזיכערער און שווערער. די פוילישע אונטערערד־אָרגאניזאציע האָט פארוואנדלט די גאנצע אומגעגנט אין א פּאַרטיזאַנישן שלאכט־פעלד, באזונדערס פאר די יידישע פארוואָרפענע שטעטלעך. פּארטשעוו, וואהין און טשעמערניק זענען געוואָרן צוריק יידנריין און אויך פון לוקאָוו האָבן יידן אָנגעהויבן אנטלויפן. דאָס איבערפאָרן פון איין שטאָט אין דער צווייטער איז געווען לעבנס־געפערלעך; די פוילישע באנדיטן פלעגן ארויפנעמען יידן פון די אויטאָס און פון די באנען און זיי דערשיסן. אויף די וועגן האָבן זיך באוויזן אויפשריפטן: „בי זשידא" (שלאָג דעם ייד) — אפנים, אז די אלע מיליאָנען קרבנות פון פוילישן יידנטום איז נאָך געווען ווייניק. און עס איז פלוצים קלאָר געוואָרן פאר די איבערגעבליבענע יידן — עס איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט צו בלייבן אין פוילן און מען מוז נעמען דעם וואנדערשטעקן אין האנט.

און פון דעם גאנצן לובלינער ראיאָן האָבן זיך די יידן אָנגעהויבן איבערטראָגן אין דער ריכטונג פון שלעזיע — און די נאָר־וואָס פארנומענע דייטשע געביטן. דאָרט איז געווען א סך סאָוועטיש מיליטער און דאָס לעבן איז געווען זיכער. א סך יידן האָבן זיך אויך באזעצט אין ווארשע. פיל האָבן זיך אויך געלאָזט אויף אן אומלעגאלן וועג קיין איטאליע, כדי פון דאָרט צו דערגרייכן קיין ארץ־ישראל.

אין דער ריכטונג פון די אויבנדערמאָנטע דייטשע געביטן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אויך די יעניקע פוילישע יידן, וועלכע האָבן איבערגעלעבט אין רוסלאנד — אזוי, אז די גאנצע שארית הפליטה פון פוילישן יידנטום (אויך פון ראדזינער יידנטום) האָט זיך קאָנצענטרירט אין די דאָזיקע פויליש־דייטשע געביטן, און הויפּטזעכלעך אין לאָדזש, שטשעטשין און דזשערזשאָניוו.

אהער האָבן אויך אָנגעהויבן אָנקומען בריוו פון דער גאנצער וועלט. פון רוסלאנד, אמעריקע און ארץ־ישראל האָבן געשטראָמט די פראגן וועגן איבערגעבליבענע קרובים ווי אויך די שנעל געשיקטע הילף פאר די איבערגעבליבענע.


לאנדסלייט פון ראדזין־פּאדלאסקי אין פוילן און אין אנדערע לענדער, געזוכט פון ראדזין־פּאדלאסקי רעליעף אין ניו־יארק, ווענדן זיך:
**J. Greenblatt**
1357 Boynton Ave.
Bronx, 59, N. Y.

## אינפורמציה באמריקה

## אינפאָרמאציע אין אמעריקע

פון דאנען זענען אויך ארויס די ערשטע הילפס־געשרייען פון דער שארית הפליטה.

אין לאָדזש האָט זיך דאן געגרינדעט א קאָמיטעט פון די ראדזינער יידן וועלכער האָט קודם געשאפן א זעלבסט־הילף־פאָנד און נאכהער זיך געשטעלט אין קאָנטאקט מיט דעם ראדזינער רעליעף אין ניו־יאָרק. די ראדזינער יידן אין אמעריקע (אין זייער שפיץ זענען געשטאנען דער נישט־לאנג פארשטאָרבענער יעקב גרינבלאט און יבדל לחיים ארוכים ה׳ מענדל ליכטנשטיין) האָבן זיך הייס אָפגערופן און געהאָלפן מיט אלעם, וואָס עס איז מעגלעך געווען. ענלעכע קאָמי־טעטן ווי אין לאָדזש האָבן זיך אויך געגרינדעט אין דזשערזשאָניוו און שטשעטשין.

— • —

לאָדזש און אומגעגנט האָבן נאָר געדינט אלס צייטווייליקער אָאזיס — און דער שטראָם פון די רעשטלעך פון פוילישן יידנטום און ראדזין בתוכם, איז געגאנגען קיין דייטשלאנד, וועלכע איז שוין געווען פארנומען דורך אמעריקע און ענגלאנד. די יידן האָבן זיך דאָרט קאָנצענטרירט אין די לאגערן מיט דער האָפענונג צו געפינען פון דאנען דעם וועג קיין ישראל. די ראדזינער יידן (אומ־געפער 100 נפשות) האָבן זיך הויפטזעכלעך גרופירט אין באדרייכנהאל און אולם.

— • —




האזכרה בעיר אולם

די טרויער-פארזאמלונג אין אולם

דעם 6־טן מאי 1947 האָבן זיך צונויפגעטראָפן כמעט אלע ראדזינער יידן אין דייטשלאנד אין דער שטאָט אולם אויף אן אזכרה פון די אומגעקומענע. רירנד און מיט טרערן אין די אויגן איז די דאָזיקע ערשטע באגעגעניש פאָרגעקר־מען. פיל פון די אָנטיילנעמער האָבן זיך געטראָפן דאָס ערשטע מאָל נאָך דער מוראדיקער מלחמה און שחיטה. די טרויער־רעדע האָט געהאלטן הערשל ליבער־זאָן און דער חזן האָט געמאכט דעם אל מלא רחמים. ווען די פארזאמלטע דער־הערן די צאָל פיר טויזנט ראדזינער אומגעקומענע, ברעכט אויס א שטארק געוויין,




ע״י שולחן הנשיאות — ביים פרעזידיום-טיש
אל מלא רחמים

וואָס קיינער וויל נישט און איז נישט בכוח עס צו בארויקן.

א יאָר שפּעטער איז פאָרגעקומען די צווייטע אזכרה אין באד־רייכנהאל. צו דער דאָזיקער אזכרה זענען שוין געקומען ווייניקער ראדזינער, ווייל א סך האָבן שוין דעמאָלט פארלאָזט דייטשלאנד, אויפן וועג צו נייע היימען.

אין יאָר 1949 פארלאָזן די לעצטע ראדזינער דייטשלאנד (צוויי ראדזינער יידן מנחם אפּלבוים און מנחם ניסנקערן ז״ל זענען געשטאָרבן אין דייטשלאנד) מיט א קללה אויף די ליפּן. מען לאָזט זיך קיין ארץ־ישראל דורך פארשידענע וועגן און אומוועגן. א סך זענען צעזרשט פארשיקט געוואָרן אויף דעם אינדזל ציפּערן. אָבער צום סוף געפונען כמעט אלע דעם וועג קיין ישראל.

און מיט א ברכה אין הארץ איז די שארית הפליטה פון ראדזינער יידנטום אָנגעקומען אהיים.

## ליסטע פון שארית הפליטה, וועלכע האָט זיך קאָנצענטרירט אין דייטשלאנד:

1) אבמאן וואָלף
2) אבמאן פרידא
3) איגעלניק גאָלדע
4) אפלבוים יאנקל




הספד

5) אפלבוים הענעך
6) אפלבוים מנחם
7) אפעלויג יוסף
8) אפלויג בלומע (פישבוים)
9) אפעלויג זעליג
10) אפעלויג ישראל
11) אקעראייזן יצחק
12) אקעראייזן פייוול
13) אקעראייזן אברהם
14) בארגער מאָטל
15) בוטמאן יואל
16) בלומענקאָפּ זלאָטע
17) בלומענקאָפּ שרה
18) בלומענקאָפּ מאניע
19) בערמאן רעגינא
20) גאָלדבורד לייבל
21) גאָטעסדינער ישראל
22) גאָטעסדינער חיה
23) גאָטעסדינער שרה
24) גאָלדוואסער יוסף
25) גראדאָווטשיק לאה
26) גרינבערג דאָרא
27) גרינבערג טעטשע (זילבערבערג)
28) גריטדלאנד חנה
29) גריצמאכער שיימע
30) האָראָוויץ באשע (וואָרעמבער)
31) הימלבוים בנימין
32) הירשביין יצחק
33) הירשביין יאָסל
34) הירשביין מרים
35) הירשביין רחל
36) הירשביין פאָלא



האזכרה בעיר בד-רייכנהל
די טרויער-פארזאמלונג אין באד-רייכנהאל

37) הערבסט מענדל
38) וואגאַנסקי אייזיק
39) וואָלאָווסקי מלכה (בוראק)
40 )וואסערשטראָם ישראל
41) וואסערשטראָם מנוחה (פלייסיק)
42) ווייסגראַז נחמיה
43) ווייסגראַז רחל
44) ווייסגראַז מלכה
45) ווייסמאַן פראדל
46) וויצמאַן איטקע (גאָלדוואסער)
47) ווייסאָקא ביניע (שולמאַן)
48) וורובעל שיע
49) וורובעל ליבע (פלייסיק)
50) וורובעל צביה (שולמאַן)
51) זאלצשטיין זאנוול
52) זאלצשטיין מרדכי
53) זילבערמינץ יאנקל
54) זילבערשטיין חיים
55) זשעלאָניקוויאט בעריש
56) טורקלטויב יאָסל
57) טענענבוים צביה (אפלבוים)
58) טענצער גוסטא (פינקלשטיין)
59) לאסט ברכה (פייגנבוים)
60) ליבערזאָן הערשל
61) ליבערזאָן רחל (ארטשטיין)
62) ליבערזאָן צביה
63) ליבערזאָן זעליג
64) לייכטער יוסף
65) לעווין טאָבע (בראניצקא)
66) מוראוויעץ רחל (זיסמאַן)
67) מיגדאל פייוול
68) מיטלבאך לאה (אפעלויג)
69) מיצנמאכער שלום

70) נוסבוים משה־הערש
71) סודבערג פראניא
72) סודבערג חנה
73) סודבערג יענטע
74) פאסטערנאק אזשע
75) פארביאזש ליבער
76) פיין שרה
77) פיינבוך ברכה (ארטשטיין)
78) פלייסיק דבורה (לערנער)
79) פלייסיק מיכאל
80) פלייסיק ליפע
81) פרידמאַן צביה (זיסמאַן)
82) פרידמאַן משה
83) פרעטער רחל
84) קאגאַן שאָשע (גאָלדשטיין)
85) קאַרמאַן סענדער
86) קופערוואסער דבורה
87) קופערשמיד משה
88) ראָווניאַק לייבל
89) ראָווניאַק הערצקע
90) ראָזנבוים לוי
91) ראָזנבוים ????
92) ראָזנבלום פרץ
93) ראָטשטיין חיים
94) רובינשטיין יאָסל
96) רובינשטיין סימע (ווייסגראַז)
97) שולמאַן ישראל
98) שטשופאַק יוסף
99) שמיעטאַנקע נחמיה
100) שמיעטאַנקע דוד
101) שמיעטאַנקע חנה (ראָזנבוים)
102) שענקער שפרינצע

**אריה לאזער** (תל־אביב)

# וועגן משה׳לעך, שלמה׳לעך און א לעבן וואס פארביי

דאָרטן אונטער גריניקע בוימעלעך
מער שפילן ניט משה׳לעך, שלמה׳לעך.
ס׳איז משה פון לאנג שוין אין וואלד גאָר אוועק,
און שלמה דערגרייכט האָט א גאנץ נייעם ברעג.
נאָר לאָמיר דערציילן דאָ אַלעס פונסניי,
וועגן משה׳לעך שלמה׳לעך און א לעבן וואָס ס׳פארביי.
געווען איז דאָס שטעטל מיט שטעטעלעך גלייך,
מיט וואלד עס געגארטלט און אין מיטן א טייך
און לאָנקעס אַרום אים וואָס ציען העט ווייט
ביז צעוואקסענע פעלדער דורך פויער פארזייט —
מיט גערטנער, סעדער און סאדאָווניקעס יידן,
מיט מארק־טעג יעדן מיטוואָך און געפּראָפּטע יארידן;
פול פויערישע וועגנער, באלאָדנטע שווער,
און סחורה אויף סטראגאנעס פאר יעדנס באגער,
מיט תבואה־הענדלער פלינקע, פייער און פלאם,
און האָרעפּאשנע בעל־עגלה׳ס, א געזונטער שטאם;
א שטעטל מיט יידן בעל מלאכה׳ס, גאָר קנאפּע נגידים,
א רבנישער הויף, א רבי מיט חסידים,
און א יוגנט וואָס ענג זיי דאָס שטעטל און קליין
און רייסט זיך אין וועלט אין דער גרויסער צו גיין —
העיקר, געווען איז ראדזין אי פריי און אי פרום,
א שטעטל ווי אנדערע שטעטלעך ארום.
און דאָ וועלן מיר לאָזן דאָס שטעטל אין זייט,
און וועגן צוויי נאָר דערציילן אין א שטורמישער צייט.

ס׳האָט מיט משהן דאָס לאנד נישט געקלינגען,
וועגן אים קיין לעגענדעס דערציילט און אין ליד ניט באזינגען;
ס׳האָט קיינער ביז היינט אים קיין דענקמאָל געשטעלט —
און דאָך, געווען צווישן העלדן איז משה א העלד.
ס׳זענען קינדער־יאָרן זיינע געפלאָסן פארביי,
מיט זומערן הייסע, מיט הערבסט און מיט שניי.
אָט זיצט ער אין חדר איבער רשי פארטראכט,

ס׳ציען לאנג זיך די שעהן ס׳פאלט צו שוין די נאכט,
און מענדל הערש ליפעס, דער רבי, צי קאָן ער פארשטיין,
אז חוץ חומש און רשי איז דרויסן אזוי שיין,
און אז א שווים טון ביים מידלארניק איז מחיה׳דיק טייער,
אָדער גוט איז אויף לאָנקעס א יאָג טון א פרייער,
א פאלאנט צו שפילן אויף ליידיקן פעלד —
אפילו די פילקע פון שמאטעס (אויף פילקעס גיבן טאטעס קיין געלט).
איר טרעפט אים נאכער מיט באלעבאטישע קינדער
אין שול ביי „דוד פישל׳ס״, דאָרט לערנט ער אצינדער,
לערנט תנ״ך און העברעאיש און אנדערע למודים,
גאנץ אנדערע תורות שוין אנדערע ספרים,
(ס׳איז בלאכאָוויטש דאָרט לערער, איבערגעגעבן ביז גאָר,
און אים שוע פרידמאן דערציען העלפט דעם דור).
פון יידישע שולע אין „פאָוושעכנע״ אוועק,
געשלאָגן מיט שקצים זיך, געלערנט דאָרט מיט שרעק,
אזוי פארשווונדן זענען שול־יאָרן און קינדהייט דערנעבן —
ס׳שטייט א יידישער בחור, אויפן ראנד פונעם לעבן.

א יידישער בחור אויפן ראנד פונעם לעבן —
וואָס קאָן ער פארלאנגען, צו וואָס קאָן ער שטרעבן ?
אז קליין איז דאָס שטעטל, און ארום פארפיינט,
א שטיפמוטער דאָס לאנד אים, אָן אָפענער פיינט.
איז זוכט מען פון גאנץ פרי א תכלית א וועג,
אויב מעגלעך פארלויפן, גרויל דראָענדע טעג.
קרייצן זיך וועגן אין שטעטל, צעגייען זיך ווייט.
ס׳זוכט ווער זיין גליק אויף ים׳ס צוריטער זייט,
אין ווייטע יבשות, כאָטש פרעמד און אליין,
לאָזט ער אין וועג זיך אין ווייטן צו גיין ;
ווערט צווייטער באצויבערט מיט בשורה פון לאנד
וואָס געבויט ווערט פאר יידן, דורך יידישער האנט,
און דריטער זאָגט קאמף אָן דער וועלט וואָס איז שלעכט —
גרייט מאָנען מיט כחה אים קומענדע רעכט.
פארלאָזט דאָן דאָס שטעטל האָט משה ; קיין יינגל ביז מער
איז לערנט ער א פאך און ארבעט גאנץ שווער
און ביים ארבעטס־ווארשטאט האָט משה פארנומען

זיין פלאץ צווישן קעמפער, פאר צייט וואָס וועט קומען.
געוואָרפן זיך דאן ער אין לעבנס־ווירוואַר,
עס שרעקט אים קיין הונגער, ער לאכט פון געפאַר
וואָס רינגלט אַרום אים, גייט נאָך זיינע טעג —
ס׳האָט משה געפונען אין לעבן זיין וועג.
און אזוי טאָג נאָך א טאָג און יאָרן פאַרגייען,
ער איז מיט דער מחנה אין די פאָדערשטע רייען.

פון צייטן פאַרגאַנגענע, פון ווייטקייט און וועגן,
דאָס געשטאלט פון ר׳ שלמהן דאן קומט מיר אנטקעגן.
אָט שפאנט ער א פעסטער, דער קאָפּ הויך געהויבן,
עס שפראָצט פון אים כוח, עס שטראַלט פון אים גלויבן.
ער איז עס דער רבי — און זיינע תלמידים
זענען אונזערע טאַטעס, די ראדזינער חסידים,
דער דור, פול יראת שמים און תורה
פון גרויסער אמונה אין אלמעכטיקן בורא,
אין הימלען וואָס פול זענען זיין ליכטיקן נאָמען,
און אין ערד אויסגעלייזטער וועט משיח וועט קומען.
און ביז קומען די צייט וועט פון עחד אויסגעלייזטער,
איז ער, דער רבי — א פאסטוך, ער איז דער טרייסטער;
דער פירער און מאַנער, דער בעטער ביי גאָט,
אויף געזונט און פרנסה פאר זיין עדה, זיין שטאָט.
איז וואָס, אז באהערשט האָט שנאה און האס
און הענגט ווי א שווערד איבער יידישער גאס —
ס׳האָט רבי בטחון, זיין גלויבן איז גרויס,
אז גאָט וועט באשיצן דאָס יידישע הויז
און היטן ישראל, זיין פאָלק, פון שטורעם געוויטער,
ווי א פאָטער זיין קינד, ווי א פאסטוך א גוטער.
פאר אים ארום און ארום איז אלעס הבל־הבלים,
אויסער תפילה און לערנען און הייליקע ספרים.
ס׳איז רואיק דער רבי, ער ווייסט ניט קיין מורא,
אים שיצן די הימלען און די הייליקע תורה.

— ס׳האָט סעפטעמבער בייבאונדרייסיק דאָס שטעטל געוועקט,
מיט אויפרייס פון באָמבעס, מיט טויט און מיט שרעק.

פון דאן — ווי א שאָטן וואָס ווערט קיינמאָל מיד,
איז טויט א באגלייטער, ביזן לעצטן שוין ייד.
צעשפרייט פליגל מיט קרייץ האָט מלאך המות אין מונדיר,
און ווייסט ניט קיין רחמים, קיין גרענעץ, קיין שיעור,
פאר מאָרד און רציחה, פארליידן און פיין,
פון אלט און פון יונג, גרויס, צו גאָר עופלדיק קליין —
און ניטאָ מער ראדזין, ס׳איז קיינער פארבליבן.
אָבער — ניט שטיל איז אין שטעטל, פון חורבות און קברים,
פון פארשניטענע לעבנס און פארברענטע ספרים,
פון טרערן פארגאָסענע, פון וואונד און פון וויי —
עס טראָגט איבער לאנד זיך דער לעצטער געשריי
פון בלוט וואָס עס זידט און ווייסט קיין נחמה
און ביז לעצטן פארבליבענעם ייד, עס שרייט נאָך נקמה!

שטייען פוילישע וועלדער געהילטע אין נאכט,
פון דאָרט פארטיזאנער פירט משה צום שלאכט.
ער האָט זיי געזאמלט, די פון געטאָס אנטרונען,
פון צוגן געשפרונגענע און אין בונקערס געפונען,
און געאָרעמט מיט ביקס זיי, מיט קויל און דינאמיט —
איצט טראָגן זיי פייער און שנאה וואָס גליט,
וואָס צעוואקסן אין הארץ זיך ווי אויף בוימער די צווייגן
און קאָן מער ניט דולדן, שווערט — מער ניט צו שווייגן!
איז טראָגן מיט זיך זיי אונטער פליגל פון נאכט
פאר דייטש אויף די וועגן, פאר זעלנער וואָס וואכט;
פאר באנען וואָס שניידן דורך לאנד ווי מעסער דאָס ברויט —
פאר אלע זיי טראָגן איצט נקמה און טויט!
משה פארטיזאן! געגאנגען דער נאָמען איז מיט אימה אנטקעגן,
באהערשט ווי געשפענסט ער האָט פוילישע וועגן,
געברענט שונא׳ס טריט, אים געריסן פון שלאָף,
געמאָנט און געמשפט, פאראורטיילט און געשטראָפט,
פאר הויז טאטע מאמעס, פאר חרובע שטאָט,
פאר געשענדעטע לעבנס, פאר שאנד און פאר שפאָט.

אין א שטוב אין וולאָדאווע, אין נסיון־פולע טעג,
געזוכט האָט ר׳ שלמה צו הימלען א וועג.

צו הימלען וואָס ליגן געשלאָסן און שטום,
אין אָנבליק פון שחיטה, און אומגליק ארום.
געפאסט שוין תעניתים ער האָט מערערע מאָל,
געוויינט איבער תהילים צוזאמען מיט קהל,
מיט צעבראָכענעם הארץ ער געבעטן גענאָד —
און ס׳איז ניט זיין תפילה דערגאנגען צו גאָט.
א קלײנער נאָר הייפל געבליבן ביים לעבן —
איז וואָס זאָל ער טון, וואָס אן עצה זיי געבן?
וואָס זאָל ער זאָגן דער עדה דער זיינער.
דער רבי ר׳ שלמה, דער לעצטער פון ליינער?
און אין טעג פון געראנגל מיט זיך און מיט גאָט,
דערגאנגען ר׳ שלמה איז פון ענטפער דעם סוד:
אויב גורל איז טויט, איז אומקום, פארגיין —
איז זאָל עין תחת עין, זיין שן תחת שן! — — —
און שוין טראָגט איבער שטעטלעך צו יונג און צו אלט,
עס באפעלט דער ראדזינער — זיך לאָזן אין וואלד!
זיך לאָזן אין וואלד און מיט וואָפן אין האנט,
און צאָלן שונא מיט לעבן זאָל — פאר מאָרד און פאר שאנד!
און זאָל געגרויסט און געלויבט זיין די האנט פון נקמה —
ביז אָטעם פארבליבן, ביז לעצטן הויך פון נשמה!



מערערע יאָרן פון דאן זענען פארביי.
געפאלן איז פוילן און באפרייט פונדאָסניי —
ווידער פול זענען גאסן מיט לעבן און פרייד,
און נעכטיקע וואונדן — עס היילט שוין די צייט.
נאָר איין וואונד פארבליבן — זי בלוטיקט און טריפט,
די וואונד פון דערמאָרדעטן פוילישן ייד.

און דאָרטן אונטער גרינינקע בוימעלעך,
מער שפילן ניט משה׳לעך שלמה׳לעך.
ס׳האָט משהן די וואלד־ערד מיט ליבע באדעקט,
און שלמה איז אויך אויפן עולם־האמת אוועק.

